ראמען ראלאנד

# זשאַן קריסטאָף

## IV. דער אויפשטאַנד

איבערזעצט פון ל. מ. בעניאמין

אונטער דער רעדאקציאָן פון דר. ק. פאַרנבערג



ליטעראַרישער פאַרלאַג, ניו־יאָרק

1921

פריי! ער האָט זיך געפיהלט פריי!... פריי פון אנדער־רע און פון זיך אליין. די נעץ פון ליידענשאפטען וואָס האָט איהם זייט א יאָהר געבונדען, האָט זיך פלוצלונג צור־ריסען. ווי אזוי? ער האָט דאָס ניט געוואוסט. אונטער'ן דרוק פון זיין גאנצען וועזען זיינען די פעדים פאנאנדער־געפאלען. ס'איז געווען איינע פון די קריזיסען פונ'ם מענש־ליכען וואוקס, ווען די שטארקע נאַטורען ווארפען פון זיך אראָפּ העפטיג דעם צופאלענדיגען צודעק פונ'ם פריהערדיגען יאָהר, די פריהערדיגע נשמה וואָס דערשטיקט זיי.

קריסטאָף האָט פריי אויפגעאָטעמט כאָטש ער האָט ניט פארשטאנען וואָס ס'איז פארגעקומען. א שטארקער אייז־קאלטער ווינד האָט זיך אריינגעריסען דורכ'ן גרויסען שטאָט־טויער, בעת ער איז צוריק געקומען, נאָך דעם ווי ער האָט באגלייט גאָטפריעד'ן. דער עולם האָט איינגע־בויגען דעם קאָפּ געגען שטורם. די מיידלעך, וואָס זיינען געגאנגען צו דער ארבייט, האָבען פארדרוסיג געקעמפט גע־גען ווינד, וואָס האָט פון זיי געריסען די קליידער; זיי האָ־בען זיך אויף א מינוט אָפּגעשטעלט אָפּצואָטעמען, די נאָז און די באקען רויט, מיט א צאָרנדיגער מינע. ס'האָט זיך זיי געוואָלט וויינען. קריסטאָף האָט לוסטיג געלאכט. ער האָט ניט געטראַכט פון ד ע ר מאַטערניש. ער האָט געטראַכט פון דער אנדערער מאַטערניש, וואָס האָט איהם נאָר וואָס באפרייט. ער האָט געקוקט אויף דעם ווינטער־הימעל, אויף דער שטאָט, איינגעדעקט אין שניי, אויף די

מענשען וואָס זיינען פאַרביי קעמפענדיג: ער האָט געקוקט אַרום זיך, און זיך: קיין זאַך האָט איהם צו דעם אָמאָליגען ניט צוגעבונדען. ער איז געווען אליין... אליין! ס׳אַרא גליק צו זיין אליין, צו געהערען זיך אליין! ס׳אַרא גליק באַפרייט צו זיין פון זיינע קייטען, פון דער מאַטערניש פון זיינע ערינערונגען, פון דער פאַרפאָלגונג פון געליעבטע און געהאַסטע געשטאַלטען! ס׳אַרא גליק, צום סוף, צו לעבען, ניט צו זיין ־עם לעבען׳ס קרבן, צו זיין דעם לעבען׳ס הערשער!...

ער איז אַהיים געקומען ווייס פון שניי. ער האָט זיך פרעהליך אָפּגעטרייסעלט, ווי א הונט. פאַרבייגעהענדיג נעבען זיין מאַמען, וואָס האָט צוגעקעהרט דאָס פאַר־הויז, האָט ער זי אויפגעהויבען פון דער ערד, מיט איינגעהאַלטענע און ליעבליכע געשרייען. ווי מען מאַכט צו קליינע קינדער. די אַלטע לואיזע האָט זיך געוואָרפען אין איהר זוהנ׳ס אָרעמס. בעת ער איז נאָך נאַס געווען פון דעם צוגעהענדען שניי און איהם גערופען: „גרויסער נאַר“, לאַכענדיג דערביי מיט א גוטען קינדערשען געלעכטער.

ער איז אַרויפגעגאַנגען אין זיין צימער אויף אַלע פיער. ס׳אַרא לאַנגע צייט ער איז געווען פאַרלאָרען! ער האָט א קוק געטאָן אין זיין קליינעם שפּיגעל. זיין האַרץ האָט געציטערט. זיין שמאָל און נידעריג צימער׳ל וואו מ׳האָט זיך קוים געקאָנט אויסדרעהען, האָט איהם אויסגעוויזען ווי א קעניגרייך. ער האָט צוגעשלאָסען די טיר און געלאַכט פון צופרידענהייט. ענדליך וועט ער זיך אליין ווידער געפינען! ס׳אַרא לאַנגע צייט ער איז געווען פאַרלאָרען! ער האָט זיך געאיילט זיך אריינצוואַרפען אין זיינע מחשבות, ווי איי־

נער וואָס וויל זיך באַדען, אין וואַסער אַריין. זיי האָבען איהם אויסגעוויזען ווי א גרויסער טייך, וואָס פליסט ווייט אין דעם בלויליך־גאָלדיגען נעפעל. נאָך א נאַכט פון פיע־בער און שטיקענדיגער היץ האָט ער זיך געפונען ביים ברעג, די פיס געבויגען פונ'ם וואַסער'ס פרישקייט, דער קערפּער געגלעט פונ'ם מאָרגען־ווינטעל. ער האָט זיך אריינגעוואָר־פען שווימען: ער האָט ניט געוואוסט וואָס עס פיהרט איהם און ס'האָט איהם וועניג געאַרט: ער האָט בלויז געפיהלט די פרייד פון שווימען, סתם אזוי, אָהן א ציעל. ער האָט גע־שוויגען, געלאַכט און זיך צוגעהערט צו די טויזענדער קלאַנ־גען פון זיין נשמה: אומצעהליגע באַשעפענישען האָבען אין איהם געלעבט. קיין זאַך איז איהם אבער ניט קלאָר גע־ווען, דער קאָפּ האָט זיך איהם געדרעהט: ער האָט בלויז געפיהלט אין זיך א שטראַהלענד גליק. ער האָט הנאה גע־האַט פיהלענדיג אין זיך אומבאַקאַנטע כחות: ער האָט, פויל, אָפּגעלעגט אויף שפּעטער אויסצופּרואווען זיין מאַכט. ער האָט זיך פאַר'שכור'ט מיט דער גאוה'דיגער באַרוישונג פון זיין אינערליכער אויפבליהונג, וואָס איז חדשים־לאַנג געווען צוזאַמענגעדריקט און האָט אויסגעבראָכען ווי א פּלוצלונגער פריהלינג.

זיין מאַמע האָט איהם גערופען עסען פריהשטיק. ער איז אַרויפגעגאַנגען, מיט'ן קאָפּ פאַרטומעלט, ווי נאָך א גאַנצען טאָג אויף דער פרייער שטאַרקער לופט; אַזאַ פרייד האָט אָבער פון איהם געשטראַלט, אז לואיזע האָט איהם געפרעגט וואָס מיט איהם איז פאָרגעקומען. ער האָט ניט געענטפערט: ער האָט זי אָנגענומען ביי דער טאַליע און זי געצוואונגען זיך דורכצודרעהען א טאַנץ אַרום טיש, וואו די זופּ־שיסעל איז געשטאַנען און אַרויסגעלאָזט א פּאַרע.

לואיזע, סאַפּענדיג, האָט געשריען אַז ער איז משוגע, און צום סוף אַ קלאַפּ געטאָן מיט די הענט.

—„גאָט מיינער!“ — האָט זי אומרוהיג אויסגעבראַ־פּען — „איך קאָן שווערן, אַז ער איז שוין ווידער פאַר־ליעבט.“

קריסטאָף האָט אויסגעשאָסען אין אַ געלעכטער. ער האָט די סערוועטקע געוואָרפען אין דער לופט:

„פאַרליעבט!...“ — האָט ער אויסגעשריען — „אַך! גאָטעניו!... ניין, ניין! שוין גענוג געווען! קאָנסט רוהיג זיין. ס'איז אַ סוף געקומען, אַ סוף אויפ'ן גאַנצען לע־בען!... אויף!...

ער האָט אויסגעטרונקען אַ גרויס גלאָז וואַסער.

לואיזע האָט איהם אָנגעקוקט אַ בארוהיגטע, געשאָ־קעלט מיט'ן קאָפּ, געשמייכעלט:

—„אַ שכור'ס שבועה, אַ טייערע!“ — האָט זי גע־זאָגט. — „ער'ט זי האַלטען ביז'ן אָבענט.“

„נו, גוט, אַז אַזוי פיעל,“ — האָט ער געענטפערט פרעהליך.

—„אודאי!“ — האָט זי געזאָגט. — „וואָס־זשע איז ד אַ ד וואָס מאַכט דיך אַזוי גליקליך?“

„איך בין גליקליך, צופרידען, און שוין!“

מיט די עלענבויגען אויפ'ן טיש אנטקעגען איהר, האָט ער איהר געוואָלט דערצעהלען אַלץ וואָס ער וועט טאָן שפּע־טער. זי האָט זיך צוגעהערט צו איהם, ליעבליך אָבער צווייפלענדיג און איהם שטיל דערמאָנט, אַז די זופּ ווערט קאַלט. ער האָט געוואוסט, אַז זי פאַרשטעהט ניט וואָס ער זאָגט: אָבער ס'האָט איהם ניט געאַרט: ער האָט גערעדט צוליעב זיך אַליין.

זיי האָבן געקוקט איינע אויף די אַנדערע שמייכלענדיג: ער, רעדענדיג: זי, זיך קוים צוהערענדיג. כאָטש זי איז שטאָלץ געווען אויף איהר זוהן, האָט זי ניט שטאַרק געהאַלטען פון זיינע קונסט־פּלענער: זי האָט זיך געטראַכט: „ער איז גליקליך: דאָס איז דער עיקר.“ — און ער, זיך פאַר־שכור'ענדיג מיט זיין רעדען, האָט געקוקט אויפ'ן טייערען ליעבליכען פּנים פון זיין מאַמען מיט איהר שווארצער פאַ־טשיילע צנועה'דיג פארבונדען ארום דעם קאָפּ, אויף איהרע ווייסע האָר, איהרע יוגענדליכע אויגען, וואָס האָבען איהם פארברענט מיט ליעבע, אויף איהר שעהנער און גוטמוטיגער רוהיגקייט. ער האָט פארשטאַנען אקוראַט איהרע געדאַנ־קען. ער האָט איהר געזאָגט שפּאַסענדיג:

—„ס'ארט דיך גאר ווייניג, עה? אלץ וואָס איך דער־צעהל דיר?“

זי האָט געלייקענט, שוואכליך:

„ניין, זאג איך דיר, ניין!“

ער האָט זי געקושט:

—„און איך וויים בעסער, יאַ! געה שוין, געה! דו דארפסט זיך גאָר נישט פארענטפערען. דו האָסט גאָר רעכט! האָב מיך נאָר האָלט! איך דארף נישט מ'זאָל מיך פאר־שטעהן — ניט דו, ניט קיינער. איך דארף שוין, איצט, ניט קיינעם — גארנישט! איך האָב אלץ אין זיך!...“

„נו,“ — האָט לואיזע א מאך געטאָן, — „אָט האָט ער שוין א נייע משוגעת!... נאר מילא, ווי באלד ער מוז האָ־בען א משוגעת, איז שוין בעסער ער זאָל האָבען אָט די.“

אה! ס'אַרא פרעדיג גליק ס'איז זיך אוועקצולאָזען אויפ'ן טייך פון געדאַנק!... ליגענדיג אין א שיפעל, דער קערפער געבאָדען פון דער זון, דער פּנים געקושט פון דעם פרישען ווינטעלע, וואָס לויפט איבער'ן וואסער, ווערט ער אַנטשלאָפען, שוועבענדיג איבער'ן הימעל. אונטער'ן אויס־געשטרעקטען קערפער, אונטער'ן געוויגטען שיפעל, פיהלט ער דעם טיעפען שטראָם; ער טונקט, ווי גלייכגילטיג, איין די האנט. ער הויבט זיך אויף, און מיט'ן פּנים אַנגעשפּארט אָן דעם ראנד פון דער לאָדקע, ווי ווען ער איז געווען א קינד, קוקט ער ווי דאָס וואסער געהט פארביי. ער זעהט דעם אָפּשיין פון משונה'דיגע באַשעפענישען וואָס דרעהען זיך, וואָס פליהען פארביי ווי בליצען... אנדערע און נאָך אַנדערע... קיינמאל זיינען זיי ניט די זעלבע. ער לאַכט פון דעם פאנטאַסטישען בילד וואָס אנטפּלעקט זיך פאר איהם: ער לאַכט פון זיינע מחשבות; ער האָט ניט דעם באַגעהר זיי אָפּצושטעלען אין ערגיץ ניט. אויסוועהלען וואָס? צו וואָס אויסוועהלען וואָס־עס־איז צווישען די טויזענדער חלומות? ער האָט גענוג צייט!... שפּעטער! ווען ער וועט נאָר וועלען, דאַרף ער בלויז אריינוואַרפען זיין נעץ און כאַ־פּען די משונה'דיגע ברואים וואָס שיינען אין וואסער. ער לאָזט זיי פארבייגעהען... שפּעטער!...

דאָס שיפעל געהט, ווי דעם וואַרעמליכען ווינטעל און דעם רוהיגען שטראָם ווילט זיך. אַלץ ארום איז זאָנפטיג, זוניג און שטיל.

פאַרשמאַכטעט צום סוף, לאָזט ער אַראָפּ די נעץ. איינגעבויגענע איבער'ן וואַסער וואָס פליסט לייכט, פאָלגט ער זי נאָך מיט'ן בליק ביז זי איז פארשוואונדען. א פּאָר מינוטען בלייבט ער פאר'חלומ'ט און ציהט זי לאנגזאם צוריק: וואָס מעהר ער ציהט, אלץ שווערער ווערט זי און פאר'ן אַרויסשלעפען שטעלט ער זיך אָפּ, כדי אָפּצואָטעמען. ער ווייסט, אז ער האָט זיין קרבן: ער ווייסט אבער ניט וואָס דער קרבן איז. ער וואַרט כדי צו פארלענגערען דעם פארגעניגען.

צולעצט באשליסט ער זיך: פיש גאָלדיג־באפאנצערטע באווייזען זיך פונ'ם וואסער: זיי וואַרפען זיך ווי א נעסט מיט שלאַנגען. ער קוקט אויף זיי נייגעריג, ער ריהרט זיי מיט'ן פינגער: אָבער ווי זיי זיינען נאָר פונ'ם וואַסער אַרויס פאַרבלייכען זיך זייערע פאַרבען און זיי צוגעהען זיך צווישען די פינגער. ער וואַרפט זיי צוריק אין וואסער אַריין און פאנגט ווידער אָן פישען אַנדערע. עס ווילט זיך איהם בעסער זעהן אלע זיינע חלומות וואָס שטורמען אין איהם, איידער צו באהאלטען וועלכען פון זיי: זיי זעהען איהם שעהנער אוים ווען זיי שווימען פריי אינ'ם דורכזיכטיגען טייך...

ער האָט אויפגעכאפּט אלערליי, איינער משונה'דיגער און זאָנדערבארער פונ'ם אנדערען. זייט חדשים האָבען זיך געדאנקען אָנגעקליבען אין איהם: ער האָט זיי ניט אויסגענוצט: ער איז געשפּרונגען פונ'ם רייכטום וואָס האָט זיך געבעטען אויסצוגעבען. אבער אלץ איז געווען אָנגעוואַרפען:

זיין מח איז געווען א געטומעל, א צומישעניש, א אידישער אנטיקען־געשעפט, וואו עס זיינען געלעגען הויפען־ווייז אינ׳ם זעלבען צימער, די זעלטענע זאכען, טייערע שטאָפען, אייזענוואַרק און שמאַטעס. ער האָט ניט געקאָנט אונטער־שיידען וואָס האָט מעהר ווערט: פון אלץ האָט ער גלייך הנאה געהאַט. עס זיינען געווען טענער און פארבען וואָס האָבען געקלונגען, זיך באַריהרענדיג, ווי גלעקער, הארמאָ־ניען וואָס האָבען געזשומעט ווי ביהנען, שמייכלענדע מע־לאָדיען ווי פון ליעבענדע ליפען. עס זיינען געווען אפשפיג־לונגען פון לאנדשאפטען, פון געשטאַלטען, פון ליידענשאפ־טען, נשמות, פון כאַראַקטערען, פון ליטעראַרישע אי־דעען, פון מעטאַפיזישע אידעען. עס זיינען געווען גרויסע קאָמפּאָזיציאָנס־פלענער, אומגעהייערע און אוממעגליכע, מעטראלאָגיען, דעקאלאָגיען, וואָס ווילען אלץ מאַלען אין מו־זיק און ארומנעהמען וועלטען. עס זיינען געווען כמעט אלע־מאָל, טונקעלע און בליצענדע געפיהלען וואָס זיינען פלוצ־לונג ארויסגערופען געוואָרען דורך א קלייניגקייט: דער קלאַנג פון א שטים, א מענש וואָס איז פארבייגעגאַנגען די גאַס, דאָס פאטשען פונ׳ם רעגען, און אינערליכער ריטם. — א סך פון זיינע פלענער זיינען בלויז באַשטאַנען פון טי־טולען, נעמען: דער גרעסטער טייל האָט בלויז פארמאָגט איינעם אדער צוויי שטריכען — ניט מעהר. ס׳איז גענוג געווען. ווי אלע גאָר יונגע מענשען האָט ער געמיינט, אז ער שאַפט דאָס וואָס ער האָט גע׳חלומ׳ט צו שאַפען.

אָבער ער האָט איז זיך צופיעל לעבען געהאַט, אום זיך לאַנג צופרידענצושטעלען מיט אַט די פאַנטאַזיעס. ער איז מיעד געוואָרען פון די אילוזיעס דאָס ער פאַרמאָגט עפּעס: ער האָט געוואָלט אָנכאַפּען זיינע חלומות. — מיט וועלכען זאָל ער אָנפאַנגען? איינער האָט איהם אויסגעוויזען אַזוי וויכטיג ווי דער אַנדערער. ער האָט זיי געדרעהט און ווידער געדרעהט; ער האָט זיי אַוועקגעוואָרפען און צוריק גענומען... נייז, ער האָט זיי ניט צוריק גענומען; זיי זיינען שוין ניט געווען די זעלבע, זיי האָבען זיך ניט געלאָזט אויפכאַפּען צוויי מאָל: שטענדיג האָבען זיי זיך געביטען; זיי האָבען זיך געביטען אונטער די הענט, אונטער די אויגען, בעת ער האָט אויף זיי געקוקט. ער האָט זיך געמוזט צוּאיילען, ער האָט אָבער ניט געקאָנט: ער איז פאַרמישט געווען פון דער לאַנגזאַמקייט פון זיין אַרבייט. עס האָט זיך איהם געוואָלט אַלץ אַפּטאָן אין איין טאָג, און ס'איז מוראַ'דיג שווער געווען די מינדסטע זאַך אויסצופיהרען. דאָס ערגסטע איז געווען וואָס אַלץ פלעגט איהם נמאס ווערען, ווען ער האָט נאָך געהאַלטען ביים אָנפאַנג. די חלומות זיינען פאַרביי, און ער אויך. בעת ער פלעגט טאָן איין זאַך, פלעגט איהם באַנג טאָן וואָס ער טוט ניט אַן אַנדערע. ס'האָט אויסגעזעהן, אַז ס'איז נאָר גענוג געווען אויסצוקלייבען איינעם פון די שעהנע געגענשטאַנדען, כדי גלייך אין דעם צו פאַרליערען יעדען אינטערעס. און אַזוי האָט איהם זיין רייכטום קיין נוצען ניט געבראַכט. זיינע געדאַנקען זיינען נאָר לעבעדיג געווען אויף ווי פיעל ער האָט זיי

ניט באַריהרט: אַלץ וואָס איז איהם געלונגען צו דערלאַנגען, איז שוין געווען טויט. ס'איז געווען ווי טאַנטאַלוס'עס פּיי־ניגונג: פרוכטען וואָס זיינען געווען ביי דער האַנט און גע־וואָרען שטיינער, ווי ער האָט זיי נאָר אָנגעריהרט; פריש וואַסער, נעבען איהם, וואָס איז פאַרשוואונדען ווי ער האָט זיך נאָר איינגעבויגען צו טרינקען.

כדי צו שטילען זיין דורשט, האָט ער געוואָלט זיך באַ־רוהיגען ביי זיינע שוין־ערבּערטע קוואַלען מיט זיינע אמאָ־ליגע 'קאָמפּאָזיציעס... ס'אַראַ עקעלדיג געטראַנק! ביים ערשטען זופּ האָט ער עס אויסגעשפּיגען מיט כעס. וואָס! אָט דאָס לעבּליכע וואַסער, די לאַנגווייליגע מוזיק, איז זיין מוזיק? ער האָט ווייטער איבערגעלעזען זיינע קאָמפּאָזיציעס. דאָס לעזען האָט איהם דערשלאָגען: ער האָט דערפון גאָר־נישט פאַרשטאַנען, ער האָט אפילו ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי ער האָט זיי געקאָנט שרייבען. ער איז רויט געוואָרען. איין מאָל, בעת ער האָט אָפּגעלעזען אַ זייטעל וואָס איז געווען נאָך נאַרישער ווי די אַנדערע, האָט ער זיך אומגעקוקט צו זעהן צי ס'איז ניט פאַראַן עמיצער אין צימער, און געגאַנ־גען זיך באַהאַלטען דעם פּנים אין אַ קישען, אַזוי ווי אַ פאַר־שעהמט קינד. אָפּט מאָל האָבען איהם זיינע ווערק אויסגע־זעהן אַזוי לעכערליך, אַז ער האָט גאָר פאַרגעסען, אַז זיי זיינען זיינע... „אַה! ס'אַראַ אידיאָט!" פלעגט ער אויסשריי־ען, זיך קאַטשענדיג פון געלעכטער.

אָבער קיין זאַך האָט איהם ניט אַזוי פאַרדראָסען ווי די קאָמפּאָזיציעס וואו ער האָט אמאָל געוואָלט אויסדריקען זיינע לײדענשאַפטליכע געפיהלען: דעם צער אָדער די פרייד פון ליעבע: ער האָט געשפּרונגען אויפ'ן שטול ווי געביסען פון אַ פליג: ער האָט געהאַמערט אויפ'ן טיש מיט דער

פויסט, און זיך געקלאַפּט דעם קאָפּ, ברומענדיג פון כעס; ער האָט אויף זיך גראָב געשריען און זיך גערופען, חזיר, אויסוואורף, נאַרישע בהמה און טראַנטע. א גאַנצע פערטעל שטונדע האָט איהם גענומען דאָס אויסצורעכענען. צום סוף איז ער געגאַנגען זיך אוועקשטעלען פאַר'ן שפּיגעל, פלאַם־רויט פון'ם שרייען, און געזאָגט:

—„קוק, קוק דו קאַליקע איינע, און זעה ס'אַרא עזעל פּנים דו האָסט! איך וויל דיר ווייזען ווי ליגען צו זאָגען, דו שנעק איינער! צום וואסער, פעטער, צום וואסער!

ער האָט זיך איינגעטונקט דעם פּנים אין א גרויסער שיסעל, און עס געהאַלטען אונטער'ן וואסער, ביז ס'האָט איהם אָנגעהויבען שטיקען. ווען ער איז פון דאָרט ארויס, דער פּנים רויט־פּאַרלאָפען, די אויגען ארויס פון'ם קאָפּ און שטאַרק סאָפּענדיג, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן אויפ'ן טיש אָהן אפילו זיך אָפּצואווישען דאָס וואסער, וואָס האָט גערי־נען און געטריפט ארום איהם; ער האָט אָנגעכאַפּט די פאַר־שאָלטענע קאָמפּאָזיציעס און זיי צאָרנדיג צוריסען — נאָ, אויסוואורף דו!... נאָ, נאָ, נאָ!...

דעמאָלסט האָט ער זיך געפיהלט דערלייכטערט.

וואָס עס האָט איהם דער עיקר אויפגערעגט אין די קאָמפּאָזיציעס איז געווען דאָס ליגנערישע. קיין דורכגע־פיהלטעס. פראַזען אויסגעלערנט אויסווייניג, די רעטאָריק פון א שול־איינגעל; ער האָט גערעדט פון ליעבע ווי איינער וואָס איז פאַרבען־בלינד: ער האָט גערעדט ווי פון געהערטעס, איבער'חזר'ענדיג אַלע געוועהנליכע נאַרישקייטען, און ניט נאָר ליעבע, נאָר אַלע ליידענשאַפטען האָבען איהם דערצו געדינט אַלס טעמאַס, אַלס דעקלאַמאַציעס, — און דאָך, האָט ער זיך שטענדיג אָנגעשטרענגט צו זיין אויפריכטיג. —

אבער ס'איז ניט גענוג צו זיין אויפריכטיג: מען מוז עס קאָנען זיין; און ווי אזוי קאָן מען עס זיין, ווען מ'ווייס נאָך גארנישט פונ'ם לעבען? וואס ער האָט דורכגעלעבט אין זעקס חדשים פונ'ם לעבען, האָט איהם אנטפּלעקט די פאַלש־קייט פון זיינע ווערק און האָט געשאפען א גרוב צווישען איהם און זיין פארגאנגענהייט. ער איז יעצט ארויס פון דער פאַנטאַמען־וועלט: ער האָט אין זיך געהאַט אַן אמת־רעאַלע מאָס, ארום וועלכער זיינע געדאנקען זיינען זיך צוזאמענגע־קומען און ער האָט געקאָנט אפּמעסטען דעם אמת און דעם ליגען אין זיי.

דער עקעל, וואס ער האָט געפיהלט צו זיינע אַמאָליגע, אהן ליידענשאפט־געשאפענע קאָמפּאָזיציעס, האָט איהם גע־טריבען (לויט זיין געוועהנליכער נייגונג צו איבערטרייבען) צום באשלום מעהר גאר ניט צו שרייבען, סיידען ער וועט דערצו געצוואונגען זיין פון א ליידענשאפטליכער נויטווענ־דיגקייט; און בלייבענדיג ביי דעם געדאנק, האָט ער גע־שוואוירען אויף תמיד אויפצוגעבען די מוזיק, סיידען די שאפונג וועט צו איהם קומען ווי א דונער־קראַפּט.

ער האָט אַזוי גערעדט, ווייל ער האָט גוט געוואוסט, אַז דער שטורם קומט אָן.

דער דונער פאַלט וואו ער וויל און ווען ער וויל. אָבער עס זיינען פאַראַן געוויסע שפּיצען וואָס ציהען איהם באַזונדערס צו. געוויסע ערטער — געוויסע נשמות — זיינען שטורם־נעסטען: זיי שאַפען שטורמען אָדער ציהען זיי צו פון אַלע זייטען פון האָריזאָנט; און גראָד ווי געוויסע חדשים פון׳ם יאָהר, אַזוי איז אויך אַ געוויסער עלטער פון לעבען אָנגע־זאַפּט מיט עלעקטריציטעט און שאַפט דונער־קראַכען — אויב ניט ווען מען וויל — וועניגסטען צו דער דערוואַרטע־טער צייט.

דער גאַנצער וועזען איז אָנגעצויגען. אָפט, גרייט זיך דער שטורם טעג און טעגוויין. ברעננעדיגע וואַסער־וואָל־קענס באַדעקען דעם בלייכען הימעל. קיין ווינטעלע. עס ווייזט אויס אַזוי ווי די אומבאַוועגליכע לופט וואָלט גע־ברויזט, געזאָטען. די ערד שווייגט, צודריקט, צוטומעלט. דער מח זשומט פון פיבער: די גאַנצע נאַטור וואַרט אויפ׳ן אויסברוך פון דער קראַפט וואָס קלייבט זיך אָן, אויפ׳ן קראַך פון׳ם האַמער וואָס הויבט זיך שווער, כדי פּלוצלונג אַראָפּ־צופאַלען אויפ׳ן אָמבאָס פון די וואָלקענס. טונקעלע, גרויסע הייסע שאָטענס לויפען פאַרביי; אַ פייער־ווינט הויבט זיך אויף; די נערוועז ציטערען איבער׳ן גאַנצען גוף, ווי בלע־טער.. .נאָכדעם פאַלט ווידער אַ שטילקייט. דער הימעל בריהט ווייטער אויס דעם דונער.

פאַראַן אין דעם וואַרטען אַ פרייד־לוסטיגע אַנגסט. כאָטש די אומרוהיגקייט דריקט, פיהלט מען אין די אָדערען אַ פייער וואָס פאַרברענט דעם וועלט־אַל. די פאַר'שכור'טע נשמה זידט אינ'ם אויוועז, ווי ווײַן אין פאַס. טויזענדער זאַמען פון לעבען און טויט ברויזען אין איהר. וואָס וועט דערפון אַרויס? זי, די נשמה, ווייסט עס ניט! אַזוי ווי די טראָגענדיגע פרוי, שווייגט זי, קוקט נאָר אין זיך אַריין, הערט זיך פאַרזאָרגט צו צום אויפטרייסלען פון איהר מוטער־לייב און טראַכט: „וואָס וועט פון מיר געבאָרען ווערען?"

טיילמאָל איז דאָס וואַרטען אומזיסטיג. דער שטורם צוגעהט ניט אויסברעכענדיג; און מ'דערוואַכט מיט אַ שווערען קאָפּ, אַנטוישט, נערוועז, פאַרעקעלט. אָבער דאָס איז בלויז אָפּגעלעגט: דער שטורם וועט דאָך אויסברעכען; אויב ניט היינט איז מאָרגען; וואָס מעהר ער פאַרשפּעטיגט, אַלץ מעכטיגער וועט ער זיין...

אָט איז ער!... די כמאַרעס האָבען זיך אויפגעהויבען פון אַלע באַהעלטעניש־ווינקלען פון דער נשמה. ווי געדיכטע מאַסען, שוואַרץ־בלויע, דורכגעריסען פון שניידענדע ווילדער בליצען, פליהען זיי פאַרביי שווינדלענדיג—שנעל און שווער, פאַרדעקען דער נשמה'ס האָריזאָנט און פאַלען פּלוצלונג מיט זייערע פליגלען אַראָפּ אויפ'ן פאַרשטיקטען הימעל, פאַרלעשענדיג די ליכט. אַ שעה פון משוגעת!... די צאָרניגע אור־קראַפטען ווערען באַפרייט פון דעם שטייג וואו די ג ע־ז ע צ ע ן, וואָס פאַרזוכען דאָס גלייכגעוויכט צווישען גייסט און לעבען, האַלטען זיי איינגעשלאָסען, רעגירען, פאַרמלאָז און קאַלאָסאַל, אין דער טונקעלהייט פונ'ם באַ־

וואוסטזיין. מ׳פיהלט, אז מ׳גוסס׳ט. מ׳וויל מעהר ניט לע־
בען. מ׳וויל נאָר דעם סוף, דעם טויט וואָס באפרייט...

אוּן פּלוצלונג, קומט דער בליץ!...

קריסטאָף האָט געברומט פוּן פרייד.

פרייד, ווילדע פרייד: זון וואָס באַלייכט אַלץ וואָס אַ י ז און וועט ז י י ן, געטליכע פרייד פון שאַפען!... ניטאַ קיין פרייד אַחוץ אין שאַפען. ניטאַ קיין לעבעדיגע באַשעפענישען, אַ חוץ די וואָס שאַפען. אַלע אַנדערע זיי־נען נאָר שאָטענס וואָס שוועבען אויף דער ערד, פרעמד דעם לעבען. אַלע לעבענס־פריידען זיינען נאָר די פריידען פון שאַפען: ליעבע, זשעני, האַנדלונג, — קראַפט־פאַקלען וואָס קומען אַרוים פון'ם זעלבען פייער. אפילו די וואָס קאָ־נען קיין פּלאַץ ניט געפינען אַרום דעם גרויסען קאַמין:— די אַמביציעזע, די עגאָיסטען און די טרוקענע בעלי־תאווה'־ניקעס — פּרואווען זיך אויך דערוואַרמען ביי זיין בלייכען ליכט־אָפּשיין.

שאַפען אין דעם קערפּערליכען אָדער אין גייסטיגען לעבען, מיינט באַפרייט צו ווערען פון'ם גוף'ס תפיסה, מיינט צו זיין ד ע ר ו ו אָ ס מ ע ן אַ י ז. שאַפען מיינט טויטען דעם טויט.

פאַרשאָלטען איז די פרוכטלאָזע באַשעפעניש, וואָס בלייבט אַליין און פאַרלאָרען אויף דער ערד, באַטראַכטענ־דיג דעם אייגענעם פאַרטרוקענטען גוף, און די פינסטערע נאַכט וואָס ליגט אין איהם, פון וועלכער קיין לעבענס־פלאַם וועט קיינמאָל ניט אַרויס! פאַרשאָלטען איז די נשמה, וואָס פיהלט ניט איהר פרוכטבאַרקייט — גרויס מיט לעבען און ליעבע, ווי אַ בליהענדער בוים אין פריהלינג! די וועלט מעג זי באַדעקען מיט כבוד און גליק: זי באַדעקט אַ טויטען.

ווען דער ליכט־בליץ האָט קריסטאָף׳ן געטראָפּען, איז איהם דורכגעלאָפען אַן עלעקטרישער שטראָם דורכ׳ן גוף: ער האָט געציטערט פונ׳ם שלאָף. ס׳איז געווען אזוי, ווי ער וואָלט אין מיטען ים, אין מיטען דער נאכט, פלוצלונג דערזעהן לאַנד. אדער, ס׳איז געווען אזוי, ווי ער וואָלט דער־פיהלט בעת׳ן דורכגעהן א מעננע מענשען, דעם שלאָג פון צוויי טיעפע אויגען. אפט פלעגט עס איהם דורכפליהען נאָך שטונדען־לאַנגע אויסמאטערנישען, וואו זיינע מחשבות האָ־בען זיך פארצווייפעלט געראַנגעלט אין דער פוסטקייט. אבער נאָך אפטער פלעגט עס איהם פארקומען, בעת ער פלעגט גאָר טראַכטען פון אַן אנדער זאַך, רעדען מיט זיין מאַמען אָדער שפּאַצירען אין גאס. אין גאס האָט איהם א געוויסער מענשליכער אפשיי אפּגעהאַלטען ארויסצואווייזען רוישיג זיין פרייד. אין דער היים אבער האָט איהם גארנישט צו־ריקגעהאַלטען. ער פלעגט טופען מיט די פיס. ער פלעגט רוישען ווי א טראָמפּייט מיט נצחון; זיין מאַמע האָט דאָס שוין געוואוסט; זי האָט מיט דער צייט פארשטאַנען וואָס דאָס מיינט. זי פלעגט קריסטאָף׳ן זאגען, אַז ער איז ווי א הוהן וואס האָט נאָר וואס געלעגט אַן איי.

ער איז דורכגענומען געווען פון דעם מוזיקאלישען גע־דאַנק. טיילמאָל האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין אַן אָפּגע־זונדערטער און פאָלקאָמער סטראָף; אפטער אין א גרויסען נעבעל־פלעק וואָס האָט ארומגענומען א גאַנצע קאָמפּאָזי־ציע: דעם געבוי פונ׳ם ווערק, די אַלגעמיינע שטריכען האָט מען געקאָנט דערזעהן דורך א שלייער, וואָס איז דורכגע־

שניטען געווען דא און דארט פון העל־בלישטשענדע שטע־
לען און זיך אפגעזונדערט פון דעם שאָטען ארום ווי קלאָרע
סקולפּטור־ליניען. ס'איז בלויז געווען א בליץ; צומאָל פלע־
גען נאכפאָלגען אנדערע, איינער נאָכ'ן צווייטען; יעדער
האָט באלייכטעט אן אנדער ווינקעל פון דער טונקעלהייט.
אבער געוועהנליך, פלעגט די קאפּריזנע קראפט, נאָך איין
איינציגער, פלוצלונגער אנטפּלעקונג, פארשווינדען אויף עט־
ליכע צייטען אין איהרע געהיימניספולע באהעלטענישען,
לאָזענדיג הינטער זיך א ליכטיגען שטראהל.

דער גענוס פון באגייסטערונג איז געווען אזוי שטארק,
אז קריסטאָף'ן האָט אלעס איבעריגע גענומען אפּעקלען. דער
ערפאהרענער קינסטלער ווייסט גאנץ גוט, אז די אינספּיראַ־
ציע איז זעלטען, און אז דער פארשטאנד מוז פארענדיגען
דאס אינטואיטיווע ווערק; ער לעגט זיינע אידעען אונטער'ן
פּרעס און קוועטשט פון זיי ארויס יעדען געטליכען טראָפּען
וואס פילט זיי אן; — (ער האָט אפילו ניט מורא, אויב נויי־
טיג, זיי איינצוטונקען אין קלאָרען וואסער.) — קריסטאָף
איז געווען צו יונג און צו זיכער מיט זיך, ניט צו פאראכטען
די געמיינע מיטלען. ער האָט געהאט דעם אומעגליכען חלום
צו שאפען, נאָר דאס וואס איז אין גאנצען ספּאנטאַן, אינס־
טינקטיוו. ווען ער וואָלט אומיסנע ניט פארבלענדט געווען,
וואָלט איהם ניט שווער געווען צו זעהן דעם אומזין פון זיין
ציעל. ער האָט, אהן ספק, דעמאָלסט איבערגעלעבט א צייט
פון אינערליכען איבערפלוס, וואו ס'איז ניט געווען קיין
שפּאלט, קיין לעדיגער ווינקעל דורך וועלכע לאנגווייליע אדער
פוסטקייט זאָלען זיך קאָנען ארייננגליטשען. אלץ איז געווען
א מיטעל צו זיין אומערשעפּליכער פּרוכטבארקייט; אלץ
וואס ער האָט געזעהן מיט די אויגען, אלץ וואס ער האָט גע־

הערט מיט די אויערען, אלץ וואס האט געטראָפען זיין טאָג־טעגליכען לעבען: יעדער בליק, יעדער וואָרט האט אין זיין נשמה אויפגעהויבען אומצעהליגע חלומות. אין דעם אומבאַ־גרענעצטען הימעל פון זיין דמיון האט ער געזעהן, פליהענ־דיג, מיליאָנען העל־ווייסע שטערען, טייכען מיט שיינענדע ליכטער. און דאָך אפילו דעמאָלסט זיינען געווען מאָמענטען ווען אלץ איז פּלוצלונג פארלאָשען געוואָרען, און כאָטש די פינסטערניש האט ניט געדויערט, כאָטש ער האט נאָך קוים צייט געהאט צו ליידען פון פארלענגערטע, נשמה־שטיל־שווייגענישען, האט ער דאָך געפיהלט א פארבאָרגענע מורא פאר דער אומבאקאנטער מאכט וואס איז צו איהם געקומען, אוועקגעגאַנגען, וויעדער געקומען, און פארשוואונדען... אויף ווי לאנג דעם מאָל? וועט זי ווען צוריקקומען? זיין שטאָלץ האט דעם געדאנק אָפּגעשטויסען און איהם געזאָגט: „די קראפט, דאס בין איך. אין דער מינוט וואס זי פארשווינדט, פארשווינד איך אויך, — וועל איך מיך טויטען.“ שטענדיג האט ער דאָך ניט אויפגעהערט צו ציטערען; דאס איז אבער אויך געווען א גענוס.

כאָטש אָבער ס'איז, לעת־עתה, ניט געווען קיין גע־פאהר, אז דער קוואל זאל אויסטריקענען, האט שוין קרים־טאָף געקאָנט פארשטעהן, אז דער קוואל איז ניט גענוג צו באַ־פרוכטבארען א גאנץ ווערק. די אידעען זיינען כמעט שטענ־דיג פארגעקומען אין א רויהען שטאנד: מ'האט זיי מיט שווערינגקייט געמוזט ארויסנעהמען פונ'ם אומריינעם טייל, און אלע מאל האבען זיי זיך באוויזען אהן א סדר אדער פאָל־גע, שפּרינגענדיג, אפּגעבראָכען. כדי זיי צו פארבינדען צווי־שען זיך, האט מען געמוזט אריינמישען א טייל פון אויסגע־רעכענטען פארשטאנד, פון קאלטען ווילען וואס זאל זיי צו־

זאמענשמידען מיט א נייעם וועזען. אלס אמת׳ער קינסטלער האָט עס קריסטאָף אויך געטאָן; ער האָט אבער דערצו ניט געוואָלט איינשטימען: ער האָט זיך ווי אומיסנע איינגע־רעדט, אז ער גיט נאָר איבער זיין אינערליכעס, כאָטש ער איז שטענדיג געצוואונגען געווען דאָס איבערצואַנדערשען, כדי עס צו מאכען מעהר־וועניגער פארשטענדליך. — נאָך מעהר: טיילמאָל איז איהם אויסגעקומען אין גאנצען צו פעל־שען דעם זין. ווי שטארק די מוזיקאלישע אידעע זאָל איהם ניט געווען טרעפען, איז איהם דאָך, אָפטמאָל, אומעגליך גע־ווען אויסצודריקען וואָס זי מיינט. די אידעע פלעגט זיך ארויסרייסען פון די אונטערערדישע טיילען פון זיין א י ך, ווייט איבער די גרעניצען וואו דאָס באוואוסטזיין פאנגט אָן, און צו אָט דער עכט־ריינער קראפט, וואָס די געוועהנלי־כע חושים דערפיהלען ניט, האָט זיין באוואוסטזיין ניט גע־קאָנט דערגעהען. אין איהר האָט עס ניט דערקענט די שטי־מונגען, וואָס האבען אין איהם געשטורעמט, די מענשליכע גע־פיהלען וואָס עס אונטערשיידעט און צוטיילט: פריידען און ליידען זיינען פארמישט געווען אין איין ליידענשאפט, אין אַן אומפארשטענדליכער ליידענשאפט, ווייל זי איז העכער ווי דער פארשטאַנד. און דאָך, פארשטאַנען אָדער ניט, האָט דער פארשטאַנד געמוזט שאפען א נאָמען פאַר אָט דער קראפט, זי פארבינדען מיט איינע פון די לאָגישע געבויען, וואָס דער מענש שטעלט אומערמידליך אויף אין זיין מח׳ם ביהן־שטאַק.

און אזוי האָט זיך קריסטאָף איבערצייגט — ער האָט זיך געוואָלט איבערצייגען — אז די פארבאָרגענע מאכט וואָס לעבט אין איהם האָט א באשטימטען זין — א זין, וואָס איז אין איינקלאנג מיט זיין ווילען. דער פרייער

אינסטינקט, וואָס שטורמט אַרויס פון׳ם טיעפען אומבאַ־וואוסטזיין, איז, ווען די געצוואונגען געוועזען זיך צו פארבינדען, אונטער׳ן יאָך פון׳ם שכל מיט קלאָרע געדאנקען וואָס האָבען גאָר קיין שייכות ניט געהאט מיט איהם. אַזאַ ויערק איז בלויז געוועזען א ליגנערישער צוזאמענ־וואוקס פון די גרויסע טעמאס און פלענער וואָס קריסטאָף׳ס גייסט האָט זיך אויסגעמאָלען מיט די ווילדע כחות וואָס האָבען געהאט א גאָר אנדערען מיין — א מיין וואָס איז איהם אַליין אומבאַקאַנט געוועזען.

ער איז געגאַנגען טאַפּענדיג מיט אַ אָראַפּגעלאָזטען קאָפּ, מיטגעריסען פון געגנערישע קרעפטען, וועלכע האָבען זיך אין איהם צונויפגעשטויסען און בלינד אַריינגעוואָרפען אין זיינע אומקלאָרע ווערק אַ שוימיג און מעכטיג לעבען. וואָס ער האָט ניט געקאָנט אויסדריקען, וואָס ער האָט אָבער, מיט אַ פריידיגען שטאָלץ דורכגעפיהלט.

דאָס באַוואוסטזיין פון זיין נייער קראַפט האָט איהם געטריבען געוואַגט צו באַטראַכטען אַלץ אַרום איהם, אַלץ וואָס מ'האָט איהם געלערנט צו עהרען, אַלץ וואָס ער האָט רעספּעקטירט אָהן אַ פאַרוואָס; — און ער האָט אַלץ גע־אורטיילט, געמאָסטען מיט אַ העזה'דיגער פרייהייט. דער שלייער האָט זיך צוריסען: ער האָט געזעהן דעם דייטשען ליגען.

יעדעס פאָלק, יעדע קונסט האָט איהר היפּאָקריטסט־וואָ. די וועלט שפּייזט זיך מיט וועניג אמת און פיעל לי־גענס. דער מענשליכער גייסט איז שוואַך: ער פּאַסט זיך שווער צו צום ריינעם אמת; די רעליגיאָן, די מאָראַל, דער שטאַאַט, די דיכטער, די קינסטלער מוזען איהם ווייזען דעם אמת באַדעקט מיט ליגענס. די ליגענס פּאַסען זיך צו צום גייסט פון יעדען פעלקער־צווייג: זיי אונטערשיידען זיך אין יעדען לאַנד: זיי מאַכען עס אַזוי שווער פאַר פאַר־שיידענע פעלקער זיך צו פאַרשטעהן, און מאַכען עס אַזוי גרינג זיי זאָלען פאַראַכטען איינס דאָס אַנדערע. דער אמת איז דער זעלבער פאַר אַלע: יעדער פאָלק האָט אָבער זיין ליגען, וואָס ער רופט זיין אידעאַליזם; יעדער מענש

אַטעמט איהם איין פונ׳ם געבורט ביז צום טויט: ער ווערט פאַר איהם אַ לעבענס־באַדינגונג; נאַר זשעניען קאָנען זיך פון דעם אַרויסרייסען, נאָך אַ רייהע העלדישע קריזיסען, ווען זיי בלייבען אַליין אין דעם פרייען גייסטיגען וועלט־אַל.

דורך אַן אומבאַדייטענדען צופאַל איז איהם דער ליגען פון דער דייטשער קונסט אַנטפּלעקט געוואָרען. דאָס וואָס ער האָט איהם ביז דעמאָלסט ניט דערזעהן, איז ניט געווען דערפאַר, וואָס ער האָט איהם ניט שטענדיג געהאַט פאַר די אויגען. ניין; ער איז דערצו געווען צו נאָהענט. ער איז ניט גענוג צוריקגעטראָטען. יעצט, בעת ער האָט זיך דער־ווייטערט, האָט זיך דער באַרג פאַר איהם באַוויזען.

ער איז געווען ביי אַ קאָנצערט פון דער שטאָטישער „טאָנהאַלע“. דער קאָנצערט איז פאָרגעקומען אין אַ גרויסען זאַל, וואו עס זיינען געשטאַנען צעהן אָדער צוועלף רייהען קאַפע־הויז טישלעך, — אַן ערך צוויי אָדער דריי הונדערט. אין איין עק איז געווען די ביהנע, וואו דער אָרקעסטער איז געזעסען. ארום קריסטאָף׳ן זיינען געווען אָפיצירען, אויסגעפוצט אין זייערע לאַנגע טונקעלע רעק, — גרויסע ראַזירטע פנים׳ער, רויטע, ערנסטע און בירגערליכע פרויען, וואָס האָבען רוישיג גערעדט און געלאַכט צווישען זיך, ארויסווייזענדיג אַן איבערטריבענע געמיטליכקייט, וואוילע מיידלעך, וואָס האָבען ברייט געשמייכעלט און געלאָזט זעהען אַלע זייערע ציין; און פעטע, באַלעבאַטישע לייט, באַהאַלטען אין זייערע בערד, אונטער זייערע אויגען־גלעזער, און עהנליך צו גוטמוטיגע שפּינען מיט קיילעכדיגע אויגען. יעדעס מאָל וואָס זיי האָבען געטרונקען צו־געזונט, האָבען זיי זיך אויפגעשטעלט מיט אַ רעליגיעזען רעספּעקט; זייערע פנים׳ער און שטימען האָבען זיך אין דער רגע געביטען; ס׳האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי זיי וואָלטען תפילה געטאָן; זיי האָבען זיך איינער דעם אַנדערען אָנגעבאָטען צו טרינקען און אויסגעלעדיגט די בעכערס מיט אַ געמישטער פייערליכקייט און פּאַיאַצעריי. די מוזיק האָט זיך פאַרלאָרען צווישען די אַלע געשפּרעכען און געררוישען פון טעלער און גלעזער. דאָך האָט זיך דער גאַנצער עולם אָנגעשטרענגט צו רעדען און צו עסען שטיל. דער ה ע ר קאָנצערטמייסטער, אַ הויכער, איינגעבויגענער

אַלטער, מיט א ווייסער באָרד, וואס איז איהם אַראָפּגעהאַנ־
גען ווי א צאָפּ, און א לאנגע איינגעבויגענע נאָז מיט אוי־
גען־גלעזער, האָט אויסגעזעהן ווי א פּילאָסאָג. די אַלע טי־
פּען־מענשען זיינען שוין לאנג באקאַנט געווען קריסטאָף'ן.
דעם טאָג אבער האָט ער עפּעס געפיהלט, — ער האָט ניט
געוואוסט פארוואס — אַז זיי זעהן איהם אוים ווי קאַרי־
קאטורען. פאראַן אזוינע טעג, ווען עס ווארפען זיך, פּלוצלונג,
אַהן א שום אורזאַך, אין די אויגען אריין דאָס נאַריש־קאָ־
מישע פון מענשען און זאכען, וואס ווערט גאָר ניט באמערקט
אינ'ם געוועהנליכען לעבען.

דער פּראָגראם פונ'ם אָרקעסטער איז באשטאַנען פון
דער אואווערטיורע פון דער אָפּערא ע ג מ אָ ן ; א וואַלץ
פון וואַלדטויפעל, טאַנהויזער'ם וואַנדערען קיין רוים, ניקאָ־
לאַי'ם אואווערטיורע פון די לוסטיגע ווייבער, דער רעליגיע־
זער מאַרש פון אטאַליע, און א פאַנטאַזיע איבער'ן נאָרד־
שטערן. דער אָרקעסטער האָט ריכטיג און שטיל געשפּיעלט
בעטהאָווענ'ס און ווילד פייערדיג דעם וואַלץ. ביי טאַנ־
הויזער'ס וואַנדערען קיין רוים, האָט מען געהערט דאָס
אויפשטאָפּען פון פלעשער. א פעטער מאַן, וואס איז געזע־
סען ביי א טישעל נעבען קריסטאָף'ן, האָט צוגעקלאַפּט
בעת'ן שפּיעלען „די לוסטיגע ווייבער", און נאָכגעמאַכט
פאַלסטאַף'ן. אַן עלטערע, דיקע פרוי, מיט א העל־בלויען
קלייד און א ווייסען גארטעל, א גאָלדענע פענסנע אויף איהר
צוקוועטשטער נאָז, רויטע אָרעמס און אַן אומגעהייער־
גרויסע טאַליע, האָט געזונגען מיט א שטאַרקער שטים ליע־
דער פון שומאַן און בראַהמס. זי האָט אויפגעהויבען
איהרע ברעמען, געמאַכט פארשטעלטע אויגען, געצוקט מיט
די אויגען־דעקלעך, געשאָקעלט דעם קאָפּ רעכטס און לינקס,

געשמייכעלט מיט א פאַרגליווערטען שמייכעל אויף איהר לבנה'דיגען פנים און אַנגעשטעלט איבערטריבענע העויות וואָס וואָלטען. אַהן דער שטאָלצער עהרליכקייט, וואָס האָט אויף איהר געשיינט, דערמאָנט אַז אַ קאַפּע־קאַנצערט. אַט די פרוי, די מאַמע, האָט געשפּיעלט די ראָלע פון אַ ווילד־שטיפעריש מיידעל, פון ליידענשאַפט, פון יוגענד: און אין שומאַן'ס פּאָעזיע האָט זיך עפּעס דערפיהלט דער אַפּגעשמאַקטער ריח פון אן אם־שטוב. די צוהערערס זיינען געווען אין עקסטאַז. — די אויפמערקזאמקייט איז אַבער פייערליך געוואָרען בעת עס האָט זיך באוויזען דער כאָר „פון די זיד־דייטשען" (זיד־דייטשער מענער ליעדערטאַפעל) וואָס האָט גענומען וואָרקען און ברומען צאַרטע געפיהלפולע ליעדער. אין כאָר זיינען זיי געווען ווי אַ קוואַרטעט: ס'האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי זיי וואָלטען אומיסנע אויסגעמעקט פון זייער זינגען יעדען שפּור פון כאָר־סטיל. זיי האָבען בלויז געזוכט קליינינקע מעלאָדי־עפעקטען, קליינינקע, ליכטע, וויינענדיגע, שטיל־וויינענדיגע טענער־שאַטירונגען, ווי באַראַבאַנען באַגלייטעט, פלוצלונג, פון שרייענדיגע, הילכיגע טרומייטען קלעפּ: עס האָט געפעהלט פולקייט און גלייכגעוויכט, און געהאַט אַ זיסליך־אַפּגעשמאַקטען סטיל. ס'האָט דערמאָנט אַן באַרטאָם'ן.

"לאָז מיר זיין דער לייב. איך וועל ברומען ווי אַ יונג טייבעלע. איך וועל ברומען ווי אַ נאַכטיגאַל."

קריסטאָף האָט זיך, פונ'ם אָנפאַנג, צוגעהערט וואָס אַמאָל מעהר פאַרטומעלט, פאַרגליווערט. דאָס אַלץ איז ניט געווען נייַ פאַר איהם. ער האָט געקענט די קאָנצערטען, דעם

אַרקעסטער, דאָס פּובליקום. אָבער אַלץ האָט איהם, פּלוצ־לונג, אויסגעזעהן פאַלש. אַלץ: אפילו דאָס וואָס איז איהם גאָר געפעלען געווען — די אואווערטיורע פון "ע ג מ אַ ז". וואו די פאַראַדנע אומאָרדנונג און פּינקטליכע באַוועגונג האָט איהם פאַרלעצט ווי עפּעס ניט אויפריכטיגעס. ער האָט, איבעריגענס ניט געהערט בעטהאָווען אָדער שומאַן, נאָר די נאַרישע לעכערליכקייטען פון זייערע פאַרטייטשער און פון דעם נאַרישען אַלץ איבערקייענדען פּובליקום. ביידע האָבען זיי מיט זייער דומהייט פאַרשפּרייט אַרום די ווערק אַ שווערען נעפּעל. און דאָך איז אין די קאָמפּאָזיציעס אפילו אין די בעסטע, געווען עפּעס וואָס האָט קריסטאָף'ן באַאומ־רוהיגט, וואָס ער האָט פריהער קיינמאָל ניט געפיהלט. — וואָס אַזוינס? ער האָט עס ניט געוואַגט אַנאַליזירען: צו טראַכטען אַזוי איבער זיינע באַליעבטע מייסטער, האָט ער געהאַלטען פאַר אַ לעסטערונג. ער האָט געמעגט ניט וועלען זעהן: ער האָט שוין געזעהן, און געגען זיין ווילען, האָט ער ווייטער געזעהן: ווי די ו ו ע ר ג אַ נ י אַ ז אַ פון פּיזאַ, האָט ער געקוקט צווישען די פינגער.

ער האָט געזעהן די דייטשע קונסט גאַנץ נאַקעט. אַלע — די גרויסע און די נאַרישע — האָבען אויפגעדעקט זייערע נשמות מיט אַ געפיהלפולער צופרידענהייט. די געפיהלען האָבען איבערגעשוואָומען, די מאָראַלע עדעלקייט האָט גע־רונען, דאָס הארץ איז זיך צוגאַנגען אין אומענדליכע אויס־גוסען: די טוירען זיינען געעפנעט געוואָרען פאַר דער מורא־דיגער דייטשער געפיהל־עמפּפינדליכקייט: זי האָט אָפּגע־שוואַכט די ענערגיע פון די שוואַכע; זי האָט פאַרטרונקען די שוואַכע אונטער איהרע גרויליכע וואַסערען: ס'איז גע־וואָרען אַ פאַרפלייצונג: דער דייטשער געדאַנק האָט געדרע־

מעלט אויפ'ן גרונד. און וואָס פאַר אַ געדאַנק! ביי אַ מענ־דעלסאָן, אַ בראַהמס, אַ שומאַן, און אין זייערע טריט ביי אַן אומענדליכע רייהע שרייבער פון געקינצעלטע און וויינענ־דיגע  ל י ע ד ע ר!  אַלץ איז זאַמד. קיין איינציגער פעלז. אַ פייכטע און פאַרמלאָזע טייג. — אַלץ איז געווען אַזוי נאַריש, אַפּט אַזוי קינדיש, אַז קריסטאָף האָט ניט געקאָנט גלויבען, אַז די צוהערער דערפיהלען עס ניט. ער האָט זיך אומגעקוקט: ער האָט אָבער נאָר געזעהן געזיכטער מיט קעל־בערנער התפעלות, — שוין פון פאָראויס איבערצייגט אין דער שעהנקייט פון דער מוזיק און אין דער הנאה וואָס זיי דאַרפען דערפון האָבען. ווי אַזוי זאָלען זיי זיך אַליין ערלוי־בען צו האָבען אַן אייגענע מיינונג? זיי האָבען געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר די פאַרהייליגטע נעמען. פאַר וועלכער זאַך האָבען זיי דען ניט געהאַט קיין דרך ארץ? זיי האָבען דרך ארץ געהאַט פאַר זייער פּראָגראַם, פאַר זייערע טרינק־גלע־זער, פאַר זיך אַליין. מ'האָט געפיהלט, אַז אין האַרצען האָ־בען זיי אַלץ, וואָס האָט מיט זיי אַ שייכות, גערופען „עק־סעלענץ".

קריסטאָף האָט באַטראַכט דאָס פּובליקום און די מו־זיק: די מוזיק האָט אָפּגעשפּיגעלט דאָס פּובליקום, דאָס פּובליקום האָט אָפּגעשפּיגעלט די מוזיק. קריסטאָף האָט געפיהלט, אַז דער געלעכטער שטיקט איהם און ער האָט גע־מאַכט גרימאַסען. דאָך האָט ער זיך צוריקגעהאַלטען. ווען די „זיך־דייטשען" האָבען אָבער אָנגעפאַנגען פייערליך זינ־גען „ד אָ ס  ג ע ש ט ע נ ד ע נ י ש" פון אַ יונג באַשיי־דען, פאַרליעבט מיידעל, האָט קריסטאָף מעהר ניט געקאָנט אויסהאַלטען. ער האָט אויסגעשאָסען אין אַ געלעכטער. צאַרנדיגע „שאַ'ס!" האָבען זיך געהערט. זיינע שכנים האָ־

בען אויף איהם געקוקט דערשראָקען. די געמיטליך־נוטע, פארציטערטע פּנים'ער האָבען איהם אמוזירט, און ער האָט גענומען לאַכען שטארקער, ער האָט געלאכט און געלאכט מיט טרערען אין די אויגען. פּלוצלונג איז אבער דער עולם שטאַרק אין כעס געוואָרען. מ'האָט געשריען „אַרויס פון דאנען!"

ער האָט זיך אויפגעהויבען און איז אַוועק געגאנגען, הויבענדיג די אקסלען און זיך טרייסלענדיג פונ'ם שטאַרקען געלעכטער. זיין ארויסטריט האָט געמאכט א סקאנדאל. ס'איז געווען דער אָנפאנג פון אלע פיינטשאפטען צווישען איהם און דעם שטעטעל.

נאָך דער געשעהעניש איז קריסטאָף'ן, אהיים קומענ־דיג, איינגעפאַלען איבערצולעזען די „ווערק פון די פארהיי־ליגטע" מוזיק קאָמפּאָזיטאָרס. ער איז דערשראָקען און פאר־מישט געוואָרען זיך ארומזעהענדיג, אַז איינינגע פון זיינע באַליעבטסטע מייסטערס האָבען ל י ג ע ן ג ע ז א ג ט. ער האָט זיך, צוערשט, אנגעשטרענגט צו צווייפלען אַן דעם, צו גלויבען, אַז ער מאַכט א טעות. — ניין, ס'איז אבער ניט געווען קיין אויסוועג. ער איז מורא'דיג איבערראַשט גע־וואָרען פון דער מיטעלמעסיגקייט און פאַלשקייט, וואָס שטעלט טיילווייז צונויף דעם קונסט־אוצר פון א גרויס פאָלק. ווי ווענינג גוטע זייטען עס זיינען פאַרבליבען נאָך א גרינד־ליכען שטודיום!

זייט דעמאָלסט פלעגט ער צוטרעטען מיט א קלאַפּענ־דיג הארץ צום לעזען אנדערע ווערק, אנדערע מייסטערס, וואָס זיינען איהם טייער געווען... אך! ס'איז געווען ווי א מיאוסער כשוף: אומעטום האָט איהם באַגעגענט די זעלבע אנטוישונג. פון איינינגע איז איהם דאָס הארץ צוריסען גע־וואָרען: ס'איז געווען אזוי ווי ער וואָלט פארלאָרען א טייי־ערען פריינד, אזוי ווי ער וואָלט זיך פלוצלונג ארומגעזעהן, אַז אַט דער פריינד, אין וועמען ער האָט זיך אין גאַנצען פאַרטרויט, נאַרט איהם זייט יאָהרען. ער האָט דעריבער געוויינט. ביי נאַכט איז ער ניט געשלאָפען, און זיך שטענ־דיג געמאַטערט. ער האָט זיך אליין באשולדיגט: ווייסט ער שוין ניט וואָס מוזיק איז? איז ער שוין געוואָרען א פאַלשטענדיגער אידיאָט? — ניין, ניין, מעהר ווי ווען פריי־

הער האָט ער יעצט געזעהען די שטראַהלענדע שעהנקייט פונ׳ם טאָג, מיט מעהר פרישקייט און ליעבע האָט ער יעצט געפיהלט די טיעפע האַרציגע רייכקייט פונ׳ם לעבען: זיין האַרץ האָט איהם ניט אָפּגענאַרט.

אַ לאַנגע צייט האָט ער ניט געוואָגט אָנצוריהרען די, וועלכע זיינען פאַר איהם געווען די בעסטע, די רייגסטע, די הייליגע פון די הייליגסטע. ער האָט מורא געהאַט אונטער־צוגראָבען דעם גלויבען, וואָס ער האָט געהאַט אין זיי. אבער ווי אזוי קאָן מען ווידערשטעהען דעם אומבאַ׳רחמנות׳דיגען אינסטינקט פון אַן עהרליכער נשמה, וואָס וויל דערגעהען צום סוף, און וויל זעהן אַלץ ווי עס איז, אפילו דערביי ליי־דענדיג? — ער האָט אַלזאָ אויפגעעפענט די פאַרהייליגטע ווערק, איז צוגעטראָטען צו די לעצטע שיצער, צו קייזערלי־כער גוואַרדיע... פונ׳ם ערשטען בליק האָט ער געזעהען, אז זיי זיינען ניט וועניגער אומבאַפלעקט ווי די אַנדערע. ער האָט ניט דעם מוט געהאַט ווייטער צו געהן. מינוטענווייז פלעגט ער זיך אָפּשטעלען און פאַרמאַכען דאָס בוך: ווי נח׳ס זוהן האָט ער אַריבער געוואָרפען אַ מאַנטעל אויף זיין פאַטער׳ס שאנד...

נאָכדעם פלעגט ער בלייבען דערשלאָגען איז מיטען די חורבות. ער וואָלט ליבערשט געווען פאַרלאָרען אַ האַנט, איידער צו פאַרלעצען זיינע הייליגסטע אילוזיעס. ס׳איז פאַר איהם געווען אַ האַרצען־טרויער. ס׳איז אָבער אין איהם געווען אַזאַ כח, אַזאַ לעבענס־באַנייאונג, אז זיין גלויבען אין דער קונסט איז ניט געריהרט געוואָרען. מיט דעם יונגען מענשען׳ס נאַיווע העזה האָט ער ווידער אָנגעהויבען דאָס לעבען, עפּעס אזוי ווי קיינער, פאַר איהם, וואָלט עס ניט דורכגעמאַכט. אין זיין נייער קראַפט־באַווישונג האָט

ער געפּיהלט — מיט רעכט אפשר — אַז אַ חוץ עטליכע אויסנאהמען, איז כמעט ניט פאַראַן קיין שייכות צווישען די אמת'ע ליידענשאַפטען און דעם אויסדרוק, וואָס די קונסט שטרענגט זיך אָן זיי צו געבען. ער האָט זיך אבער גענאַרט, דענקענדיג, אַז איהם געלינגט עס בעסער און אמת'דיגער זיי אויסצודריקען. ווייל ליידענשאַפטען האבען אין איהם געשטורמט, איז איהם גרינג געווען זיי צו געפינען אין זיין שרייבען: קיין אנדערער אבער, אַ חוץ ער אליין, וואָלט זיי ניט דערקענט אין זייער אומפּאָלקאָמער פאָרם. אַזוי איז אויך געווען דער שיקזאַל פון די פּיעלע קינסטלער, וואָס ער האָט פאַרדאַמט. זיי האָבען איבערגעלעבט און איבערגעגעבען טיעפע געפיהלען. דער סוד פון זייער שפּראַך איז אבער מיט זיי אָפּגעשטאָרבען.

קריסטאָף איז ניט געווען קיין פּסיכאָלאָג, און דאָס אַלץ האָט איהם ניט געשטערט אין קיין פאַרלעגענהייט: דאָס טויטע איז פאַר איהם שטענדיג טויט געווען. ער האָט אָפּגע־מאָסטען די פאַרגאַנגענהייט און אויף איהר צוריק געקוקט מיט דער זעלבסט־זיכערער און גרויזאַמער אומגערעכטיגקייט וואָס לעבט אין דער יוגענדס הארץ. אָהן רחמנות אויף זייער לעבערליכער זייט, האָט ער אנטבלויזט אַלע נשמות. די טיע־פע מעלאַנכאָליע, די ערליכע פאַנטאַזיע, די צאַרט־דענקענ־דע וועלט־נישטיגקייט פון אַ מענדעלסאָן, דעם קלאַנג און גלאַנץ פון וועבער'ן, מיט זיין הארץ־טרוקענקייט און אינ־טעלעקטועלען געמיט, דעם דעקלאַמאַטאָרישען נעאָ־קלאַ־סיציזם, אַ געמיש פון פאַלשער און אמת'ער ערלקייט, פון ריינעם אידעאַליזם און עקעלדיגע איבערטריבענע טעכניק— די מוזיק פון ליסט'ן, דעם נאָבעלען פאָטער, דעם צירק־ריי־טער. שובערט'ן פארזונקען אין זיין עמפינדליכען סענטי־

מענטאַליזם, ווי אונטער ימים דורכזיכטיגע און אָפּגעשמאַק־
טע וואַסערן. די אַלטע פון די העראָישע צייטען, די האַלב־
געטער, די נביאים, די פּאַטערס פון דער קירכע, זיינען ניט
געשווינט געוואָרען. אפילו דער גרויסער סעבאַסטיאַן, דער
יאהרהונדערט באַריהמטער, וואָס טראָגט אין זיך די פּאַר־
גאַנגענהייט און די צוקונפט — באַך — איז אויך ניט ריין
געווען פון ליגען זאַגען, פון צייט־נאַרישקייטען. אָט דער
מענש, וואָס האָט גאָט געזעהן, וואָס האָט גערוהט אין גאָט,
האָט טיילמאַל קריסטאָפ׳ן אויסגעזעהן אין זיינע ווערק נוד־
נע און צוקערדיג רעליגיעז, יעזואיטיש, אין סטיל פון ראָקאָ־
קאָ. אין זיינע קאַנטאַטען האָבען זיך געהערט שמאַכטענד־
ליעבענדע און פאַנאַטישע מאָטיוון — (דיאַלאָגען פון דער
נשמה, וואָס קאָקעטירט מיט כריסטוס), וואָס האָבען גע־
עקעלט קריסטאָפ׳ן: עס האָט זיך איהם געדוכט, אז ער זעהט
כרובים מיט רונדע בעקלעך, רונדע פיסעלעך און פלאַטער־
רענדע שלייערס. ער האָט אויך געהאַט דאָס געפיהל, אז דער
געניאַלער קאַנטאָר שרייבט אלע מאָל אין אן אָפּגעשלאָסע־
נעם צימער: ס׳האָט זיך ניט געפיהלט די פרישקייט;
ס׳האָט אין זיין מוזיק געפעהלט די שטאַרקע דרויסענדיגע
לופט, וואָס נעהמט דורך אנדערע, קלענערע מוזיקער אפשר,
אָבער גרעסערע מענשען — אמת׳ערע מענשען — ווי ער:
ווי בעטהאָווען אדער הענדל. אלע, און באַזונדערס די
קלאַסיקער האָבען איהם דערצו פאַרלעצט מיט זייער וועני־
גער פרייהייט: כמעט אלע זייערע ווערק זיינען געווען „גע־
בויט". טיילמאַל איז א געפיהל פאַרברייטעט געוואָרען מיט
אלע געוועהנליכע מיטלען פון דער מוזיקאַלישער רעטאָריקע
און טיילמאַל איז אן איינפאַכער ריטם, א מוזיקאַלישע
האַרמאָניע, איבערגע׳חזר׳ט און מעכאַניש איבערגעדרעהט

געוואָרען אויף יעדען שטייגער. די סימעטרישע און צוצוי־געגע „אויפבויאונגען“ — קלאַסישע און נעאָ־קלאַסישע סאָ־נאַטען און סימפאָניעס — האָבען שטאַרק אויפגערעגט קריסטאָף'ן, וועלכער האָט צו דער צייט ניט געפיהלט די אָרדנונג־שעהנקייט פון גרויסע און גוט־אויסגעטראַכטע פּלע־נער. דאָס האָט איהם מעהר אויסגעזעהן ווי די אַרבייט פון מוירער און ניט פון מוזיקער.

ער איז אויך ניט וועניגער שטרענג געווען צו די ראָ־מאַנטיקער. מערקווירדיג, גראַד די מוזיקער, וואָס האָבען פּרעטענדירט צו זיין — און זיינען עס באמת געווען — די פרייסטע, די נאַטירליכסטע, די ניט „בויענדע“, די, וואָס האָבען, ווי שובערט, אריינגעגאָסען, טראָפּענווייז, צו יעדער רְגע, זייער גאַנץ לעבען אין זייערע אומצעהליגע קליינע ווערק: — זיי האָבען איהם (און ער איז אליין דערפון אי־בעראַשט געווען) אויפגערעגט מעהר ווי אַלע אַנדערע. זיין אויפרעגונג איז נאָך גרעסער געווען געגען זיי, וואָרום אין זיי האָט ער דערמאַנט זיין יוגענדליכע נשמה און אַלע נאַ־רישקייטען, וואָס ער האָט געשוואָרען פון זיך אויסצואוואָרצ־לען. געוויס האָט דער אויפריכטיגער שומאַן ניט געקאָנט באשולדיגט ווערען אין פאַלשקייט: ער האָט כמעט קיינ־מאָל ניט אויסגעדריקט קיין זאַך וואָס ער האָט ניט דורכגע־פיהלט. אבער גראַד זיין פאַל האָט קריסטאָף'ן געמאַכט פאַרשטעהן, אַז די ערגסטע פאַלשקייט פון דער דייטשער קונסט ליגט ניט אין דעם, וואָס די קינסטלער ווילען אויס־דריקען געפיהלען וואָס זיי לעבען ניט דורך, נאָר אין דעם וועלען אויסדריקען דאָס, וואָס זיי לעבען יאָ דורך — וואָס זיינען אבער פאַלש. די מוזיק איז אַ שאַרפע, פּינקטליכע אָפּשפּיגלונג פון'ם לע־

בען. וואָס נאַיווער און עהרליכער דער דייטשער מוזיקער איז, אַלץ מעהר ווייזט ער ארוים די שוואַכקייטען פון דער דייטשער נשמה, איהר אומזיכערען גרונד, איהר ווייכען סענטימענטאַליזם, איהר אומאויפריכטיגקייט, איהר אידעאַליזם, וואָס איז מיט כיטראַסטע פאַרמישט, איהר אומפעהיגקייט זיך צו זעהן, זיך צו קוקען אין פּנים אריין. דער פאַלשער אידעאַליזם איז געווען די שוואכע זייט אפילו פון די גרעסטע — פון וואַגנער. איבערלעזענדיג זיינע ווערק, האָט ער נעקריצט מיט די ציין. לאהענגרין האָט איהם אויסגעזעהן א שרייענדער ליגען. ער האָט געהאַסט די קרעמערישע ריטערליכקייט, די היפּאָקריטישע פאַרמאַסקירטקייט, דעם שטאָלצען און הארצלאָזען העלד, — די פאַרקערפּערונג פון אַן עגאָאיסטישער און קאַלטער טוגענד, וואָס באַוואונדערט זיך און שעצט זיך מיט א באַזונדערער זעלבסט־צופרידענהייט. ער האָט צו גוט געקענט אָט דעם דייטשען צבועק־טיפּ; ער האָט איהם אין דער ווירקליכקייט געזעהן, אָט דעם פוסטען, צנועה'דיגען און הארצלאָזען פּראַנט, וועלכער בוקט זיך צו זיין אייגענער געשטאַלט — אַן אָפּגאָט, צו וועמען עס איז איהם גרינג יעדען צו אָפּפערען. „דער פליהענדער האָלענדער" האָט איהם פּשוט דערשלאָגען מיט זיין שווערער סענטימענטאַליטעט און אומעטיגער לאַנגווייליע. די ליעבעם פון די געפאַלענע בארבארען אין דער טעטראלאָגיע זיינען געווען אָפּגעשמאַקט־עקעלדיג. זיגמונד זינגט א סאַלאָנטענאַרליעד, בעת ער פיהרט מיט געוואַלט אוועק זיין שוועסטער. זיגפריד און ברונהילדע ווייזען, ווי אַן אמת דייטש פּאַרעל, אין די געטערדעמערונג, איינער דעם אנדערען, און באַזונדערס דעם עולם זייער פּאַראַדנע און פלוידערענדיגע פאַמיליען־ליעבע. אַלע מינים ליגענס האָבען

זיך אין דעם ווערק צוזאַמענגעטראָפען: דער פאַלשער אי־דעאַליזם, דער פאַלשער כריסטענטום, דער פאַלשער נאַטי־ציזם, דאָס פאַלש לעגענדארישע, דאָס פאַלש געטליכע, דאָס פאַלש מענשליכע. קיינמאָל האָט מען נאָך ניט געזעהן קיין משונה'דיגערע קאָנווענציעס ווי אין דעם טעאַטער, וואָס האָט געזאָלט צושטערען אַלע קאָנווענציעס. די אויגען, דער גייסט, דאָס הארץ, האָבען אויף קיין רגע ניט געקאָנט אָפּ־גענאַרט ווערען, סיידען זיי האָבען עס אומיסנע געוואָלט.— און זיי האָבען עס געוואָלט. דייטשלאַנד איז אנטציקט גע־ווען פון אַט דער אַלטליכער, קינדערישער קונסט — אַ קונסט פון צובושעוועטע חיות און מיסטישע, קרענקליכע מיידלעך.

דאָך, טראָץ דעם אַלעמען, פלעגט קריסטאָף, נאָך דער־הערענדיג די מוזיק, הינגעריסען ווערען גראָד ווי די אַנדערע, (מעהר ווי די אַנדערע,) פון דעם שטורם פון דעם מענ־שענס טייוועלשען ווילען, וואָס האָט דעם שטורם געשאַפען. ער פלעגט לאַכען, ציטערען, פארפלאַמט ווערען און פיהלען אַזוי ווי רייטענדע ארמעען וואָלטען דורך איהם פארבייגע־לאָפען, און ער פלעגט זיך דערביי טראַכטען, אַז אַלץ איז ערלויבט די, וואָס טראָגען אַזעלכע שטורמס אין זיך. ס'אַראַ פרייד־געשרייען עס פלעגען זיך אַרויסרייסען פון זיין ברוסט ביים אַנריהרען די הייליגע ווערק, וואָס ער האָט ציטערענדיג דורכגעבלעטערט! ער פלעגט, אין דער צייט, דורכלעבען די אַמאָליגע גליהענדע געפיהלען, און ווידער געפינען די אומ־באפלעקטע ריינקייט פון אַלץ, וואָס ער האָט פריהער גע־ליעבט! ער האָט דערמיט גערעטעט גלאַרייכע שווימענדע שטיקער פון דעם שיף־ברוך. ס'אַראַ גליק ס'איז פאַר איהם געווען! עס האָט זיך איהם געדוכט, אַז ער רעטעט אַ טייל

פון זיך אַליין. איז דאָס דען ניט געווען ער אַליין? זיינע דען די גרויסע דייטשען, וואָס ער האָט באַקעמפט, ניט געווען זיין בלוט, זיין גוף, זיין טייערסטער וועזען? ער איז געווען אַזוי שטרענג געגען זיי, ווייל ער איז עס געווען געגען זיך. ווער האָט זי מעהר ליעב געהאַט ווי ער? ווער האָט מעהר ווי ער געפיהלט שובערט׳ס גוטסקייט, היידען׳ס נאַיווּיטעט, מאָצאַרט׳ס צאַרטקייט, בעטהאָווען׳ס גרויס, העלדיש האַרץ? ווער האָט, מעהר ווי ער, געזוכט שוץ אין וועבער׳ס וואַלד־מורמלען, אין יאָהאַן־סעבאַסטיאַן׳ס קאַטעדראַלע שאַטענס, וואָס הויבען איבער די דייטשע טאַלען, צום גרויען נאָרדישען הימעל זייערע שטיינער ווי בערג, און זייערע ריעזיגע טורימס מיט באַגאַלדעטע שפּיצען? — ער האָט אָבער געליטען פון זייער ליגען־זאָגען, און עס ניט געקאָנט פאַרגעסען. דעם ליגען האָט ער צוגערעכענט צו זייער פאָלק און די גרויסקייט צו זיי אַליין. ער האָט אַ טעות געמאַכט. גרויסקייט און שוואַכקייט זיינען ביידע גלייך די איינגענשאַפטען פון דעם פאָלק, וועמעס מעכטיגע און אומקלאָרע געדאַנקען פליסען ווי אַ גרויסער מויזיק־ און פּאָעזיע־פלוס. צו וועלכען גאַנץ אייראָפּאַ קומט לעשען איהר דורשט. — און וואָס פאַר אַן אַנדער פאָלק וואָלט איהם געווען געגעבען די נאַיווע ריינקייט, וועלכע האָט איהם יעצט ערלויבט אַזוי שטרענג צו באַשולדיגען איהרע קינסטלער?

ער האָט דאָס ניט פאַרשטאַנען. מיט דער אומדאַנקבאַרקייט פון אַ פאַרצערטעלטעט קינד האָט ער געגען דער מאַמען אַנגעווענדעט די געוועהר, וואָס זי האָט איהם געגעבען. שפּעטער, שפּעטער ערשט איז איהם באַשערט געווען צו דערפיהלען וואָס ער איז איהר שולדיג און ווי טייער זי איז איהם געווען...

ער האָט אבער יעצט דורכגעלעבט א בלינדע געגנער־שאַפט צו אלע אָפּגעטער פון זיין קינדהייט. ער איז אויף זיך און אויף זיי אין כעס געווען, ווייל ער האָט פריהער אין זיי אזוי ליידענשאַפטליך געגלויבט. — און אזוי האָט עס געדאַרפט זיין. ס'איז פאַראַן א צייט אין לעבען, ווען מ'דאַרף וואַגען צו זיין אומגערעכט, ווען מ'דאַרף וואַגען אָפּצוּראַ־מען, צוריקצואווייזען דעם אויסגעלערנטען רעספּעקט. די טראַדיציאָנעלע באוואונדערונג, און אַלץ אָפּלייקענען—ליגענס און אמת'ען — אַלץ וואָס מ'האָט ניט אליין אנערקענט אלס אמת. דורך דער גאַנצער ערציהונג און דורך אַלץ, וואָס עס זעהט און הערט ארום זיך, זאַפּט דאָס קינד איין, צוזאַמען מיט די הויפּט לעבענס־אמת'ען, אזוי פיעל ליגענס און נאַ־רישקייטען, אז די ערשטע פליכט פון דעם יונגען בחור איז אַליי אָפּצואוואַרפען, פאַרניכטען.

קריסטאָף האָט געהאַלטען אין דורכלעבען אַט דעם שטאַרקען און נויטיגען קריזיס. זיין אינסטינקט האָט איהם געטריבען ארויסצוואווארפען פון זיך אַלע אומפאַרדייליכע, שווערע עלעמענטען: פאַר אַלעמען די פוסטע סענטימענטאַליטעט, וואָס טריפט אראָפּ פון דער דייטשער נשמה, ווי פון אַ נאַסען און שימעל־שמעקענדען קעלער.

ליכט האָט ער געוואָלט! ליכט! אַ שטאַרקע און טרוקענע לופט, וואָס זאָל אפּטרייבען די מיאוסע ריחות פון'ם זומפּ, די אַפּגעשמאַקטקייט פון די ל י ע ד ע ר, פון די ל י ע ד כ ע נ ס, פון די ל י ע ד ל י י נ ס, וואָס זיינען אזוי אומצעהליג ווי די רעגען־טראָפּענס און פאַלען אָהן אן אויפהער אויפ'ן דייטשען ג ע מ י ט: די אומצעהליגע מוזיק־שטיקער ווי ז ע ה נ ז ו כ ט, ה י י מ ו ו ע ה, א ו י פ ש ו ו א ו נ ג, פ ר אַ ג ע, ו ו אַ ר ו ם, אַ ן ד ע ן מ אַ נ ד (צו דער לבנה), אַ ן ד י ש ט ע ר נ ע (צו די שטערן), אַ ן ד י נ אַ כ ט י ג אַ ל (צום סאַלאווי), אַ ן ד ע ן פ ר י ה ל י נ ג (צום פריהלינג), אַ ן ד ע ן ז אַ נ ע נ ש י י ן (צום זונען־שיין); אָדער אנדערע פון פ ר י ה ל י נ ג ס ־ ל ו ס ט, פ ר י ה ל י נ ג ס ־ פ א ה ר ט (פריהלינג־רייזע), פ ר י ה ל י נ ג ס ־ נ אַ כ ט, פ ר י ה ל י נ ג ס ־ ב אָ ט ש אַ פ ט (שליחות צום פריהלינג); אָדער נאָך אנדערע ווי ד י ש ט י מ ע ד ע ר ל י ע ב ע (דער קול פון ליעבע), ג י י ס ט ד ע ר ל י ע ב ע (דער גייסט פון ליעבע) ש פ ר אַ כ ע ד ע ר

ליעבע, טראַוער דער ליעבע, פּילע
דער ליעבע (פולקייט פון ליעבע): און די וואָס
זינגען פון בלומען, פון בלומען־בריעף,
בלומען־גרוס, הערצענסלייד (הארץ־שמערץ)
אָדער דערצעהלען מיין הערץ איז באַטריבט,
מיין אויג איזט טריב (מיין אויג איז טריב):
און די נאַיווע, נאַרישע דיאַלאָגען מיט ראָזליין (די
קליינע רויז) מיט'ן טייכעל, מיט'ן טייבעלע, מיט דער קליי־
נער לערכע; און די מאָדנע פראַגען: „ווען דער
דאָרן־קוסט וואָלט קיין שטעכיגע
שטאַרלען ניט געהאט“, — „צו האָט די
לערכע געמאַכט איהר נעסט מיט אַ
ניט־יונגען געליעבטען, אָדער צו
האָט זי זיך נאָר וואָס פאַרליעבט“:
— אַט דער גאַנצער מבול פון אָפּגעשמאַקטער צערטליכ־
קייט, אָפּגעשמאַקטען געפיהל, אָפּגעשמאַקטער מעלאַנכאָ־
ליע, אָפּגעשמאַקטער פּאָעזיע... ווי פיעל שעהנע זאַכען ווע־
רען פאַרשוועכט, ווי פיעל זעלטענע זאַכען פאַרברויכט אויף
אַבי־וואָס און אויף גאָר נישט! ווייל ערגער פון אַלץ איז די
נוצלאָזיגקייט דערפון: ס'איז בלויז אַ געוואוינהייט צו אַנט־
בלויזען דאָס הארץ פאַר אַלעמען, אַ ליעבליכע און נאַרישע
נייגונג פון די גוטמוטיגע דייטשען אַלץ אויפ'ן קול זיך צו
פאַרטרויען איינער פאַר'ן אַנדערען. גאָר ניט זאָגען און
שטענדיג רעדען! וועט ווען אַ סוף נעהמען צו דעם פּלוידע־
רען? — נו, שטיל שוין, איהר זשאַבעס אין זומפּ!

באַזונדערס אין ליעבע־אויסדרוק האָט קריסטאָף
שטאַרק געפיהלט דעם ליגען; וואָרום דאָס האָט ער גע־
קאָנט פאַרגלייכען מיט'ן אמת. די אַלע אויסגעשטעלטע,

קאָרעקטע און וויינענדיגע ליעבע־ליעדער האָבען גאָר קיין שייכות ניט געהאַט מיט דעם מאַנ׳ס באַגעהרען נאָך דער פּרוי׳ס האַרץ, און דאָך, די מענשען, וואָס האָבען זיי געשריעבען, האָבען, כאָטש איין מאָל אין לעבען, געמוזט ליעב האָבען וועמען־עס־איז! איז עס מעגליך, אַז דאָס איז געוועזען זייער ליעבע. ניין, ניין! זיי האָבען ליגען־געזאָגט, ליגען־געזאָגט, ווי אַלע מאָל, צו אַנדערע און צו זיך אַליין; זיי האָבען זיך געוואָלט אידעאַליזירען... אידעאַליזירען! דאָס מיינט מורא האָבען צו קוקען גלייך אויפ׳ן לעבען, ניט קאָנען זעהן אַלץ ווי עס איז, ווי א מאַן. — אומעטום די זעלבע שוואַכקייט, דער זעלבער מאַנגעל אין מענליכער אויפריכטיגקייט. אומעטום דער זעלבער געמאַכטער ענטוזיאַזם, די ליגנערישע און פּאַראַדנע פייערליכקייט אין פּאַטריאָטיזם, אין רעליגיאָן און אפילו אין טרינקען. די ט ר י נ ק ל י ע ד ע ר זיינען די פאַלשע פאָרשטעלונג פון וויין און בעכער: „ד ו ה ע ר ל י ד ג ל אַ ס...“ די רעליגיאָן — וואָס דאַרף אינסטינקטיוו אַרויסשטראָמען פון דער נשמה, פּלוצלונג, ווי א פאַרבאָרגענער קוואַל — איז א געמאַכטער אַרטיקעל, א סחורה. די פּאַטריאָטישע ליעדער זיינען געמאַכט ווי פאַר סטאַדעס שאָף, וואָס פאָלגען נאָך און מעקען מוזיקאַליש... נו, שרייטזשע! — וואָס! וועט איהר ווייטער ליגען־זאָגען — „אידעאַליזירען“ — ביז איהר וועט טויט־שכור ווערען, ביז איהר וועט זיך אויס׳הרג׳ענען, ביז איהר וועט משוגע ווערען!...

קריסטאָף האָט געהאַלטען ביים פיינט קריגען יעדען מין אידעאַליזם. אנשטאַט דעם ליגען, האָט ער בעסער געוואָלט די אויפריכטיגע ברוטאַליטעט. — אין אמת׳ן איז ער געווען מעהר אידעאַליסט ווי די אַנדערע, און האָט ניט געהאַט — ניט געדאַרפט האָבען — קיין אמת׳ערע שונאים ווי

די ברוטאַלע רעאַליסטען, וואָס זיינען איהם דערווייל אַזוי געפעלען.

זיין ליידענשאַפט האָט איהם בלינד געמאַכט. דער טור־מאַן, דאָס קרענקליכע ליגען־זאָגען, „די פאַנטאָם־אידעען אָהן זון־ליכט“ האָבען איהם פאַרפּראַרען. מיט אַלע זיינע קרעפטען האָט ער געשטרעבט צו דער זון. אין זיין יוגענד־ליכער פּאַראַכטונג צו דער היפּאָקריטסטוואָ אַרום איהם, אָדער צו דעם וואָס ער האָט אַזוי אָנגערופען, האָט ער ניט געזעהן די גרויסע, פּראַקטישע חכמה פון זיין פאָלק, וואָס האָט זיך שטופענווייז, פּאַמעליך אויסגעבויט דעם גראַנ־דיעזען אידעאַליזם, כדי איינצוצאַמען זיינע ווילדע אינס־טינקטען, אָדער כדי זיי אויסצונוצען; ניט די באַשטימטע אויסרעכענונגען אָדער מאָראַלישע, רעליגיעזע כללים, און ניט די געזעצגעבער אָדער שטאַטסמענער איבעראַנדערשען די נשמות פון פעלקער, זיי אָפּט געבענדיג אַ גאַר נייען כאַ־ראַקטער; — ניין, די צוריקווירקונג פון אומגליקען און נסיונות אין לויף פון יאָהרהונדערטע שמידט אויס דאָס לעבען פון די פעלקער, וואָס ווילען לעבען.

דאָך האָט קריסטאָף נעשאפען קאָמפּאָזיציעס : און אין זיי האָבען ניט געפעהלט די פעהלערען, וואָס ער האָט אנדערע פאַרגעוואָרפען. די שאפונג איז ביי איהם געווען אן אומווירערשטעהליכע באדערפעניש, וואָס האָט זיך ניט אונטערגעוואָרפען די כּללים וואָס זיין פארשטאַנד האָט געמאכט. ניט דער פאַרשטאַנד טרייבט צו שאַפונג, נאָר די דרינגענדע באַדערפעניש. — ס'איז אויך ניט גענוג צו אנערקענען די ליגנערישקייט און געקינסטעלטקייט פון דעם רוב געפיהלען אום אין זיי ניט אריינצופאלען : עס פאָדערט זיך דערצו לאַנגע און שווערע אנשטרענגונגען. די פאַרגאַנגענע דורות האָבען אויף אונז ארויפגעוואָרפען א באַרג מיט טעמפּע דריקענדע געוואוינהייטען, און ס'איז די שווערסטע זאַך אין דער מאָדערנער געזעלשאפט צו זיין אויפריכטיג, אמת'דיג. דאָס איז דער עיקר שווער פאר מענשען, פאר פעלקער, וואָס האָבען די נאַרישע מאַניע צו לאָזען זייערע הערצער — צו צווינגען זייערע הערצער — רעדען, אומאויפהערליך, בעת עס וואָלט, גאָר אָפט, בעסער געווען צו שווייגען.

קריסטאָף'ס הארץ איז אין דעם געווען אמת'דיג דייטש : ער האָט נאָך ניט אויסגעלערנט די אייגענשאפט פון שווייגען : ער איז דערצו נאָך צו יונג געווען. פון זיין פאָטער האָט ער גע'ירש'עט דעם דראנג צו רעדען, צו רעדען רוישיג. ער האָט עס געוואוסט און באקעמפט ; אבער דער קאמף האָט אָפּגעשטעלט א טייל פון זיינע כחות. — אַן אַנדער קאמף האָט ער אָנגעפיהרט געגען דער גרויסער

שוועכקייט זיך קלאָר אויסצודריקן — אַ פעהלער, וואָס איז איהם געקומען בירושה פון זיין זיידען. — ער איז אויך געווען דער זוהן פון אַ ווירטואָז. ער האָט געפיהלט דעם געפעהרליכען אַנציה פון דער טעכנישער פינקטליכקייט און פאָלקאָמענהייט : — אַ פיזישער פאַרגעניגען, אַ פאַרגעניגען, וואָס די געשיקטקייט, די פלינקייט, די ריטמישע מוסקעל־באַוועגונג, דער פאַרלאַנג צו זיגען, צו איבעראַשען, ניט : אַ פאַרגעניגען וואָס קומט פון דעם אונטערוואַרפען טויזענדער אונטער זיך : אַ פאַרגעניגען, אַ כמעט נאַיווער, וואָס מ'קאָן פאַרגעבען דעם יונגען מענשען, וואָס איז אבער דאָך טויטענד פאַר דער קונסט, פאַר דער נשמה. — קריסטאָף האָט דעם פאַרגעניגען געקענט : עס איז איז זיין בלוט געלעגען; ער האָט עס פאַראַכטעט און פלעגט דערפון דאָך הינגעריסען ווערען.

און אַזוי, פאַרכאַפּט צווישען די אינסטינקטען פון זיין ראַסע און פון זיין זשעניע, געדריקט פון דער משא פון אַ פּאַראַזיטישער פאַרגאַנגענהייט, וואָס האָט זיך אַלץ פאַרהאַרטעט אַרום איהם און איהם ניט געלאָזט פריי ווערען, איז ער ווייטער געגאַנגען וואַקלענדיג : ער איז פיעל נעהענטער געוועזן, ווי עס וואָלט איהם ווען איינגעפאַלען, צו דעם אַלעמען וואָס ער האָט פאַרדאַמט און אָפּגעוואָרפען. אַלע זיינע קאָמפּאָזיציעס זיינען געווען אַ געמיש פון אמת'דיגקייט און אויפגעבלאָזענקייט, פון דורכזיכטיגער קראַפט און שטאַמלענדער נאַרישקייט. נאָר גאָר זעלטען פלעגט זיך איהם איינגעבען דורכצוברעכען און אַראָפּוואַרפען דאָס טויטע, וואָס האָט געבונדען און געשטערט זיינע באַוועגונגען.

ער איז געווען גאַנץ אַליין. ער האָט ניט געהאַט קיין

וועג־ווייזער, וואָס זאָל איהם העלפען ארויסקומען פון'ם זומפּ. ווען עס האָט זיך איהם געדוכט, אז ער איז שוין ארויס, איז ער ערשט טיעפער אַריינגעפאַלען. ער איז גע־גאַנגען טאַפּענדיג, אויסברענגענדיג זיין צייט און זיינע קרעפטען אין ניט־געלונגענע אנשטרענגונגען. אלץ האָט ער דורכגעלעבט און דורכגעמאַכט. אין זיין געשטערטער שעפּ־פערישער שטרעבונג האָט ער זיך קיין חשבון ניט אָפּגעגע־בען איבער דעם גוטען און דעם שלעכטען אין זיין שאַפונג. ער פלעגט זיך הילפלאָז אָפּשטעלען ביי די נאַרישסטע פּלע־נער, וועלען שאַפען סימפאנישע פּאָעמען, — פילאָזאָפיש־פּרעטענציעזע און אומגעהייער גרויסע. זיין גייסט איז אבער צו אויפריכטיג געווען דאָס לאַנג אויפצוהאַלטען; און ער פלעגט די פּלענער עקעלדיג פארוואַרפען, נאָך איידער ער פלעגט איין טייל פאַרענדיגען. טיילמאָל פלעגט זיך איהם וועלען איבער־געבען אין אָאָווערטיורען די שווערסטע פּאָעטי־שע ווערק. דעמאָלסט פלעגט ער גאָר פאַרבלאָנדזשען אין אַן איהם־פרעמד לאַנד. ווען ער פלעגט פאַר זיך אויפשטע־לען סצענאַריומס — ווייל קיין זאַך האָט איהם ניט אָפּגע־שטעלט — זיינען זיי געווען פּשוט אידיאָטיש; און ווען ער פלעגט זיך נעהמען צו די גרויסע ווערק פון געטע, קלייסט, העבבעל אָדער שעקספּיער, פלעגט ער זיי פאַרשטעהען גראַד קאַפּויער. ניט פאַרשטאַנד האָט איהם געפעהלט, נאָר דער קריטישער גייסט. ער האָט נאָך ניט געקאָנט פאַרשטעהען א צווייטען: ער איז צו פאַרנומען געווען מיט זיך גופא. זיך אליין האָט ער אומעטום געפונען — זיך אין זיין נאַיווער און אויפגעבלאָזענער נשמה.

נעבען די פּאַרזעהענישען, וואָס האָבען ניט געקאָנט לעבען, האָט ער אבער געשריבען אסך קליינע ווערק, וואָס

זיינען געווען דער באַלדיגער אויסדרוק פון פאַרבייגעהענדע געפיהלען, — פון אַלעמען, די איינציג־אייביגע: מוזיקאַלישע געדאַנקען, ל י ע ד ע ר. אין דעם, ווי אין אַלעם אַנדערען, האַט ער ליידענשאַפטליך געקעמפּט געגען די באַשטימט אָנ־גענומענע פאַרמען. ער האַט געוואָלט אין מוזיק אויסגיסען די באַריהמטסטע פּאָעמען — פּאָעמען, וועלכע זיינען לאַנג פאַר איהם מוזיקאַליש באַאַרבייט געוואָרען. ער האַט געהאַט די העזה זיי צו וועלען איבערגעבען אויף אַ אַנדערען און אמת׳דיגערען שטייגער, ווי א שומאַן און א שוּבערט. אמאָל האַט זיך איהם געוואָלט מוזיקאַליש פאַרשטעלען געטע׳ס פּאָעטישע געשטאַלטען, (זיין מיניאָן, זיין האַרפען־שפּיעלער אין ווילהעלם טעל) מיט זייער דייטליכען און נואַנסירטען כאַראַקטער, און אמאָל האַט ער זיך גענומען צו געוויסע ליעבע־ליעדער, וועלכע זיינען פריהער דורך דעם שטילען אַפּמאַך צווישען די מוזיקער׳ס שוואַכקייט און דעם עולם׳ס אָפּגעשמאַקטקייט נאַריש סענטימענטאַליזירט געוואָרען. ער האַט זיי אויפ׳ס ניי באַלעבט: ער האַט זיי צוריקגעגעבען זייער פּשוט׳ע נאַטירליכקייט, זייער תאווה׳דיגע שטאַרקייט. ער האַט געוואָלט די ליידענשאַפטען און די מענשען באַ־פרייען, זיי געבען א זעלבשטענדיגע עקסיסטענץ — צוליעב זיך אליין, און ניט אלס שפּיעלצייג פאַר דייטשע פאַמיליען, וואָס זיצען זיך זונטאג אין א ביער־גאַרטען און ווילען הערען סענטימענטאַלע מוזיק.

געוועהנליך זיינען אבער אלע דיכטער, אפילו די גרעס־טע, געווען צו ליטעראַריש פאַר איהם, און ער האַט גענומען זוכען זעהר איינפאַכע טעקסטען, — טעקסטען פון אַלטע ליע־דער, פון אַלטע לוסטיגע געזאַנגען, וואָס ער האַט געפונען אין א בוך מיט רעליגיעזע פאָלקס־מוזיק. ער האַט גוט אָכ־

טונג נעגעבען ניט אויפצוהאַלטען זייער כאַר־כאַראַקטער, און זיי קאָמפּאַנירט אויף א וועלטליכען פרייען און לעבעדיגען אופן, אז ניט פלעגט ער נעהמען פסוקים פונ׳ם עוואַנגעליום אדער שפּריכווערטער, טיילמאָל אפילו ווערטער וואָס ער האָט אויפגעכאַפּט, פאַרבייגעהענדיג, שטיקלעך פאָלקס־גע־שפּרעכען, קינדער־געדאַנקען: — אַפּט אומגעלומפּערטע און פּראַזאַישע, אין וועלכע ס׳איז בלויז געווען א ריינער גע־פיהל. דערביי האָט ער זיך געפיהלט רוהיג אין האָט דער־גרייכט א טיעפקייט ווי אין קיינע פון די אַנדערע קאָמפּאָ־זיציעס — א טיעפקייט, וועלכע ער האָט אַליין ניט דער־פיהלט.

גוט אַדער שלעכט, אָפטער שלעכט ווי גוט, די ווערק זיינען אָבער אַלס א גאַנצעס געווען איבערפול מיט לעבען. ניט אַלץ איז אין זיי געווען ניי: ס׳האָט דערצו אסך גע־פעהלט. קריסטאָף איז אָפט, גראד דורך זיין אויפריכטיגקייט, געווען באַנאַל: צומאָל האָט ער איבערגעזאָגט אַלט־אָפּגע־נוצטע זאכען, ווייל זיי האָבען אקוראט איבערגעגעבען זיין געדאַנק, ווייל ער האָט אויך אַזוי געפיהלט, און ניט אַנ־דערש. ער האָט בשום אופן ניט ג ע ז ו כ ט צו זיין אָרי־גינעל: עס האָט זיך איהם געדוכט, אז נאָר די סאַמע מי־טעלמעסיגקייט קאָן זיך באַלעסטיגען מיט אַזאַ געדאַנק. ער האָט געזוכט צו זיין ע ר א ל י י ן, און צו זאָגען וואָס ער פיהלט, ניט דאגה׳נענדיג צי עס איז שוין געזאָגט גע־וואָרען, אָדער ניין, פאַר איהם. ער איז געווען שטאָלץ גע־ווען צו גלויבען ,אז דאָס איז דער בעסטער שטייגער ווי צו זיין אָריגינעל, און אז זשאַן קריסטאָף איז נאָר געווען, און וועט נאָר זיין א י י ן מ אָ ל. מיט זיין יוגענדליכער חוצפּה האָט זיך איהם געדוכט, אז קיין זאַך איז נאָך ניט

געטאָן געוואָרען, און אַלצדינג, דוכט זיך, דאַרף ערשט געטאָן ווערען — אָדער איבערגעטאָן ווערען. און אָט דער געפיהל פון אינערער, גייסטיגער פולקייט, פון אומבאַגרע־נעצטען זעלבסט־לעבען, האָט איהם געבראַכט צו אַן איבער־פולען, און אביסעל איבערטריבענעם גליק־געפיהל. עפּעס האָט אין איהם שטענדיג געיובעלט. ער האָט זיך ניט גענויי־טיגט אין פרייד, ער האָט געקאָנט אויסקומען אפילו מיט אומעט: זיין אינערער קוואַל איז איבערפול געווען מיט לע־בען. מיט קראַפט — די מאַמע פון גליק און טוגענד. לעבען, לעבען אָהן אַ מאָס!... ווער עס פיהלט ניט די קראַפט־שכרות, דעם לעבענס־יובעל — אפילו ביים סאַמע אָפּגרונד פון אומגליק — איז ניט קיין קינסטלער. דאָס איז דער פּרואווּשטיין. אמת'ע גרויסקייט ווייזט זיך אַרוים אין דער יובעל־מאַכט הן אין פריידען הן אין ליידען. אַ מענדעלסאָן אָדער אַ בראַהמס, געטער פון אָקטאָבער־נעבלען און פון דראָבנע רעגענס, האָבען קיינמאָל ניט געוואוסט פון דער געטליכער מאַכט.

קריסטאָף האָט זי אין זיך געפיהלט, און אַרויסגעוויי־זען זיין פרייד מיט קינדערשער נאַיוויטעט. ער האָט קיין שלעכטס ניט געמיינט און זיך געוואָלט טיילען מיט אַנדערע מיט דעם געפיהל. ער האָט ניט פאַרשטאַנען ווי פאַרלעצענד די פרייד איז פאַר'ן רוב מענשען, וואָס ווען זי קיינמאָל ניט דורכלעבען און ווען איהם שטענדיג מקנא זיין. איב־ריגנעס, עס האָט איהם ניט געאַרט צי ער געפעלט אַנדערע אָדער ניט. ער איז געווען זיכער מיט זיך אליין, און ס'האָט איהם אויסגעזעהן גאַנץ גרינג אַנדערע אין דעם צו איבער־צייגען — ס'איז איהם גרינג געווען צו זיגען. אינסטינקטיוו האָט ער פאַרגליכען זיין רייכטום מיט דער אָרימקייט פון זיין

די אַלע נאָטעז־מאַכער, און ער האָט געפּיהלט, אַז מען וועט גרינג אנערקענען זיין איבערמאַכט. אפּילו צו גרינג. ער דאַרף זיך נאָר באַווייזען.

ער האָט זיך באַוויזען.

מ׳האָט אויף איהם געוואַרט.

קריסטאָף האָט ניט געהאַלטען זיינע געפיהלען פאַר־באָרגען. צייט ער האָט פאַרשטאַנען די דייטשע היפּאָ־קריטסטוואַ, וועלכע וויל ניט זעהען דאָס לעבען ווי עס איז, האָט ער זיך געמאַכט אַ כּלל צו זיין אויפריכטיג, אבסאָלוט, שטענדיג, אומקאָמפּראָמיסליך, אונטער אַלע אומשטענדען, ניט קוקענדיג, וואָס דאָס ווערק, אָדער ווער דער מענש זאָל ניט זיין — אפילו ניט אויף זיך אַליין. לויט זיין נאַטור פלעגט ער אין אַלצדינג זיין עקסטרעם, אויסערגעוועהנליך עקסטרעם און אומבאַרעכענט: ער פלעגט זאָגען די גע־וואַגטסטע זאַכען און סקאַנדאַליזירען די מענשען אַרום איהם, וואָס זיינען נאָך געווען טויזענד מאָל נאַיווער ווי ער. ער איז געווען מערקווירדיג נאַיוו. ער פלעגט פאַרטרויען יעדען איינעם זיין מיינונג איבער דער דייטשער קונסט: ער האָט דערביי געהאַט די צופרידענהייט פון אַ מענשען, וואָס וויל ניט פאַר זיך האַלטען זיינע גוואַלדיג־גרויסע אַנטדע־קונגען. ער האָט זיך גאַר ניט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס קאָן פאַרדריסען. ווי ער פלעגט נאָר אַנטרעפען עפּעס אַ נאַרישע שטעלע אין אַ באַריהמט ווערק, פלעגט ער שנעל, לויט זיין איבערצייגונג, וועגען דעם צו וויסען טאָן די מוזיקאַנטען פון דעם אָרקעסטער אָדער זיינע באַקאַנטע מוזיק־אַמאַטאָרען. ער פלעגט אַרויסזאָגען די משונה׳דיגסטע מיינונגען מיט אַ שטראַהלענד געזיכט. צוערשט האָט מען איהם ניט ערנסט גענומען: מ׳האָט געלאַכט פון זיינע מאָדנע רייד. מ׳האָט זיך אָבער באַלד אַרומגעזעהן, אַז ער טוט עס צו אָפט, מיט

אַ מיאוסע'ר צודרינגליכקייט. ס'האָט באמת אויסגעזעהן, אַז קריסטאָף גלויבט אין זיינע פּאַראַדאָקסען; און דאָס איז שוין ניט אַמוזירענד געווען. ער איז געוואָרען קאָמפּראָמי־טירענד, אומערטרעגליך. ער פלעגט אין רעכטען מיטען קאָנצערט מאַכען אויפ'ן קול איראָנישע באַמערקונגען אָדער אויסדריקען זיין פאַראַכט צו די גלאָרייכע מייסטערס אויף דעם פּרייסטען שטייגער — און אומעטום.

אין קליינעם שטעטעל האָט מען זיך אַלץ איבערדער־צעהלט: קיין וואָרט איז ניט פאַרלאָרען געגאַנגען. מ'האָט זיך מיט כעס דערמאָנט אין זיין אויפפיהרונג, דעם פאַרגאַנ־גענעם יאָהר. מ'האָט ניט פאַרגעסען דעם מיאוסען שטייגער ווי ער פלעגט אומעטום אַרומגעהן מיט אַדאַ'ן און דעם סקאַנדאַל, וואָס האָט מיט זיך געבראַכט. ער אַליין האָט זיך אַז דעם שוין ניט דערמאָנט. די צייט האָט אָפּגעמעקט דעם זכרון: ער איז גאָרנישט געוועזן דער, וואָס צוריק מיט צוויי חדשים. אַנדערע אבער האָבען גוט געדענקט: אַלע די, וועל־מעס זאָרג ס'איז אין אַלע קליינע שטעטלער, אַקוראַט צו פאַרצייכנען יעדען פעהלער, יעדען שאַנד־פלעק, יעדע פאַר־דריסליכע, טרויריגע, מיאוסע געשעהעניש, — אַלץ מכח זייַ־ערע שכנים, כדי קיין זאַך זאָל ווען ניט פאַרגעסען ווערען. קריסטאָף'ס נייע אומבאַרעכענטע אויפיהרונג איז נאַטיר־ליך פאַרשריבען געוואָרען נעבען דער אַמאָליגער, אינ'ם זעל־בען ספר הזכרונות. דאָס יעצטיגע האָט בעסער דערקלעהרט דאָס פריהעריגע. צו דער אַמאָליגער מאָראַל־פאַרלעצונג איז יעצט צוגעקומען זיין אומגעלומפּערטע שטעלונג צו דער מוזיק. בעסערע מענשען פלעגען איבער איהם זאָגען:

— ער וויל זיך אַרויסנעהמען פון כלל.

דאָס רוב פלעגען אבער עפּעס טענה'ן:

— ט אַ ט אַ ל פּ אַ ר י ק ט! (גאַר משוגע).

נאָך אַ שטרענגערער און געפעהרליכערער קלאַנג האָט זיך אַנגעהויבען פאַרשפּרייטען — אַ קלאַנג, וואָס איז געקו־מען פון די גאַר־הויכע פענסטער, און דערפאַר טאַקע אַ זעהר וויכטיגער: — מ'האָט דערצעהלט, אַז אין שלאָס, וואו קריסטאָף פלעגט אַלע רעגעלמעסיג קומען צוליעב זיין אָפּי־ציעלער שטעלע, איז ער, רעדענדיג מיט'ן גרויספירשט אַליין, געווען אומגעלומפּערט געגוג, זיך אויסצודריקען אויף אַ שרעקליך־אומאַנשטענדיגען שטייגער בנוגע די פאַרעהרטע מייסטערס: מ'האָט געזאָגט, אַז ער האָט מענדעלזאָן'ס אַ ל י ה ו אַנגערופען „פּאַטער נאַסטער פון אַ היפּאָקרי־טישען גלח", און געווישע ליעדער פון שומאַן „ב אַ ק־פ י ש ־ מ ו ז י ק": און דערצו נאָך, גראַד ווען די ערהאַבענע פּרינצעסין האָבען געערעדט איבער זייער באַזונדערע ליידענ־שאַפט צו אָט די ווערק! דער גרויספירשט האָט אַ סוף גע־מאַכט צו זיין חוצפה'דיגען ריידען, זאָגענדיג טרוקען:

— לויט ווי מען רעדט, ווילט זיך קוים גלויבען, מיין הער, אַז איהר זייט אַ דייטש.

דאָס נקמה'דיגע וואָרט, וואָס איז געקומען פון דער סאַמע געזעלשאַפטליכער הויך, איז אַראָפּ ביז אין סאַמע זומפּ. אַלע וואָס האָבען זיך געפיהלט פאַרדרוסיג אָדער פאַר־לעצט דורך זיין ערפאָלג, דורך עפּעס אַ מעהר פערזענליכער אָדער מעהר שמערצליכער סבה, האָבען ניט פאַרפעהלט זיך צו דערמאָנען, אַז ער איז טאַקע ניט קיין עכטער דייטש. מ'האָט זיך ערינערט, אַז זיין פאָטער'ס משפחה האָט גע־שטאַמט פון בעלגיען. — און דערפאַר איז קיין וואונדער ניט וואָס ער מאַכט צו־נישט די נאַציאָנאַלע באַריהמטקייטען. דאָס האָט שוין אַלצדינג דערקלעהרט, די דייטשע זעלבסט־

ליעבע האָט אין דעם געפונען נאָך מעהר גרונד זיך צו שעצען און דעם געגנער צו פאַראַכטען.

די פּלאַטאָנישע נקמה האָט קריסטאָף פאַרגרעסערט מיט א שטאַרקערען ברען־מאַטעריאל: מיט זיין קריטיק. ס'איז זעהר ניט פּראַקטיש אַנדערע צו קריטיקירען בשעת מ'האַלט אליין ביים ארויסרופען קריטיק. געשיקטע און ניט שטאַרק אויפריכטיגע קינסטלער ווייזען ארוים באַשיידענהייט און דרך־ארץ צו זייערע פאַרגענגער. — קריסטאָף האָט אבער ניט איינגעזעהן פאַרוואָס ער זאָל פאַרבאַרגען זיין פאַראַכטונג צו זייער מיטעלמעסיגקייט און דאָס גליק, וואָס זיינע אייגענע כחות געבען איהם. ער האָט דאָס גליק ארויסגעוויזען כאָטש ער איז צוגעוואוינט געווען פון קינדווייז אָן — ניט האָבענדיג וועמען זיך צו פאַרטרויען — אַלץ אין זיך צו האַלטען. לעצטענס האָט זיך איהם געפיהלט ווי זיך צו פאַנאַנדערשפּרייטען, ס'איז פאַר אהים אליין צו פיעל פרייד געווען. זיין ברוסט איז דערצו צו קליין געווען. ער וואָלט פּשוט געפּלאַצט, ווען ער וואָלט זיין אינערע פרייד ניט געטיילט מיט אנדערע. אזוי ווי ער האָט ניט געהאַט קיין פריינד, האָט ער זיך פאַרטרויט זיין אָרקעסטער־קאָלעגע, דעם צווייטען קאַפּעלמייסטער, א געוויסער זיגמונד אָקס, א יונגער ווירטעמבורגער, א וואוילער און כיטרער בחור, וואָס האָט איהם ארויסגעוויזען גרוים דרך־ארץ. ער האָט ניט געצווייפעלט אין זיין אויפריכטיגקייט, און ווען אפילו יאָ, וואָלט איהם גאַר נישט איינגעפאַלען, אַז מ'דאַרף זיך ניט יעדען איינעם פאַרטרויען — אפילו אַ שונא. דאַרפען זיי איהם דען ניט דאַנקבאַר זיין? אַרבייט ער דען ניט פאַר זיי אויך? ער ברענגט דאָך גליק אַלעמען—פריינד און פיינד.— ער האָט ניט פאַרשטאַנען, אַז דאָס שווערסטע פאַר'ן מענשען

איז אַנצונעהמען אַ נײַ גליק; אַז עס ווילט זיך בעסער האָבען דאָס אַלטע אומגליק; אַז די שפּײַז מוז פון יאָהרהונדערטע־לאַנג צוקייט זײַן. וואָס מענשען קאָנען אָבער באַזונדערס ניט פאַרלײַדען, איז דער געדאַנק, אַז דאָס גליק האָט זיי אַז אַנדערער געבראַכט. זיי קאָנען די באַליידיגונג נאָר מוחל זײַן, ווען זיי האָבען שוין קיין אַנדער אויסוועג ניט; און דעמאָלסט אַפילו באַצאָהלט פאַר דעם דער. וואָס האָט עס זיי געבראַכט, גאַנץ טײַער.

עס זײַנען אַלזאָ געווען אומצעהליגע גרונדען צוליעב וועלכע אַבי ווער וואָלט ניט אויפגענומען קריסטאָף'ס צו־טרויאונג מיט האַרציגקייט און ליעבשאַפט: אָבער נאָך מעהר גרונדען פאַר זיגמונד אָקס. דער ערשטער קאַפּעלמײַסטער, טאָביאַס פּפײַפער, האָט שוין באַלד זיך באַדאַרפט צוריק־ציהען פון זײַן שטעלע, און קריסטאָף, כאָטש ער איז נאָך יונג געווען, האָט מעהר מעגליכקייט געהאַט ווי וועלכער־עס־איז אַנדערער, זײַן שטעלפאַרטרעטער צו ווערען. אָקס, דער גוטער דײַטש, האָט אַנערקענט אַז קריסטאָף'ן קומט די שטעל, באַזונדערס, ווײַל אין שלאָס בײַם גרויספירשט האָ־בען איהם אַלע געשטיצט. ער האָט אָבער איבער זיך געהאַט אַ צו גוטע מיינונג ניט צו גלויבען, אַז עס וואָלט איהם נאָך מעהר געקומען, ווען מ'זאָל איהם נאָר אין שלאָס בעסער קענען, און ער פלעגט אויפנעהמען קריסטאָף'ן מיט אַ מאָד־נעם שמייכעל, בעת דער יונגער קינסטלער פלעגט אין דער פריה קומען אין טעאַטער מיט אַן ערנסט — אָבער דאָך שטראַהלענד פּנים.

—„נו“, — פלעגט איהם אָקס ביטרע אַ פרעג טאָן, פאַרבײַגעהענדיג נעבען איהם, — „נאָך עפּעס אַ נײַ מײַס־טערוועריק?“

קריסטאָף פלעגט איהם אָנעהמען ביים אָרעם:

„אַה! פריינד מיינער! דאָס שטעהט העכער ווי אַלץ... ווען דו זאָלסט עס הערען!... אַה! צום טייפעל! ס'איז צו שעהן!... אַזוינס האָט מען נאָך ניט געשאַפען. נאָר אַ רחמנות אויף די מענשען וואָס וועלען עס הערען! זייערע נשמות וועט זיך דעמאָלסט נאָר נאָך איין זאַך בענקען: שטאַרבען.“

אָקס איז געווען אַ ביטערער חברה־מאַן. אַנשטאָט צו שמייכלען אָדער פריינדליך אָפּצולאַכען פון דעם קינדערשען ענטוזיאַזם — וואָס וואָלט קריסטאָף'ס אויגען אויפגע־מאַכט, איהם אויך געמאַכט לאַכען און זיך ענטשולדיגען — פלעגט אָקס איהם לויבען מיט אַן איראָנישער באַגייסטע־רונג, איהם אָנציהען אַנדערע גוזמאות צו זאָגען; און זיך צו־איילען, נאָכ'ן אַוועקגעהן, דאָס אַלץ אומעטום איבערצודער־צעהלען איבערטרייבענדיג די אומגעלומפּערקייט. אין דעם קליינעם מוזיקער־קרייז פלעגט מען זיך שטיקען פון געלעכטער און אומגעדולדיג וואַרטען צו הערען די צרה'דיגע קאָמפּאָזיציעס. די מיינונג איז שוין אויף פריהער געווען אַ פאַרטיגע.

ענדליך האָט ער זיי אַרויסגעוויזען. — פון אַ גאַנצען הויפען ווערק, האָט קריסטאָף אויסגעקליבען אַן אָוואָוערטיו־רע צו העבבעל'ס י ה ו ד י ת, אַן אָוואָוערטיורע, וואָס איז איהם געפעלען מיט איהר געוואַלדיגער שטאַרקייט, מיט דעם וואָס זי האָט אויסגעדריקט דעם סאַמע היפוך פון דער דייטשער מוזיק־שוואַכקייט. ער האָט עס שוין געטאָן מיט ווייניגער ענטוזיאַזם, וואָרום ער האָט אינסטינקטיוו גענומען דערפיהלען אַז ס'איז נאַריש, אומנאַטירליך, כסדר און אונ־טער אומשטענדען צו שרייען, אַז ער איז אַ זשעני. — צו דער אָוואָוערטיורע האָט ער צוגעגעבען אַ סימפאָניע, וואָס

האָט געטראָגן דעם פּרעטענציעזן נאָמען פון דעם באַ־זעלער מאָלער, בעקלין: "דער לעבענס־חלום" און דעם אויפשריפט: "Vita somnium breve" (דאָס לעבן איז דער קירצסטער חלום). אַ רייהע ל י ע ד ע ר האָבן פאַרפאָל־קאָמט דאָס פּראָגראַם, צוזאַמען מיט אַ פּאָר קלאַסישע קאָמפּאָזיציעס און אַ פ ע ס ט מ א ר ש פון אָקס. וואָס קריסטאָף האָט חבר'יש אַריינגעשטעלט כאָטש דער מאַרש איז אומבאַדייטענד געווען.

די רעפּעטיציעס זיינען געווען ווי געוועהנליך. כאָטש די אָרקעסטער־שפּיעלער האָבן די קאָמפּאָזיציעס גאָר ניט פאַרשטאַנען און יעדער, פאַר זיך, איז עפּעס צוטומעלט גע־ווען פון דער נייער, מאָדנער מוזיק, האָבן זיי דאָך קיין צייט ניט געהאַט זיך צו שאַפן דאַריבער וועלכע עס איז מיינונג — דער עיקר, ווייל דאָס איז זיי אומעגליך געווען איידער דאָס פּובליקום האָט באַשטימטעס אויסגעדריקט. אַ חוץ דעם האָט זיי, די קינסטלער, גראָד ווי יעדען געהאַרכזאַמען און דיסציפּלינירטען דייטשען אָרקעסטער, קריסטאָף'ס זיכער־הייט אימפּאָנירט. בלויז די זינגערין האָט איהם שוועריג־קייטען געמאַכט. דאָס איז געווען די בלוי־געקליידעטע דאַמע פון דער ט א נ ה א ל ע. זי איז געווען אַ געזאַנג־באַ־ריהמטקייט איבער דייטשלאַנד: אַט די „פאַמיליען־מוטער" האָט עס געזונגען ברונהילדע און קונדרי אין דרעזדען און באַירוטה, מיט דאָפּעלט־פעסטע לונגען. אויב זי האָט דער־לערנט אין דער וואַגנערישער שול די קונסט (אויף וועלכער וואַגנעריער שטאָלצירען מיט רעכט) דייטליך צו ריידען. וואָרפענדיג אין דער לופט די קאָנזאָנאַנטען און צוקלאַפּענ־דיג די וואָקאַלען ווי מיט אַ דובינע אויף די קעפּ פון אַ פאַר־גאַפטען פּובליקום, האָט זי אָבער ניט אויסגעלערנט דערביי

— גאַנץ אַבזיכטליך — די קונסט צו זיין נאַטירליך. יעדער וואָרט איז געווען אָנגעשטעלט, אַלץ אַקצענטירט; די זילבען זיינען געגאַנגען ווי מיט בלייערנע פיס, און אין יעדער פראַזע איז געווען אַ גאַנצע טראַגעדיע. קריסטאָף האָט זי געבעטען זי זאָל אַביסעל אַפּשוואַכען איהר דראַמאַטישע קראַפט. צוערשט האָט זי עס גוטוויליג געטאָן, איהר נאַטירליכע שווערקייט אַבער, און דער פאַרלאַנג שטענדיג אויסצונוצען די שטים, האָבען זי היגנעריסען. קריסטאָף איז געוואָרען נערוועז. ער האָט דער אַנשטענדיגער דאַמע דערקלעהרט, אַז אין דער מוזיק דאַרפען רעדען לעבעדיגע מענשען און ניט די שלאַנג־פאַפנער מיט איהר טראָמפּייט. די דרייסטע באַמערקונג האָט זי — נאַטירליך — אָנגענומען פאַר אַ באַליידיגונג. זי האָט איהם געזאָגט, אַז זי ווייסט, אַ דאַנק גאָט! וואָס עס הייסט זינגען; אַז זי האָט די עהרע געהאַט צו זינגען בראַהמ׳ס ל י ע ד ע ר, אין דער אַנוועזענהייט פון דעם גרויסען מאַן! און אַז ער איז גאָר ניט מיעד געוואָרען זי צו הערען.

—„נו, איז אַ מצוה, אַ מצוה אויף איהם!" — האָט קריסטאָף אויסגעשריען.

זי האָט איהם געבעטען מיט אַ שטאָלצען שמייכעל, ער זאָל אַזוי גוט זיין און איהר זאָגען, וואָס ער מיינט מיט דעם אויסרוף. ער האָט איהר געענטפערט, אַז אַזוי ווי בראַהמס האָט קיינמאָל ניט געוואוסט וואָס דאָס נאַטירליכע איז, איז זיין לויב די ערגסטע באַליידיגונג, און אַז, כאָטש ער — קריסטאָף — איז אָפט, ווי זי האָט איהם מיט רעכט באַמערקט, ניט זעהר העפליך, וואָלט ער זיך קיינמאָל ניט ערלויבט זי אַזוי צו באַליידיגען.

דער וכוח איז אין דעם טאָן ווייטער געגאַנגען, און

די דאַמע האָט זיך דוקא איינגע׳עקשנ׳ט צו זינגען אויף איהר שטאַרק פּאַטעטישען, מעלאָדראַמאַטישען שטייגער, — ביז איין טאָג, ווען קריסטאָף האָט איהר קאַלט ערקלעהרט, אַז ער זעהט, אַז איהר נאַטור איז אַזאַ און אַזאַ, און אַז זי קאָן אַנדערש ניט זיין. ער האָט אַבער צוגעגעבען, אַז אַזוי ווי די ליעדער קאָנען ניט געזונגען ווערען ווי עס דאַרף צו זיין, וועלען זיי גאַר נישט געזונגען ווערען, — אַז ער נעהמט זיי אַראָפּ פון פּראָגראַם. — ס׳איז געווען ערב דעם קאָנצערט און מ׳האָט זיך פאַרלאָזט אויף די ליעדער: זי אַליין האָט דערפון גערעדט: זי איז געווען גענוג מוזיקערין אָפּצושאַ־צען געוויסע אייגענשאַפטען אין זיי. קריסטאָף׳ס באַשלוס איז פאַר איהר א באַליידיגונג געווען: און אַזוי ווי זי איז ניט זיכער געווען, אַז דער קאָנצערט וועט ניט באַריהמט מאַ־כען דעם יונגען קינסטלער, האָט זי זיך ניט געוואָלט צוקריי־גען מיט דעם נייעם, אויפגעהענדען שטערן. זי האָט פּלוצ־לונג נאָכגעגעבען אין זיך שטיל, געהאָרכזאַם אונטערגע־וואָרפען קריסטאָף׳ן און זיינע פאַרלאַנגען ביי דער לעצטער רעפּעטיציע. ביי זיך האָט זי אַבער פעסט באַשלאָסען, אַז ביים קאָנצערט וועט זי זינגען ווי איהר ווילט זיך.

דער טאָג פון קאָנצערט איז אָנגעקומען. קריסטאָף איז גאַנץ רוהיג געווען. ער האָט ניט געקאָנט אָפּמעסטען דעם ווערט פון זיינע קאָמפּאָזיציעס, ווייל זיי האָבען צו שטארק אין איהם געלעבט. ער האָט יא געוואוסט, אז איינינע שטעלען קלינגען לעכערליך: אָבער וואָס האָט איהם דאָס צו אַרען? מ׳קאָן ניט שרייבען קיין גרויסעס, ניט באריהרענדיג דאָס לעכערליכע. צו דערגרייכען דעם סאַמע לעבענס־אמת דארף מען ניט מורא האָבען פאר׳ן מענשליכען רעספעקט, פאר דער העפליכקייט, פאר דער באשיידענהייט: דארף מען זיך ניט קימערען אום די געזעלשאַפטליכע ליגענס, אונטער וועלכע דאָס הארץ ליגט פארשטיקט. אויב מ׳וויל קיינעם ניט אָנריהרען, ניט אנשרעקען און דאָך זיין ערפאָלגרייך, מוז מען פאר ליעב אָנעמען דאָס גאנצע לעבען, מוז מען בלייבען אין די שמאָלע, קאָנווענציאָנעלע ראַמען און געבען דער געוועהנליכער וועלט ארום א פלאַכען, מעסיגען, אָפּגעשוואכטען אמת, וואָס זי זאָל קאָנען פארדייען: מען מוז בלייבען *אויף דער זייט* פון לעבען: מ׳קאָן נאָר גרויס זיין, ווען מען צוטרעט דעם מוראגעפיהל. קריסטאָף האָט דערויף געטראָטען. מען מעג איהם אויספייפען: ער איז אָבער זיכער, אז גלייכגילטיג וועט מען ניט בלייבען. ס׳האָט איהם אמוזירט זיך פאָרצושטעלען די העויות וואָס געוויסע באקאנטע זיינע וועלען מאכען, בעת זיי וועלען הערען די געוואגטע שטעלען דאָ און דאָרט. ער האָט דערוואַרט ביטערע קריטיק: ער האָט באצייטענס דערפון געשמייכעלט. יעדענפאלס, וואָלט מען באדארפט זיין

בלינד — אָדער טויב — אָפּצולייקענען, אַז ס'איז פאַראַן אין דעם אַ קראַפט — אַן אַנגענעהמע, אָדער ניין, וואָס איז די נפקה מינה? — אַנגענעהם!... אַנגענעהם!... אַ קראַפט! דאָס איז גענוג. זאָל די קראַפט זיך געהן איהר וועג, און אַלץ מיטרייסען, ווי דער ריין...

ער האָט געהאַט אַן ערשטע אַנטוישונג. דער גרויס־פירשט איז ניט געקומען. זיין לאַזשע איז פאַרנומען געווען פון אַ פּאָר הויפליייט און הויפדאַמען. קריסטאָף'ן האָט עס שטאַרק פאַרדראָסען. ער האָט זיך געטראַכט: „דער אַלטער נאַר בלאָזט זיך. ער האָט ניט קיין באַשטימטע מיינונג אי־בער מיין ווערק, און האָט מורא זיך צו קאָמפּראָמיטירען.“ ער האָט געהויבען די אַקסלען און זיך געמאַכט כלומרשט, אַז עס אַרט איהם ניט. אַנדערע האָבען עס אָבער בעסער באַ־מערקט: ס'איז געווען פאַר איהם די ערשטע ביטערע אָנ־צוהערעניש און אַ דראָהונג אויף שפּעטער — אויף דער צו־קונפט.

דער עולם איז אויך ניט געווען שטאַרק נייגעריגער ווי דער פירשט: אַ היבש דריטעל פון דעם זאַל איז געווען ליי־דיג. קריסטאָף האָט ניט־ווילענדיג ביטער אַ טראַכט גע־טאָן איבער זיינע קינדער־יאָהרען און די איבערפילטע זאַ־לען ביי זיינע אמאָליגע קאָנצערטען. וואָלט ער געהאַט מעהר ערפאַהרונג, וואָלט דאָס איהם ניט איבעראַשט; ער וואָלט פאַרשטאַנען, אַז ס'איז גאַנץ נאַטירליך, אַז אַ קלענערער עולם זאָל איהם קומען הערען ווען זיין מוזיק איז גוט, ווי ווען זי איז געווען שלעכט: ווארום ניט די מוזיק, נאָר דער מוזיקער אינטערעסירט דאָס רוב מענשען און ס'איז זעלבסט־פאַרשטענדליך, אַז אַ מוזיקער, וואָס איז אַ מענש גלייך מיט אַלעמען, רופט אַסך ווייניגער אינטערעס אַרויס ווי אַ מוזי־

קער מיט קורצע הויזלעך אָדער מיט אַ קינדער־יאַק, וואָס קיצעלט די סענטימענטאַליטעט און די נאַרישע נייגעריג־קייט.

קריסטאָף האָט אומזיסט געוואַרט דער זאָל זאָך זיך אָנפילען: ענדליך האָט ער באַשלאָסען אַנצופאַנגען. ער האָט געפּרואווט זיך דערוויזען, אַז אַזוי איז בעסער: „ווע־ניג פריינד אבער אמת'ע פריינד". — זיין אָפּטימיזם האָט לאַנג ניט געדויערט.

אַ שטילקייט האָט געהערשט בעת דעם שפּיעלען. — פאַראַן אַ שטילקייט, ווען עס פיהלט זיך ביים פּובליקום אַ טיעפע און איבערפולע ליעבשאַפט. אין דער שטילקייט איז אבער גאַרנישט געווען. גאַרנישט — אַ חוץ שלעפערדיג־קייט און פּוסטקייט. מען האָט געפיהלט, אַז יעדער טאָן פאַלט אריין אין אַ תהום מיט גלייכגילטיגקייט. קריסטאָף, כאָטש אויסגעדרעהט צום פּובליקום מיט'ן רוקען, פיהרענ־דיג דעם אָרקעסטער, האָט דאָך דערפיהלט וואָס עס קומט פאָר אין זאַל — מיט יענעם אינערליכען אינסטינקט, מיט וועלכען יעדער אמת'ער מוזיקער איז באַשאַנקען און וועל־כער ערלויבט איהם צו דערפיהלען צו זיין שפּיעלען דער־וועקט אַן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון די וואָס רינגלען איהם ארום. ער האָט ווייטער דיריגירט און זיך גע'עסק'ט מיט די מוזיקאַנטען; ער איז אבער דערפראָרען געוואָרען פון דער לאַנגווייליע, וואָס האָט זיך געצויגען פון פּאַרקעט און פון די לאָזשען הינטער איהם.

ענדליך האָט מען די אואווערטיורע אָפּגעשפּיעלט. מ'האָט אַפּלאָדירט. מען האָט אַפּלאָדירט העפליך, קאַלט און מען איז שטיל געבליבען. קריסטאָף'ן האָט זיך בעסער געוואָלט מען זאָל איהם אויספייפען... אַ פייף! אַן איינצי־

נען פייף! עפעס וואָלט דאָס ארויסווייזען א סמן פון לעבען, פון גענגען־געפיהל... וואָס זיין מוזיק זאָל ארויסרופען!..— נאַרנישט.—ער האָט געקוקט אויפ'ן פובליקום. די צוהערער האָבען געקוקט איינער אויפ'ן אנדערען, און געזוכט עפּעס א מיינונג אין די אויגען. זיי האָבען דאָרט גאַרנישט געזעהן און זיינען גלייכגילטיג ווייטער פאַרבליבען.

מען האָט ווייטער געשפּיעלט: דעם מאָל די סימפאַניע. קריסטאָף'ן איז שווער אַנגעקומען צו דערגעהן ביז'ן סוף. איינינע מאָל האָט ער געהאַלטען ביים אוועקוואַרפען דאָס שטעקעל און אנטלויפען. דער פוסטער געפיהל האָט איהם אויך ארומגענומען: ער האָט שוין אליין מעהר ניט פאַרשטאַ־נען וואָס ער דיריגירט. ער האָט ניט געקאָנט אָטעמען; ער האָט געהאַט דעם איינדרוק, אז ער פאַלט אריין אין אַן אומגע־הייער־טיעפען אַפּאַטישען תהום. מ'האָט שוין מעהר אפילו ניט געהערט די איראָנישע שושקעריי, אויף וועלכער ער האָט זיך גערעכנט ביי געוויסע שטעלען: דאָס פובליקום איז פשוט פאַרטיעפט געווען אין לעזען דאָס פּראָגראַם. קריסטאָף האָט געהערט ווי אלע מישען אויף איין מאָל איבער די זייט־לעך מיט א טרוקענעם שאָרך: — און ווידער א שטילקייט ביז'ן לעצטען אקאָרד וואו די זעלבע העפליכע פּאַטשעריי האָט באַוויזען, אז מ'האָט פאַרשטאַנען, אז דאָס שטיק איז געענדיגט. — דאָך האָבען דריי אָדער פיער, אָפּגעזונדערט פון עולם, ווייטער געפּאַטשט, בעת די אַנדערע האָבען שוין אויפגעהערט; זיי האָבען קיין אָפּקלאַנג ניט דערוועקט און זיינען אנטשוויגען געוואָרען. די פוסטקייט האָט זיך נאָך פוסטער דערפיהלט, און דער קליינער צופאַל האָט דעם פּוב־ליקום נאָך מעהר דערוויזען ס'אַרא לאַנגווייליע זיי האָבען איבערגעלעבט.

קריסטאַף איז געזעסען אין מיטען פון אָרקעסטער און ניט געוואַגט צו קוקען רעכטס אָדער לינקס. ס'האָט זיך איהם געוואָלט וויינען; און צו דער זעלבער צייט האָט ער געציטערט פון כעס. ס'האָט זיך איהם געוואָלט זיך אויפשטעלען און אויסשרייען צו אַלעמען: „איהר לאַנגווייל מיך! אָה! ווי איהר לאַנגווייל מיך! איך קאָן שוין מעהר ניט אויסהאַלטען!... געהט אייך! געהט אייך... אַלע!

דאָס פּובליקום האָט אַביסעל דערוואַכט: מ'האָט געוואָרט אויף דער זינגערין. — מ'איז צוגעוואוינט געווען זי צו אַפּלאַדירען. אין דעם ים מיט נייער מוזיק וואו עס האָט געבלאַנדזשעט אָהן אַ קאָמפּאַס איז זי געווען אַ זיכער, פעסט באַקאַנט לאַנד, וואו מ'האָט זיך ניט געקאָנט פאַרלירען. קריסטאַף האָט ריכטיג פאַרשטאַנען זייער ערוואַרטונג. די זינגערין האָט עס אויך געוואוסט: קריסטאַף האָט עס דערקענט אין איהר אַנגעשטעלטער שטאָלצער האַלטונג, בעת ער איז געקומען איהר אָנזאָגען, אַז זי דאַרף ערשיינען. זיי האָבען זיך פיינדליך איבערגעקוקט. קריסטאַף האָט, אַנשטאָט זי אָנצונעהמען ביים אָרעם, אַריינגעשטעקט די הענט אין די קעשענעס און זי געלאָזט אַליין אויפטרעטען. צאָרנדיג און פאַרשעהמט איז זי פאַרבייגעגאַנגען. ער איז איהר נאָכגעגאַנגען מיט אַ מיעדען געזיכט. ווי זי איז נאָר ערשינען, האָט דאָס פּובליקום איהר געמאַכט אַן אָוואַציע: ס'איז פאַר אַלעמען געווען אַ דערלייכטערונג; די פּנים'ער האָבען זיך אויסגעלייטערט. דער עולם האָט אויפגעלעבט, און אַלע טעאַטער־גלעזער זיינען אויף איהר אויסגעשטעלט געוואָרען. זיכער מיט זיך, האָט זי גענומען זינגען די ל י ע ד ע ר אויף איהר אייגענעם שטייגער, נאַטירליך, און אין גאַנצען אָוועקגעמאַכט קריסטאַף'ס באַמערקונגען פון פריהערדיגען

אבענט. קריסטאָף, וועלכער האָט זי באַגלייט אויף דער פּיאַנאָ, איז בלייך געוואָרען. ער האָט עס פאַראויסגעזעהען. ביי דער ערשטער ענדערונג האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן אויף דער פּיאַנאָ און געזאָגט מיט כעס: — ניין!

זי האָט ווייטער געזונגען. ער האָט פון הינטען געמור־מעלט מיט אַ דערשטיקטער און צאָרנדיגער שטים:

— ניין! ניין! ניט אַזוי!... ניט דאָס!...

דאָס פּובליקום האָט דאָס דערשטיקטע ברומען ניט גע־הערט; דער אָרקעסטער האָט אָבער געכאַפּט יעדע זילבע, און זי, נערוועז, האָט דוקא געזונגען ווי אין אָנפאַנג, געצווי־גען און געצויגען די טענער און זיך צייטענווייז אָפּגעשטעלט ווי אַן אָרגעל. ער האָט אויף דעם ניט געקוקט און ווייטער גע־שפּיעלט: צום סוף איז די מוזיק און דאָס זינגען זיך אין גאַנצען צוגאַנגען. דאָס פּובליקום האָט עס ניט באַמערקט: ס'האָט שוין לאַנג איינגעזעהן, אַז קריסטאָף'ס מוזיק איז ניט געשאַפען געוואָרען צו קלינגען אַקוראַט און אָנגענעהם; קריסטאָף, וועלכער האָט אָבער ניט געהאַט די מיינונג, האָט זיך געוואָרפען ווי אַ משוגע'נער. צום סוף האָט ער אויסגע־פּלאַצט. ער האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט.

—„גענוג!" — האָט ער אויסגעשריען.

זי האָט אַ מינוט ווייטער געזונגען, זייענדיג הינגעריי־סען פון איהר אייגענעם שוואונג, און זיך אויך אָפּגעשטעלט.

—„גענוג!" — האָט ער טרוקען איבערגע'חזר'ט.

אויף אַ ווײַלע איז דער עולם אין זאַל פּאַרטומעלט גע־בליבען. באַלד האָט קריסטאָף צו איהר אויסגערופען מיט אַן אייז־קאַלטער שטים:

—„ווידער אָנפאַנגען!"

זי האָט איהם אָנגעקוקט ווי צומישט; איהרע הענט

האָבען געציטערט: א ווײלע האָט זי געטראַכט איהם צו וואַרפען דאָס העפט אין קאָפּ אַרײן; זי האָט קײנמאָל שפּעטער ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי זי האָט עס ניט געטאָן. קריסטאָף'ס אויטאָריטעט און זײן שטרענגער טאָן האָט זי געבויגען, איהר שטאָלץ אוועקגענומען: — זי האָט ווידער אָנגעפאַנגען. זי האָט געזונגען דעם גאַנצען ל י ע ד ע ר ־ צ י ק ל ו ס, ניט בײטענדיג קײן שאַטירונג, קײן טאָן, ווארום זי האָט געפיהלט, אַז ער וועט איהר גאָרנישט שענקען, און זי האָט מורא געהאַט פאַר אַ פרישער באַלײדיגונג.

ווען זי האָט געענדיגט האָט זי דער עולם ווילד אַפּלאָדירט און צוריק גערופען. ניט די ל י ע ד ע ר האָבען זײ אַפּלאָדירט: — (ווען זי זאָל געווען זינגען אַנדערע ליעדער, וואָלטען זײ אַלץ אײנס אַפּלאָדירט) — נאָר די באַריהמטע זינגערין, וועלכע איז אַלט געוואָרען אין דיענסט: זײ האָבען געוואוסט, אַז זײ קאָנען זי, אָהן צווײפעל, באַוואונדערען. איבעריגענס, האָט זיך די צוהערערס געוואָלט זי פאַרגיטיגען צוליעב דער פריהערדיגער שטערונג. כאָטש זײ זײנען ניט זיכער געווען, האָבען זײ עפּעס פאַרשטאַנען, אַז די זינגערין האָט אַ טעות געמאַכט; זײ האָבען אָבער באַטראַכט אַלס אַ באַלײדיגונג קריסטאָף'ס אַרויסטרעט. מען האָט אַראָפּגעלאָזט דעם פאָרהאַנג. קריסטאָף האָט פּעסט פאַרקלאַפּט די פּיאַנאָ.

זי האָט די העזה ניט באַמערקט: זי איז צופיעל צוטומעלט געווען, אום צו וועלען נאָכאַמאָל זינגען. זי איז שנעל אַרויס און זיך אָפּגעשלאָסען אין איהר צימער, און דאָרט האָט זי אַ גאַנצע פערטעל שטונדע זיך דערלײכטערט דאָס האַרץ. זי האָט אַרויסגעלאָזען פון זיך דעם גאַנצען שטראָם פון כעס און פאַרדרוס, וואָס זי האָט אין זיך אויפגעהאַלטען: אַ נערווען־

קריזיס, א מבול מיט טרערן, זלזולים, באליידיגונגען פון
יעדן מין געגען קריסטאָף'ן — ס'האָט גאר ניט געפעהלט.
מ'האָט געהערט איהר כעס'דיג שרייען דורך דער פארמאכ־
טער טיר. איהרע פריינד, וועמען עס האָט זיך איינגעגע־
בען אריינצוגעהען אין איהר צימער, האָבען אומעטום, ארויס־
געהענדיג, דערצעהלט, אַז קריסטאָף האָט זיך אויפגעפיהרט
ווי א גראָביאַן. קלאַנגען פארשפרייטען זיך גיך אין א קאָנ־
צערט־זאַל. און ווען קריסטאָף איז ווידער ארויסגעטראָטען
צו דיריגירען דאָס לעצטע שטיק, איז דער עולם געווען
שטורמדיג. דאס שטיק איז אבער ניט געווען זיינס: ס'איז
געווען אָקס'עס פ ע ס ט מ א ר ש, וואָס קריסטאָף האָט
אויס פריינדשאפט אריינגעשטעלט אין פּראָגראַם. דאָס פּוב־
ליקום — וועמען עס איז, איבעריגענס, געפעלען די פּלאַכע
מוזיק — האָט געפונען א פּשוט'ען מיטעל ארויסצואווייזען
זיין פּראָטעסט געגען קריסטאָף'ן: אנשטאט אויסצופייפען
קריסטאָף'ן, (וואָס זיי האָבען קיין מוט ניט געהאט) האָט
עס שטארק אפּלאָדירט אָקס'ן און צוויי־דריי־מאָל ארויס־
גערופען דעם מחבר, וועלכער האָט ניט פארפעהלט ארויס־
צוקומען. אזוי האָט זיך דער קאָנצערט געענדיגט.

ס'פארשטעהט זיך, אז דער גרויספירשט און אלע הויף־
לייט — דאָס גאַנצע רכילות'דיג און פארלאַנגווייַלט פּראָ־
ווינציעל שטעטעל — האָבען ניט פארלאָרען קיין איינצעל־
הייט פון דעם, וואָס ס'איז געשעהן. די צייטונגען וואָס זיי־
נען פריינדליך געווען צו דער זינגערין, האָבען דעם גאַנצען
אינצידענט ניט דערמאָנט: זיי זיינען איינשטימיג געווען,
אז די זינגערין איז א גרויסע קינסטלערין. זיי האָבען שטאַרק
געלויבט און בלויז אַנגעגעבען די נעמען פון די לידער —
ניט דעם וואָס האָט זיי געשריבען. איבער די אנדערע קאָמ־

פּאַזיציעס פון קריסטאַף'ן זיינען געווען בלויז א פּאַר שורות. און דאָס זעלבע כמעט אין אַלע ציימונגען: —
„...קאַנטראַפּונקט־קענטנישע. קאַמפּליצירטע קאַמפּאַזיציע. ווייניג באַגייסטערונג. קיין מעלאָדיע. געשריבען מיט'ן קאָפּ און ניט מיט'ן הארצען. ס'פעהלט אויפריכטיגקייט. וויל זיין אָריגינעל...“ נאָכדעם איז געגאַנגען א פּאַראַגראַף איבער דער אמת'ער אָריגינאַליטעט פון די שוין־לאַנגטויטע מייס־טערס, פון מאָצאַרט, בעטהאָווען, לעווע, שובערט, בראַהמס. „די וואָס זיינען געווען אָריגינעל ניט טראַכטענדיג דערפון.“ דאַן זיינען זיי אויף א נאַטירליכען אופן איבער־געגאַנגען צו דער ווידער־אויפפיהרונג, אין דעם גרויספּירשט־ליכען טעאַטער, פון דעם „נ א כ ט ל א ג ע ר פ א ן ג ר א נ א ד א“ פון קאָנראַדין קרייצער. מ'האָט באַריכות גערעדט איבער דער „פּראַכטפולער מוזיק, וואָס איז נאָך אַזוי פריש און לוסטיג ווי ווען זי איז צוערשט געשריבען געוואָרען.“

דער סך־הכל איז געווען אַז אַלע קריטיקער, אפילו די בעסט־געשטימטע, האָבען, אַנשטווינענד, ארויסגעוויזען, אז זיי פאַרשטעהען אין גאַנצען ניט קריסטאָף'ס מוזיק. די קרי־טיקער וועלכע האָבען איהם ניט ליעב געהאַט, זיינען ארויסגעטראָטען מיט א פאַרבאַרגענער ביטרער פיינדשאַפט — זיי האָבען זיך באַוואָפענט אויף שפּעטער. און דער ברייטער עולם, וואָס ווערט בכלל ניט געפיהרט פון קריטיקער, איז גאָר שטיל געבליבען. דער גרויסער עולם, ווען מ'לאָזט איהם נאָר מיט זיינע אייגענע מחשבות, טראַכט (ס'איז אי־בעריג צו זאָגען) פון גאָרנישט.

קריסטאָף איז געבליבען שטארק דערשלאָגען. דער דורכפאל האָט איהם דאָך ניט באדארפט איבעראשען. עס זיינען דערצו געווען דריי סבות. ערשטענס, ווייל זיינע ווערק זיינען ניט געווען גענוג רייף; צווייטענס, ווייל ער איז גלייך צו ווייט דערגאנגען און מ'האָט איהם ניט פארשטאַנען; און דריטענס, דער עולם האָט הנאָה געהאט אָנצולערנען דעם העזה'דיגען יונגען מאַן. — קריסטאָף איז אָבער ניט געווען גענוג בארעכענט און בארטראכט צו פארשטעהן אַז זיין נידערלאגע איז א נאַטירליכע. עס האָט איהם באַזונדערס געפעהלט דער קלאָהרער פארשטאַנד, וואָס לערנט דעם אמת'ן קינסטלער דורך ביטערער ערפאַהרונג, ווי טעמפּ די מענשען זיינען און ווי טיעף איינגעווארצעלט די נאַרישקייט איז. זיין נאַיווער צוטרויען צום עולם און זיין גלויבען אין א באַלדיגען ערפאָלג דורך זיין ריינעם פארדינסט, זיינען צונישט געוואָרען. ער האָט גוט פארשטאַנען, אַז ער האָט פיינד; ער איז אבער צוטומעלט געוואָרען פון דעם, וואָס ער האָט קיין פריינד ניט. די, אויף וועמען ער האָט זיך פארלאָזט ביז יעצט, וואָס זיינען שיינבאַר אינטערעסירט געווען אין זיינע קאָמפּאָזיציעס, האָבען איהם, זייט דעם קאָנצערט, מיט קיין איינציג וואָרט ניט ערמוטיגט. ער האָט געפּרואווט אויסגעפינען די סבה. אַלע האָבען זיך אבער באהאלטען הינטער טונקעלע, אומקלאָרע ענטפערם. ער איז צוגעשטאַנען; ער האָט געוואָלט וויסען זייערע אמת'ע מחשבות: די אויפריכטיגסטע אפילו האָבען איהם בלויז אָנגעוויזען

אויף זיינע ערשטע ווערק, זיינע נארישע אַנפאַנגס־פארזוכען. מעהר ווי איין מאָל אין זיין שפּעטערדיגען לעבען האָט ער זיך געמוזט צוהערען ווי מען פארדאמט זיינע נייע ווערק, אנווייזענדיג אויף די אַלטע — און דאָס פון די זעלבע לייט, וועלכע האָבען צוריק מיט א פּאָר יאָהר פארדאמט זיינע אַל־טע ווערק, ווייל זיי זיינען דעמאָלסט געווען ניי. דאָס איז שוין דער געוועהנליכער כלל. קריסטאָף האָט דאָס אבער ניט געקאָנט פארליידען; ער האָט געשריען אויפ׳ן קול. וואָס מ׳האָט איהם ניט ליעב (זעהר גוט!) האָט איהם ניט גע־אַרט: דאָס האָט איהם אפילו הנאה געטאָן — ער האָט ניט געוואָלט זיין יעדענ׳ס פריינד. אבער וואָס מ׳האָט איהם כלומרשט יא ליעב און איהם ניט געלאָזט וואקסען, איהם געוואָלט צווינגען צו פארבלייבען זיין גאַנצען לעבען א קינד, דאָס האָט ער באַיין אופן ניט געקאָנט פארטראָגען. וואָס איז גוט געווען צו צוועלף יאָהר, איז ניט גוט געווען צו צוואַנ־ציג. ער האָט טאַקע געהאָפט דערביי זיך ניט אָפּצושטע־לען. ענדערען זיך, בייטען זיך שטענדיג — דאָס האָט ער געשטרעבט, און די אידיאָטען ווילען גאָר אָפּשטעלען זיין לעבען!... דאָס אינטערעסאנטע אין זיינע אַמאָליגע ווערק זיינען דאָך ניט געווען די קינדער־נאַרישקייטען, נאָר די קרעפטען וואָס האָבען געברויזט און זיך געריסען צו דער צו־קונפט. און די צוקונפט האָבען זיי געוואָלט טויטען!... ניין, זיי האָבען קיינמאָל ניט פארשטאַנען וואָס עס איז, זיי האָ־בען איהם קיינמאָל ניט ליעב געהאט — ניט נעכטען און ניט היינט. זיי האָבען ליעב געהאט דאָס שוואַכע, דאָס פּראָס־טע אין איהם, דאָס געמיינשאַפטליכע מיט אַנדערע, ניט א י ה ם אַליין, א י ה ם באמת: זייער פריינדשאפט איז בלויז געווען א מיספארשטענדעניש...

ער האָט אפשר איבערגעטריבען. עס טרעפט אפט, אז עהרליכע מענשען, וואס זיינען ניט פעהיג גענוג ליעב צו האָ־בען א ניי ווערק, האָבען עס אויפריכטיג ליעב צוואַנציג יאָהר שפּעטער. דאָס נייע לעבען האָט א צו שטאַרקען ריח פאַר זייערע שוואכע קעפּ: די צייט־ווינטען מוזען צוערשט אויס־וועבען אָט דעם ריח. דאָס קונסט־ווערק ווערט זיי ערשט פאַרשטענדליך, ווען עס ווערט שוין פאַרדעקט מיט די לאַנג־יעהריגע שטויבען.

קריסטאָף האָט אבער ניט געקאָנט איינגעהען אויפ׳ן געדאַנק, אז מ׳זאָל איהם נ י ט פאַרשטעהען י ע צ ט און י אַ פאַרשטעהען ש פּ ע ט ע ר. ער האָט שוין בעסער געוואָלט גלויבען, אז מען וועט איהם, אין קיין פאַל, קיינמאָל ניט פאַרשטעהן. דער פאַרדרוס האָט אין איהם גע־זאָטען. ער איז גענוג נאַריש געווען צו ווע̇לען ערקלעהרען, קלאָר מאַכען, טענה׳ן, כאָטש ס׳איז געווען גאָר איבעריג: דערצו האָט מען באמת באַדאַרפט בייטען דעם געשמאַק פון דער צייט. ער האָט זיך אבער פאַר קיין זאַך ניט אָפּגע־שטעלט. ער איז אנטשלאָסען געווען, מיט גוטען אָדער מיט שלעכטען, אָפּצוראַמען אין גאַנצען דעם אַלטען דייטשען געשמאַק. ס׳האָט איהם געפעהלט דערצו די מעגליכקייט. ניט מיט א פּאָר געשפּרעכען, וואו עס האָבען איהם געפעהלט די פּאַסיגע ווערטער, און אין וועלכע ער איז שטאַרק באַפאַ־לען די גרויסע מוזיקער, און אפילו די, מיט וועלכע ער האָט גערעדט, האָט ער ווען עס־איז געקאָנט איבערצייגען; ס׳האָט זיך איהם בלויז איינגעגעבען זיך צו שאַפען נאָך א פּאָר שונאים. ער האָט באַדאַרפט אויף פריהער זיינע גע־דאַנקען קלאָר און געמיטליך אויסאַרבייטען, און דאַן צווינ־גען דעם עולם זיך צוצוהערען צו איהם...

און גראד דעמאָלסט, צו יענער באַשטימטער שטונדע, האט איהם זיין מזל — זיין שלים מזל בעסער געזאגט — געגעבען די מיטלען דערצו.

ער איז געזעסען ביי אַ טישעל אין אַ טעאַטער־רעס־טאָראַן מיט אַ גרופּע מוזיקער פונ׳ם אָרקעסטער, און האָט זיי סקאַנדאַליזירט מיט זיינע באַטראַכטונגען איבער קונסט. ניט אַלע האָבען געהאַט די זעלבע מיינונג: אַלע האָבען זיך אָבער געפיהלט פאַרלעצט פון זיינע ניט־איינגעהאַלטענע רייד. דער אַלטער קראַוזע, דער אַלטאַ, אַ וואוילער מענש און גוטער מוזיקער, וואָס האָט איהם אמת׳דיג ליעב געהאַט, האָט געוואָלט פאַרדרעהען דעם געשפּרעך: ער האָט געהוסט און געזוכט עפּעס אַ געלעגענהייט צו מאַכען אַ גוטען וויץ אָדער וואָרט־שפּיעל. קריסטאָף האָט זיך אָבער ניט אומגע־קוקט: ער האָט ווייטער וואָס היציגער גערעדט. קראַוזע׳ן האָט עס געקרענקט: ער האָט זיך געטראַכט:

„פאַרוואָס רעדט ער דוקא איבער די זאַכען? לאַנג לע־בען זאָל ער! אָבער צו וואָס דאַרף ער דאָס אַלץ זאָגען? ס׳איז גענוג, אַז ער טראַכט איבער די זאַכען.

אַ מאָדנע זאַך — ער, דער אַלטער קראַוזע, האָט אויך איבער „די זאַכען" געטראַכט, ניט אַזוי פעסט ווי קריסטאָף: דעם יונגען קינסטלער׳ס ווערטער האָבען דערוואַכט זיינע ספקות. ס׳האָט איהם אָבער געפעהלט דער מוט זיך דאָס מודה צו זיין, און באַזונדערס דאָס הויך אַרויסצוזאָגען,— האַלב פאַר מורא זיך צו קאָמפּראָמיטירען, האַלב צוליעב באַשיידענהייט און זעלבסט־מיסטרויען.

וויינעל, דער קאָרנעט־שפּיעלער, האָט פון גאָרנישט געוואָלט וויסען. איהם האָט זיך געוואָלט באַוואונדערען, אַבי וואָס, אָדער אַבי ועמען, גוטס אָדער שלעכטס, אַ שטערן

אדער א גאז־לאמטערנע: אַלץ איז פאר איהם געשטאַנען אויף דער זעלבער מדרגה. ער האָט ניט געוואוסט וואָס עס הייסט מעהר באוואונדערען, אַדער ווענינער באוואונדערען: ער האָט באוואונדערט, באוואונדערט, באוואונדערט. ס'איז פאר איהם געווען א לעבענס־באדערפעניש: ער האָט געליטען ווען מ'האָט איהם באַגרענעצט.

דער וויאָלאָנטשעליסט, קוה, האָט נאָך מעהר געליטען. ער האָט מיט'ן גאנצען הארצען ליעב געהאט פלאכע, געמיינע מוזיק. אַלץ וואָס קריסטאָף האָט פארפאַלגט מיט זיין סארקאזם און מיט זיינע באליידיגונגען איז איהם אָהן א שיעור טייער געווען. אינסטינקטיוו איז איהם גראד די קאָנוועַנציאָנעלסטע מוזיק אמבעסטען געפעלען; זיי נשמה איז געווען א גרויסע כלי מיט וויינענדיגע און פאראדנע געפהילען. ער האָט געהאט אן אמת'ע, עהרליכע, געפיהלפולע פארעהרונג פאר די פאַלשע גרויסע מענער; ווען ער האָט זיך אבער געוואַלט איינרעדען, אז ער באוואונדערט אויך די אמת'ע גרויסע, איז ער אומעהרליך געווען — נאַיוו אומעהרליך. עס זיינען פאראן ברואים, וועלכע גלויבען, אז זיי געפינען אין זייער גאָט די נשמה פון די פארשטאָרבענע זשעניען: זיי האָבען ליעב בעטהאָווען אין בראהמס'ן. קוה האָט נאָך בעסער געטאָן: ער האָט ליעב געהאט בראהמס'ן אין בעטהאָווען.

קריסטאָף'ס פאַראַדאָקסען האָבען אבער מעהר ווי אלעמען פארדראָסען דעם באַס־שפּילער, שפּיץ. ניט זיין מוזיקאלישער אינסטינקט האָט אזוי געלטיען ווי זיין נאַטירליכער שקלאווען־געפהיל. איינער פון די רוימישע קסרים האָט געוואָלט שטאַרבען שטעהענדיג. שפּיץ האָט געוואָלט שטאַרבען, ווי ער האָט שטענדיג געלעבט, קריכענ־

דיג אויף אַלע פיער. דאָס איז געווען דאָס נאַטירליכסטע פאַר איהם. ער האָט די גרעסטע הנאה געהאַט צו לעקען די פיס פון אַלע אפיציעלעס, פארהייליגטעס, „געלונגענעס“ און ער פלעגט ווערען אויסער זיך, ווען מ׳פלעגט איהם אָפּהאַל־טען פון שפּיעלען, גאַנץ רוהיג, זיין לאַקיי־ראָלע.

אזוי איז עס געגאַנגען: קוה האָט געקרעכצט, ווייגעל האָט געמאַכט פאַרצווייפעלטע העויות, קראַוזע האָט זיך געווי־צעלט, און שפּיץ האָט מיט אַ גרילצענדער שטים געשריען. קריסטאָף האָט אבער, אומגעשטערט, געשריען נאָך העכער ווי די אַנדערע, און געזאָגט די גרעסטע גוזמאות איבער דייטשלאַנד און איבער די דייטשען.

ביי אַ נעבענדיגען טישעל האָט זיך אַ יונגער מאַן צו־געהערט און געקייקעלט פון געלעכטער. ער האָט געהאַט שוואַרץ־געקרויזטע האָר, שעהנע, קלוגע אויגען, אַ גרויסע נאָז, וואָס האָט ביים שפּיץ זיך ניט געקאָנט באַשליסען צו געהען רעכטס אָדער לינקס, און זיך געגאַנגען, אנשטאט גאָר גלייך, אביסעל אויף ביידע זייטען, גראָבע ליפּען און אַ שאַרף, באַוועגליך געזיכט. ער האָט פּינקטליך נאָכגעפאָלגט אַלץ, וואָס קריסטאָף האָט געזאָגט. טיילמאָל האָט ער זיך מיט אַ סימפּאַטישער מינע צוגעהערט, טיילמאָל מיט אַן אָפּ־לאַכענדער מינע: געקנייטשט דערביי דעם שטערען, די שלייפען, די אויגען־ווינקלען, די באַקען און ארום די נאָז־לעכער, געמאַכט לאַכענדיגע העויות, און פון צייט צו צייט אויסגעשאָסען אין אַ געלעכטער. ער האָט זיך אין דעם גע־שפּרעך ניט אריינגעמישט, ער האָט אבער קיין איין וואָרט ניט פאַרפעהלט. ער האָט באַזונדערס ארויסגעוויזען זיין הנאה, בעת ער האָט געזעהן ווי קריסטאָף פאַרקריכט אין אַ וכוח און, פאַרטשעפּעט פון שפּיץ׳ן, וואַרפט ער זיך, מור־

מעלט און שטאַמעלט פון כעס, ביז ער געפינט סוף כל סוף דאָס וואָרט וואָס ער האָט געזוכט, — א פעלז, צו הרג'ענען דעם געגנער. ער האָט אויך אַהן א שיעור הנאה געהאַט זעהענדיג ווי קריסטאָף'ס ליידענשאַפטען רייסען איהם מיט ווייטער ווי זיינע געדאַנקען דערגרייכען, און ער מאַכט געוואַלדיגע פאַראַדאָקסען, וואָס פאַרכאַפּען דעם אָטעם.

ענדליך, אויסגעמאַטערט פון דעם פילדערן און טענה'ן, אז איינער שטעהט העכער פונ'ם אנדערען, האָבען זיי זיך צושיידט. בעת קריסטאָף, וואָס איז פאַרבליבען דער לעצטער, האָט געהאַלטען אין אריבערטרעטען די שוועל, איז דער יונגערמאַן, וואָס האָט איהם אַזוי פאַרגניגענד צוגעהערט, צו איהם צוגעקומען. קריסטאָף האָט איהם נאָך ניט געהאַט באַמערקט. דער אַנדערער האָט העפליך אראָפּגענומען די היטעל, געשמייכעלט און געבעטען די ערלויבעניש זיך פאָרצושטעלען: — פראַנץ מאַנהיים.

ער האָט זיך ענטשולדיגט, וואָס ער האָט זיך דאָס רעכט גענומען נאָכצופאָלגען דעם וכוח און איהם גראַטולירט, וואָס ער האָט אַזוי מייסטערהאַפט צושלאָגען זיינ'ע געגנער. קריסטאָף האָט איהם צופרידען אָנגעקוקט, אָבער אביסעל מיסטרויאיש:

—„איהר מיינט עס ערנסט?" — האָט ער געפרעגט.

—„איהר לאַכט ניט פון מיר?"

דער אַנדערער האָט זיך אָפּגעשוואָרען. קריסטאָף'ס פנים האָט אויפגעשטראַהלט:

„און איהר דענקט טאַקע, אז כ'האָב רעכט? איהר האָט אויך די זעלבע מיינונג?"

—„נו, דעם אמת געזאָגט," — האָט מאַנהיים געענטפערט, — „בין איך ניט קיין מוזיקער, און כ'ווייס גאַר-

נישט וועגען מוזיק. די איינציגע מוזיק וואָס געפעלט מיר — (און ס׳איז ניט קיין גרויסער קאָמפּלימענט פאַר אייך) — איז אייער מוזיק... נאָך אַלעמען ווען דאָס אויך דערוויזן, אַז מיין געשמאַק איז ניט אַזוי פאַרדאָרבען...״

„הע! הע!״ — האָט קריסטאָף געזאָגט מיט אַ צווייפ־לענדער מינע, כאָטש די חניפה איז איהם דאָך געפעלען — „דאָס איז נאָך ניט קיין באַווייז. — ס׳איז שווער אייך צו־פרידענצושטעלען... נו, גוט? איך שטים מיט אייך איין — דאָס איז אויך נישט קיין באַווייז. דערפאַר ערלויב איך מיר טאָקע ניט צו זאָגען קיין מבינות איבער די דייטשע מוזי־קער. ס׳איז אָבער, יעדענפאַלס, אמת בנוגע די דייטשען בכלל, בנוגע די אַלטע דייטשען, די אַלע ראָמאַנטישע אידיאַ־טען מיט זייערע פאַרשימעלטע געדאַנקען, מיט זייער וויי־נענדיגער סענטימענטאַליטעט, מיט זייערע פאַראַלטעטע פסוקים, וועלכע מ׳וויל מיר זאָלען באַוואונדערען, „ד ע ר אייביגער נעכטען וואָס איז אַלעמאָל געווען, און וועט אַלעמאָל זיין, און וועט דאָס געזעץ מאָרגען, ווייל ער שאַפט היינט דאָס געזעץ.״

ער האָט ציטירט אַ פּאָר באַריהמטע פערזען פון שי־לער׳ן:

...Das evig Geistige
Das immer war und immer wiederkehrt...

—„ער פאַר אַלעמען!״ — און ער האָט זיך אין מיטען אָפּגעשטעלט.

„ווער?״ — האָט קריסטאָף געפרעגט.

—„אָט דער חברה־מאַן וואָס האָט עס געשריבען!

קריסטאָף האָט ניט פאַרשטאַנען. מאַנהיים האָט אָבער ווייטער גערעדט:

„איך — איך וואָלט פאַר אַלעמען געוואָלט, אַז מ'זאָל אַלע פופציג יאָהר שטרענג אויסראַמען די קונסט און די פי־לאָזאָפיע — מ'זאָל גאָר ניט איבערלאָזען פונ'ם פריהעריגען".

—„ס'איז אַביסעל צו גרינדליך" — האָט קריסטאָף, שמייכלענדיג, געזאָגט.

„ניין, איך פאַרזיכער אייך, אַז ניין. פופציג יאָהר איז נאָך צו פיעל. איך האָב געדאַרפט זאָגען: דרייסיג... און אפשר נאָך ווייניגער. ס'איז אַ פראַגע פון היגיענע. מען האַלט ניט אין הויז די אַפּגעשטאָרבענע אורעלטערען. ווען זיי שטאַרבען, שיקט מען זיי זאָלען זיך געמיטליך פוילען אנדערשוואו, און מ'לעגט אויף זיי אַרויף שטיינער, מ'זאָל זיכער זיין, אַז זיי וועלען ניט צוריק קומען. עדעלע מענשען לעגען אויך אַרויף בלומען. אויב עס געפעלט זיי אַזוי, אַרט מיך ניט. אַלץ וואָס איך וויל, איז מ'זאָל מיך צורוה לאָזען. איך — איך לאָז זיי צורוה! יעדער צווישען זייניגע: די לע־בעדיגע אויף מיין זייט, די טויטע אויף דער אַנדערער."

—„פאַראַן טויטע וואָס זיינען לעבעדיגער ווי די לעבע־דיגע."

„ניין, קיינמאָל ניט! עס וואָלט אמת'ער געווען, ווען איהר וואָלט זאָגען, אַז ס'איז פאַראַן לעבעדיגע, וואָס זיינען מעהר טויט ווי די טויטע."

—„ס'קאָן זיין. יעדענפאַלס קאָן מען זאָגען, אַז ס'איז פאַראַן אַלטעס וואָס ס'איז נאָך יונג."

„נו, אויב ס'איז נאָך יונג, וועלען מיר דאָס אַליין אויס־געפינען... מיר גלויבט זיך אָבער ניט. וואָס איז אַמאָל גוט געווען איז ניט גוט אויף שפּעטער. נאָר דאָס נייע איז גוט.

פאַר אַלעמען דאַרף מען פּטור ווערען פון'ם אַלטען. פאַראַן צופיעל אַלטעס אין דייטשען לאַנד... נידער מיט די אַלטע און מיט'ן אַלטען!"

קרסיטאָף האָט זיך צו די היציגע רייד צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. ער האָט ניט געקאָנט אין גאַנצען איינשטימען. עס האָט זיך איהם געוואָלט בעסער פאַר־שטעהען דעם ענין. טיילווייז זיינען איהם די רייד געפעלען, ווייל ער האָט אין זיי דערקענט אייניגע פון זיינע געדאַנקען.; צו דער זעלבער צייט האָט ער זיך געפיהלט ווי אין א פאַר־לעגענהייט, הערענדיג ווי קאַריקאַטוריש מ'רעדט איבער זיי. ער האָט אָבער געהאַלטען, אַז אַלע זיינען אַזוי ערנסט ווי ער און גערעכענט אַז מאַנהיים, וועלכער האָט אויסגעזעהן מעהר געבילדעט ווי ער און גערעדט פרייער, האָט אפשר רעכט, אַז ער ציהט בלויז די לאָגישע שלוסען פון זיינע פּרינצי־פּען. דער שטאָלצער קריסטאָף, וועמען אַזוי פיעל מענשען האָבען ניט געקאָנט מוחל זיין דעם זעלבסט־גלויבען, איז גראַד געווען נאַיוו־באַשיידען. און האָט זיך אָפט געגאַרט בעת ער האָט געהאַט צו טאָן מיט לייט, וואָס האָבען געהאַט א גרעסערע בילדונג ווי ער — באַזונדערס, ווען זיי האָבען עס ניט אַרויסגעוויזען אויף א גאווה'דיגען שטייגער און אויס־געמידען אומאַנגענעהמע וכוחים. מאַנהיים האָט הנאה גע־האַט פון זיינע פּאַראַדאָקסען. פון ענטפער צו ענטפער זיי־נען זיינע שטעד־ווערטער נאָך בייסענדער, נאָך שאַרפער גע־וואָרען, און ער האָט פון זיי אַליין געלאַכט. ער איז ניט גע־ווען צוגעוואוינט מ'זאָל זיינע רייד ערנסט נעהמען. און האָט זיך אַמוזירט פון דער מיה, וואָס קריסטאָף האָט זיך גענעבען זיי צו באַשטרייטען, אָדער פאַרשטעהען. ער האָט אָפּגעלאַכט; ער איז אָבער קריסטאָף'ן דאַנקבאַר געווען פאַר

דעם ווערט וואָס ער גיט צו זיינע טענות. ער האָט איהם אויסגעזעהן נאַריש און ליעבליך צו דער זעלבער צייט.

ביים אוועקגעהן זיינען זיי שוין געווען אמת'ע גוטע פריינד. דריי שטונדען שפּעטער, ביי דער רעפּעטיציע, איז קריסטאָף איבעראַשט געוואָרען ווידער צו זעהן מאַנהיימ'ס פּנים, שטראַהלענדיג און פאַרקרימט, אַרויסשטעקענדיג דורך דער טיר, וואָס האָט געפיהרט צום אָרקעסטער, און איהם געהיימניספול צואווינקענדיג, ווען די רעפּעטיציע איז אַריבער, איז קריסטאָף צו איהם צוגעגאַנגען. מאַנהיים האָט איהם פאַמיליאַרנע אָנגענומען ביים אָרעם.

—„איהר האָט אַ פּאָר מינוטען?... הערט, ס'איז מיר איינגעפאַלען אַ געדאַנק. אפשר וועט עס אייך אויסזעהן נאַריש... זאָגט נאָר, וואָלט איהר ניט וועלען, כאָטש איין מאָל, שרייבען אלץ וואָס איהר דענקט איבער דער מוזיק און די מוזיקער? אנשטאָט זיך אָפּצועסען דאָס האַרץ טענה'ענדיג מיט די פיער אידיאָטען פון אייער אָרקעסטער, וואָס טויגען נאָר צו בלאָזען און סאָפּען אין די שטיקער האָלץ,— וואָלט ניט בעסער געווען, איהר זאָלט אייך ווענדען צום גאַנצען עולם?"

„צי עס וואָלט ניט בעסער געווען? צי איך וואָלט וועלען?... אודאי אזוי... נאָר וואו זאָל איך שרייבען? ס'איז זעהר שעהן פון אייך!..."

—„אויב אזוי, האָב איך אַ פאָרשלאַג פאַר אייך... מיר האָבען אַ פּאָר פריינט און איך: — אַדאַלבערט פאָן וואַלדהאוז, ראַפאַעל גאָלדערינג, אַדאָלף מאַי און לוסיען עהרענפעלד — מיר האָבען געגרידעט אַ צייטשריפט, די איינציגע אינטעליגענטע צייטשריפט אין שטאָט: „די אַ ני ז אַ ס". — (איהר האָט אודאי געהערט דערפון?...) — מיר באַ־

וואונדערען אייך אַלע און וואַלטען זעהר צופרידען געווען, איהר זאָלט ווערען פון אונזעריגע... וואָלט איהר אויף זיך נעהמען די מוזיק־קריטיק?

קריסטאָף'ן האָט דער כבוד ווי צוטומעלט. ס'האָט זיך איהם שטאַרק געוואָלט אָננעהמען, ער האָט אָבער מורא גע־האַט, אַז ער איז ניט גענוג פעהיג — ער האָט ניט געקאָנט שרייבען.

—„לאָזט נאָר דאָס!" — האָט מאַנהיים אויסגערופען.

—„איך בין זיכער, איהר קאָנט גאַנץ גוט שרייבען. חוץ דעם, ווי איהר ווערט נאָר א קריטיקער האָט איהר שוין אַלע רעכט. איהר דאַרפט אייך ניט שעהמען פאַר'ן לעזענדען פּובליקום, עס איז אַזוי נאַריש!... א קינסטלער איז ניט קיין גרויסע זאַך: א קינסטלער איז א מין קאָמעדיאַנט... וועמען מ'קאָן אויספייפען. א קריטיקער אָבער איז א מענש, וואָס האָט דאָס רעכט אַלץ צו זאָגען. ער קאָן זאָגען: „פייפט מיר נאָר אויס אָט דעם מענשען!" דאָס גאַנצע פּובליקום פאַרלאָזט זיך אויף איהם. ס'איז צו שווער צו דענקען, לאָזט מען איהם דאָס טאָן. און איהר דענקט וואָס אייך ווילט זיך. מ'דאַרף נאָר אנשטע־לען א דענקענדע מינע, מ'זאָל זעהען, אַז מ'דענקט פון עפּעס. שטאָפּט נאָר די גענז מיט עפּעס (מיט אַבי־וואָס) ווע־לען זיי עס שוין אַראָפּשלינגען."

קריסטאָף האָט ענדליך צוגעשטימט און שטאַרק אָפּ־געדאַנקט. זיין איינציגער באַדינג איז געווען, ער זאָל האָ־בען דאָס רעכט אַלץ צו זאָגען.

„אודאי, אודאי," — האָט מאַנהיים איהם געענטפערט —„פאַלשטענדיגע פרייהייט! יעדער פון אונז איז פריי!"

מאַנהיים איז צום דריטען מאָל געקומען איהם אויפזוכען אין טעאַטער דעם אבענט—נאָך דער פאָרשטעלונג, כדי איהם פאַרצושטעלען פאַר אדאלבערט פאָן וואלדהאוז'ן און זיינע פריינד. זיי האָבען איהם ווארים אויפגענומען.

אַ חוץ וואלדהאוז'ן, וועלכער איז געוועזען פון אַן אַלטער לאַנד־אריסטאָקראַטישער משפחה, זיינען זיי אַלע געווען אי־דען, און אַלע גאַנץ רייך . מאַנהיים איז געווען דער זוהן פון אַ באַנקיר, גאָלדענריג דער זוהן פון אַ לאַנד־אייגענטימער און באַוואוסטען ווייג־הענדלער, מאַי — פון אַ דירעקטאָר פון אַ גרויסען מעטאַלורגישען געשעפט און עהרענפעלד — פון אַ גרויסען יוּוועליער. זייערע פאָטערס, פון דעם אַלטען אידישען דור, זיינען פאַרבליבען טריי דעם אידישען גייסט, האָבען שווער, אומערמידליך געארבייט, געמאַכט זיי־ער פאַרמעגען דורך שטאַרקער ענערגי און מעהר הנאה־גע־האַט פון דער ארבייט ווי פון'ם געלט. די זיהן זיינען ווי געשאַפען געווען צו פאַרניכטען דאָס וואָס די עלטערען האָ־בען אויפגעבויט. זיי האָבען אָפּגעלאַכט פון די פאַראורטיי־לען פון זייערע פאַמיליעס און פון זייער נייגונג צו שפּאָרען און צונויפקלויבען אַלץ ווי מוראשקעס. זיי האָבען געשפּילט די ראָלע פון קינסטלער, פון מענשען וואָס האַסען געלט און ווילען עס ארויסוואַרפען דורכ'ן פענסטער. אין אמת'ן אָבער האָבען זיי גאָרנישט ארויסגעלאָזען פון די הענט; מיט אַלע זייערע קאַפּריזען און שגעונות'ן האָבען זיי דאָך ניט פאַר־לאָרען זייער קלאָרען און פּראַקטישען פאַרשטאַנד. חוץ דעם האָבען די טאַטעס אויף זיי אכטונג געגעבען און זיי געהאַל־

טען אין צאַם. מאַנהיים, דער גרעסטער אויסברענגער צווי־
שען זיי, וואָלט מיט'ן גאַנצען האַרצען אוועקגעגעבען אַלץ
וואָס ער האָט פאַרמאָגט, ער האָט אָבער גאָרנישט פאַר־
מאָגט; און כאָטש ער האָט געשטורמט געגען פאָטער'ס
קאַרגשאַפט, האָט ער אין זיך געלאַכט דערפון און איהם
גענעבען געדעכט. סוף כל סוף איז נאָר וואָלדהאוז געווען
בעל־הבית איבער זיין פאַרמעגען. ער האָט דערפאַר גע־
שפּילט די גרענדע, אויסגעגעבען ווי פיל ער האָט געוואָלט
און אויסגעהאַלטען אויף זיין חשבון די צייט־שריפט. ער איז
געווען א דיכטער, ער האָט געשריבען „פּ אַ ל י מ ע ט ע ר ס“
אויף אַרנאָ האָלץ'ס און וואָלט וויטמאַנ'ס שטייגער, גאָר
לאַנגע און גאָר קורצע פערזען, וואו די איינצעלנע, דאָפּעלטע
און דרייפאַכע פּונקטען, די שטריכען, די פּאַוזעס, די גרויסע
אותיות, די קורסיוו־שריפטען און די אונטערשטריכענע ווער־
טער האָבען געשפּילט א גרויסע ראָלע — ניט קיין קלענערע
ראָלע ווי דאָס איבערחזור'ן פון א וואָרט — א שורה — א
גאַנצע פראַזע. אין דעם פלעגט ער אריינוואַרפען ווערטער
פון אַלע לשונות. עס האָט זיך איהם כלומרשט געוואָלט
איבערגעבען ס ע ז אַ נ'ס מאַלעריי — עפעקטען —
(פאַר וואָס, האָט ער ניט געוואוסט) — אין פּאָעזיע. ער איז
אין אמת'ן געווען פּאָעטיש געוואוסט צו דערפיהלען, אויף א
ווירדיגען שטייגער, בלויז אָפּגעשמאַקטע זאַכען. ער איז
געווען סענטימענטאַל און טרוקען, נאַיוו און פראַנטיש. זיינע
געמוטשעטע פערזען האָבען כלומרשט געוואָלט זיין עלעגאַנט־
נאַכלעסיג. ער האָט געקאָנט זיין א דיכטער פאַר סאַלאָן־
מענשען. עס זיינען אָבער פאַראַן צופיל פון דעם מין פּאָעטען
אין די צייטשריפטען און אין די סאַלאָנען, ער האָט געוואָלט
זיין אַ ל י י ן. איהם האָט זיך געוואָלט שפּילען די ראָלע

פון דעם גרויסען אריסטאָקראַט וואָס וואַרפט אוועק אַלע פאָראורטיילען פון די זייניגע, און ער האָט געהאַט מעהר פאָראורטיילען ווי וועד עס איז. ער האָט זיך דאָס אָבער ניט מודה געווען. ער האָט באַזונדערס הנאה געהאַט זיך ארומ־צורינגלען מיט אידען אין דער צייטשריפט, וואו ער איז דער רעדאַקטאָר געווען, כדי וואָס מעהר אויפצוקאָכען זיין משפחה, וואָס איז געווען זעהר אַנטיסימיטיש און כדי זיך אליין צו דערווייזען ווי ברייטזייניג ער איז. מיט זיינע קאָלעגען האָט ער אָנגענומען אַ שטעלונג פון העפליכער גלייכהייט. אין האַרצען אָבער האָט ער צו זיי געפיהלט אַ שטילע אָבער אומבאַגרענעצטע פאַראַכטונג. ער האָט געוואוסט אַז עס שמעקט זיי גוט אויסצוגעבען זיין געלט; דאָס האָט איהם אָבער ניט געאַרט, ווייל דאָס האָט איהם געגעבען דאָס רעכט אויף זיי צו קוקען פריציש, פון אויבען אַראָפּ.

זיי האָבען איהם אויך פאַראַכטעט צוליב זיין שטעלונג: ווארום זיי האָבען געוואוסט, אַז אין דעם שטעקט זיין זעלבסט צופרידענהייט. ס'איז געווען אַ רעכטער אויסטויש. ער האָט מיט זיך געבראַכט זיין נאָמען און פאַרמעגען. זיי האָבען מיט זיך געבראַכט זייער טאַלאַנט, זייער גע־שעפטס־פעהיגקייט און קונדשאַפט. זיי זיינען געווען אינ־טעליגענטער ווי ער. ניט מחמת זיי האָבען געהאַט מעהר פערזענליכקייט ווי ער — זיי האָבען אפשר געהאַט ווייניגער ווי ער. אָבער אין דעם שטעטעל — ווי אומעטום און אלע־מאָל, פשוט דערפאַר, ווייל דער ראַסען־אונטערשייד זונדערט זיי אָפּ זינט יאָהרהונדערטע און פאַרשאַפט זייער באַאָבאַכ־טונגס־קראַפט — זיינען זיי, די אידען געווען די פאַרגעשרי־טענסטע און די, וואָס האָבען מעהר ווי אַלע דערפיהלט די לעבערליכע זייט פון די צופוילטע אַנשטאַלטען און די פאַר־

שימעלטע געדאַנקען. אַזוי ווי זייער כאַראַקטער איז אָבער גע־
ווען מעהר באַגרענעצט ווי זייער אינטעליגענץ, האָבען זיי טאַ־
קע אָפּלאַכענדיג, מעהר געזוכט אויסצונוצען די אַנשטאַלטען
און געדאַנקען פאַר זייערע אייגענע אינטערעסען ווי זיי צו רע־
פאָרמירען. טראָץ זייער פרייען און אָפענעם ארויסטריט,
זיינען זיי דאָך געווען, גראַד ווי דער אַריסטאָקראַט אַדאַל־
בערט, קליינינקע פּראָווינציעלע „סנאָבס“, פּוסטע, צולאַ־
זענע זיהן פון רייכע פאַמיליעס, וועלכע גיבען זיך אָפּ מיט
ליטעראַטור ווי מיט אַ קאָקעטישען שפּיל. זיי האָבען הנאה
געהאַט פון שפּילען די ראָלען פון העלדען וואָס וואַרפען און
שטעכען מיט שווערדען; זיי זיינען אָבער געווען וואוילע
מענשעלעך און האָבען נאָר געשטאָכען גאָר שטילע מענשען.
אָדער אַזעלכע וואָס זיי האָבען פאַרשטאַנען אַז זיי וועלען
זיי שוין קיינמאָל ניט קאָנען שאַדען. זיי האָבען זיך ניט
געוואָלט צוקריגען מיט אַ געזעלשאַפט, וואוהין זיי וועלען
שפּעטער דאַרפען צוריקאַריינטרעטען. לעבען רוהיג מיט
אַלעמען און אויפנעמען די פאַראורטיילען, וועלכע זיי האָ־
בען פריהער באַקעמפט. און ווען זיי האָבען שוין יאָ גע־
וואַגט אויפצוהויבען אַ געשריי, מאַכען אַ שטיקעל רעקלאַמע
אָדער מיט די שווערדען זיך שטעלען געגען אַ צייטוויילינגער
געמשקע — וואָס האָט ממילא געהאַלטען ביים אומפאַלען —
האָבען זיי געלאָזט אַז אָפענע טירעל, דורך וועלכע זיי זאָלען
אין אַ געפאַהר קאָנען אַנטלויפען. נאָך יעדען געפעכט, וואָס
דער רעזולטאַט זאָל ניט געווען זיין, — האָט מען זיך אויף
אַ לאַנגער צייט אָפּגעשטעלט. די פיליסטערס האָבען גע־
קאָנט רוהיג שלאָפען. אַלץ וואָס די נייע חברים פון ד אַ־
ו ו י ד ס ב י נ ד ל האָבען געוואָלט, איז געווען צו מאַכען
דעם איינדרוק אַז זיי האָבען געקאָנט זיין שרעקליך, ווען זיי

זאָלען נאָר געווען וועלען: — זיי האָבען אָבער קיינמאָל ניט געוואָלט. עס האָט זיך זיי בעסער געוואָלט זיין גוט־ברודער מיט די קינסטלער און פאַרברייגגען מיט די אַקטרי־סעס.

קריסטאָף האָט זיך ניט גוט געפיהלט צווישען זיי. זיי פלעגען נאָר שטענדיג רעדען פון פרויען און פון פערד — און דוקא ניט אויף'ן שעהנסטען אופן. זיי זיינען אויך גע־ווען משונהדיג באַגרענעצט. אַדאַלבערט האָט גערעדט לאַנג־זאַם, דראַבנע מיט אַן איבערטריבענער און נודנעדיגער העפ־ליכקייט. אַדאָלף מאַי, דער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע, אַ שווערער, אומגעלומפּערטער, ברוטאַל־אויסזעהענדער יונ־גערמאַן, האָט שטענדיג געהאַלטען דעם קאָפּ צווישען די אַקס־לען און געטענה'ט אין אַלצדינג, אַז ער האָט רעכט. ער פלעגט דעספּאָטיש אַלץ באַשליסען, זיך ניט וועלען צוהערען צו אַ צווייטענס מיינונג אָדער זיך סתם באַציהען מיט פאַראַכטונג צו דעם. גאָלדענריג, דער קונסט קריטיקער, האָט געהאַט אַ נערוועזען חכּרון: ער פלעגט שטענדיג ווינקען הינטער זיינע גרויסע אויגען־גלעזער; — (אפשר האָט ער עס געטאָן אום נאָכצומאַכען די מאָלער, וועלכע ער פלעגט באַזוכען). — ער האָט געטראָגען לאַנגע האָר, שטילשווייגענד געוויכערט, גע־מורמעלט און געצויגען ווערטער, וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט פאַרענדיגט און געמאַכט פאַר'חלומ'טע זשעסטען מיט'ן גראָבען פינגער אין דער לופט. עהרענפעלד, קליין, פּליכע־וואַטע, שמייכלענדיג, מיט אַ הויקערדיגער נאָז, אַ בלאָנד בערדעל און אַן איידעל, מיעד פּנים, האָט אין דער צייט־שריפט געשריבען איבער מאָדעס און איבער אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט דער סאַלאָן־וועלט. ער פלעגט מיט זיין לאַשט־שענדער שטים זאָגען די וואולגאַרסטע זאַכען. ער איז גע־

ווען שאַרפזיניג, אָבער בייזווייליג און גראָב. — די אַלע יונגע מיליאָנערען זיינען, ווי עס פּאַסט זיך, געווען אַנאַרכיסטען: ווען מ'האָט אַלץ, איז דער גרעסטער לוקסוס אָפּצולייקענען די געזעלשאַפט, ווארום דערמיט ווארפט מען פון זיך אראָפּ יעדע פליכט צו איהר. ס'איז די טענה פון אַ גנב וואָס האָט נאָר וואָס באַראַבעוועט אַ מענשען און זאָגט איהם: „נו, וואָס טוסטו נאָך דאָ? געה שוין! איך דאַרף דיך שוין מעהר נישט!"

קריסטאָף'ן איז אין דער גאַנצער גרופּע איין מאָנהיים געפעלען געווען. ער איז געווען דער לעבעדיגסטער צווישען אַלע פינף. אַלץ וואָס ער אָדער אַנדערע האָבען געזאָגט, האָט איהם אַמוזירט. ער האָט געשטאַמעלט, געמורמעלט, געפּלאָנ־טערט, נאַריש געלאַכט, דערצעהלט פלאַכע וויצען, ניט גע־קאָנט נאָכפאָלגען אַ שכל'דיגען שמועס, ניט געוואוסט רעכט זיינע אייגענע מחשבות; — ער איז אָבער געווען אַ וואוילער בחור, אָהן אַמביציעס און האָט ניט געטראָגען קיין שלעכט האַרץ אויף קיינעם. אין אמת'ן איז ער ניט געווען אויפ־ריכטיג: ער האָט אַלעמאָל געשפּילט אַ ראָלע — אמת אז אומשולדיגע, וואָס האָט קיינעם ניט געשאַדט. ער פלעגט נתפּעל ווערען פון אַלע מאָדנע—הומאַניטאַרישע אוטאָפּיעס. ער איז אָבער געווען צו שאַרפזיניג און אָפּלאַכעריש אום גאָר איינגאַנצען צו גלויבען אין זיי. אין גרעסטען ענטוּ־זיאַזם האָט ער זיך געקאָנט האַלטען קאַלטבלוטיג. ער האָט זיך קיינמאָל ניט קאָמפּראָמיטירט אין דער אָנווענדונג פון זיינע טעאָריען. ער האָט געמוזט האָבען אַ „ליעבלינגס־שפּיל" — אַ שפּיל וואָס ער האָט אָפט געביטען. דערווייל איז עס געווען אַ ליעבע צו גוטסקייט. ס'איז איהם ניט גענוג געווען צו זיין פּשוט גוט און איידעל; ס'האָט זיך

איהם געוואָלט אלע זאָלען עם וויסען. ס'איז געווארען א ראָלע אין לעבען, וועלכע ער האָט געמוזט שפּילען. להפוך דעם טרוקענעם און הארטען לעבען פון זייניגע, און דעם שטרענגען מיליטאַריסטישען און פּיליסטירישען דייטשען שטייגער, איז ער געווען א טאָלסטאָי'אַנער, א נירוואַנער און עוואַנגעליסט, א בודדיסט — ער האָט אליין ניט גע־וואוסט וואָס — אן אַפּאָסטאָל פון א שוואַכער, ווייכער, גוט־האַרציגער, גרינגער מאָראַל, וועלכע איז האַרציג מוחל אלע זינד, באַזונדערס תאוה־זינד, וועלכע האָט א פאַרליעבע צו אָט די זינד, און איז ניט מוחל דער טוגענד — א מאָראַל, וועלכע איז א מין פאַרגעניגען־אַפּמאַד, א פרייער מיטעל הנאה צו האָבען פון אלץ, און טראָגט, צוליב אַמוזירונג, א הייליגען מאַנטעל אויף זיך. עס האָט אין דער מאָראַל געשטעקט א שטיקעל היפּאָקריסטטוואָ וואָס האָט ניט גע־שמעקט איידעלע מענשען און וואָלט באמת געקאָנט אָפּעק־לען ווען מען וואָלט זי ערנסט באַטראַכט. ס'איז אָבער אינגאַנצען געווען אן אַנשטעל —א צייט פאַרטרייב. די נאַ־רישע קריסטליכע לעהרע איז געווען אויף א צייט ביז עפּעס אַנדערש וועט אונטערקומען — אן אנדער קאַפּריז, אן אנדער לעהרע — אבי וואָס: די לעהרע פון מאַכט, געוואַלט, קאַי־זערקולט „דעם לאָכענדען לייב". — מאַנהיים האָט גע־שפּילט קאָמעדיע, געשפּילט מיט'ן גאַנצען הארצען. ער האָט זיך געוואָלט אַנמעסטען אלע געפּיהלען — וועלכע זיינען איהם פרעמד — איידער ער וועט אויך ווערען אן עכטער איד, ווי אַלע אידען, מיט'ן גאַנצען גייסט פון זיין פאָלק.

ער איז געווען זעהר סימפּאַטיש, און זעהר אויפּרעגענד. קריסטאָף איז אַ צייט־לאַנג געווען איינער פון זיינע ליעבלינגס־קאַפּריזען. ער פלעגט מיט איהם זיך שווערען. ער פלעגט אויספּויקען זיין נאָמען אומעטום. ער פלעגט פאַרקלינגען די אויערען פון אלעמען אין זיין משפּחה מיט לויבגעזאַנגען איבער איהם. לויט איהם — איז קריסטאָף געווען עפּעס א זשעני, אן אויסערגעוועהנליכער מענש, וואָס שרייבט מאָדנע, קאָמישע מוזיק און רעדט דערפון אויף אַ וואונדערליכען, אָריגינעל־שאַרפזיניגען אופן, — און איז דערצו שעהן: א שעהן מויל, פּראַכטפולע ציין. און צוגעגעבען האָט ער אויך אז קריסטאָף באַוואונדערט איהם. — אין א געוויסען אבענט, האָט ער איהם ענדליך אויך געבראַכט צו זיך אויף א נאַכט־מאָל און קריסטאָף האָט זיך באַקענט מיט זיין פריינד'ס פאָטער, לאָטאַר מאַנהיים און מיט זיין שוועסטער, יהודית.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס קריסטאָף האָט זיך געפונען אין א אידיש הויז. כאָטש די אידישע באַפעלקערונג איז געווען גאַנץ גרויס אין יענער קליינער שטאָט און האָט פאַרנומען א חשוב'ען אָרט צוליב איהר רייכטום, סאָלידאַריטעט און אינטעליגענץ, האָט זי דאָך געלעבט ווי אָפּגעזונדערט. ביי די ארומיגע קריסטען האָט זיך אַלץ צו די אידען געפיהלט א שטאַרקער פאָראורטייל, א באַהאַלטענע פיינדשאַפט — ניט קיין גיפטיגע אָבער דאָך א באַליידיגענדע. קריסטאָף'ס פאַמיליע האָט אויך געהאַט דיזעלבע געפיהלען. זיין זיידע האָט ניט ליעב געהאַט די אידען;

אבער דעם שיקזאַל'ם איראָניע האָט אזוי געפיהרט, אז זיינע צוויי בעסטע תלמידים אין מוזיק — (איינער וואָס איז שפּע־טער געוואָרען א קאָמפּאָזיטאָר און דער אנדערער א באריהמ־טער ווירטואָז) — זיינען דוקא געווען אידען. און דער אַל־טער האָט דערפון געליטען; ווארום עס זיינען געווען מאָמענ־טען ווען ער האָט פּשוט געוואָלט ארומנעמען און קושען די צוויי מוזיקער, ער פלעגט זיך אבער מיט טרויער דערמאָנען אז זיי האָבען געקרייציגט גאָט'ס זוהן. ער האָט ניט גע־וואוסט וואָס פאַר א פּשרה צו מאַכען צווישען די צוויי געגנ־ערישע געפיהלען. צום סוף פלעגט ער זיי דאָך קושען און זיך טראַכטען אז גאָט וועט זיי מוחל זיין צוליב דעם וואָס זיי האָבען שטאַרק ליעב די מוזיק... — קריסטאָף'ם פאָטער, א כלומר'שטדיגער פריידענקער, האָט געגלויבט מיט'ן גאַנצען הארצען אז מען מעג ביי אידען נעמען געלט — אז ס'איז אפילו א גאַנץ גוטע זאַך דאָס צו טאָן; — ער פלעגט אבער פון זיי אָפּלאַכען און זיי פאַראַכטען, — וואָס אנבאַלאַנגט זיין מאַמען, איז זי ניט געווען גאַר זיכער אז זי טוט ניט קיין עבירה דערמיט וואָס זי דינט אמאָל ביי אידען אלס קעכין. די, כיט וועלכע זי האָט געהאַט צו טאָן, האָבען זי איבריגענס באהאנדעלט מיט גאוה; זי איז אבער אויף זיי ניט בייז געווען; זי איז ניט בייז געווען אויף קיינעם. איהר הארץ איז פול געווען מיט רחמנות צו אַט די אומגליקליכע מענשען וועמען גאָט האָט פאַרדאַמט. אמאָל פלעגט זיך דאָס הארץ איין איהר ממש צוגעהן, ווען זי פלעגט זעהן א אידישע טאָכטער פאַרבייגעהענדיג אדער ווען זי פלעגט הערען דאָס פרייליכע געלעכטער פון אידישע קינדער.

— ס'אַרא שעהן מיידעל!... ס'אַרא שעהנע קינדער!... אז עבירה נעבעך... פלעגט זי זיך טראַכטען.

זי האָט זיך ניט דערוואַגט עפּעס וואָס צו זאָגן קריס־טאָף'ן ווען ער האָט איהר צו וויסן געגעבען, אַז ער וועט אין אָבענט עסען ביי די מאַנהיימס. ס'האָט זי אָבער פאַרקלעמט ביים האַרצען. זי פלעגט זיך קלערען, אַז מען דאַרף ניט גלוי־בען אַלץ־דאָס בייזע וואָס מ'זאָגט אויף אידען — (מ'זאָגט שלעכטס אויף אַלעמען) — און אַז ס'זיינען דאָ אָרענטליכע מענשען אומעטום. נאָר אַז ס'איז פונדעסטוועגען בעסער און שעהנער יעדער זאָל בלייבען ביי זיך — די אידען אויף איין זייט און די קריסטען אויף דער אַנדערער זייט.

קריסטאָף האָט ניט געהאַט קיין איינעם פון די פאָר־אורטיילען. מיט זיין געזונטען גייסט וואָס האָט שטענדיג רעאַגירט געגען זיין סביבה, איז ער גאָר צוגעצויגען געוואָ־רען צום אידישען פאָלק. ער האָט אָבער וויי‌ניג־וואָס געקענט די אידען. ער האָט געהאַט געוויסע באַציהונגען נאָר צו דעם גאָר פּראָסטען טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג: די קליינע הענדלער וועלכע שווימלען אַרום אין געוויסע גאַ־סען צווישען דעם ריין און דעם קאַטעדראַל, און שטעלען ווייטער אויף מיט'ן גרופּירונגס־אינסטינקט וואָס ליגט אין יעדען מענשען אַ מין קליינע געטאָ. עס פלעגט איהם אָפט אויסקומען אַרומצושפּאַצירען אין דעם קוואַרטאַל און נאָכ־צוקוקען, פאַרבייגעהענדיג מיט אַ נייגעריג־שטיפערישען און סימפּאַטישען אויג, געוויסע טיפּען, מיט זייערע אויסגע־צעהרטע באַקען, גרויסע ליפּען, הויכע קין־באַקען, מיט אַ שמייכעל אַ לאַ דע־ווינטשי, אַביסעל פאַרדאַרבענעם אויס־זעהן און מיט זייער גראָבען ריידען און שניידענדען געלעכ־טער וואָס האָט צושטערט די האַרמאָניע פון זייערע געזיכ־טער. אפילו ביי די נידעריגסטע פון פאָלק, אין די באַשעפע־נישען מיט די גראָבע קעפּ, מיט די פאַרגליווערטע אויגען,

מיט זייערע אַפּט חיה׳שע פּנימ׳ער, מאַסיווע קערפּערס, וואָס שטעקען אויף קורצע לאַפּעס — אפילו ביי אַט די דעגענעריר־טע אָפּשטעמלינגע פון דעם נאָבעלסטען פאָלק קאָן מען זעהן ביז׳ן סאַמע בלאָטיגען און פאַרפעסטעטען אָפּגרונד משונה־העלע ליכטער וועלכע צינדען זיך אַז ווי צוויבער־פייערלעך אין דער וויסטע, מערקווירדיגע בליקען, באַלייכטענדע אינ־טעליגענץ, א פיין עלעקטריש שטראַמל וואָס ציהט זיך פון דער כלי און וואָס האָט קריסטאָף׳ן ווי באַצויבערט און באַ־אומרוהיגט. ער האָט געפיהלט אַז עס ליגען דאָרט שעהנע נשמות וואָס פלאָטערען און גרויסע הערצער וואָס זוכען ארויסצוקומען פון דער בלאָטע. עס האָט זיך איהם געוואָלט זיי אנטקעגנען קומען, זיי העלפען. ער האָט זיי ליעב געהאַט, כאָטש ער האָט זיי ניט געקענט; כאָטש ער האָט פאַר זיי אביסעל מורא געהאַט. באַזונדערס האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט די געלעגענהייט זיך צו דערנעהענטערען צו דער דער „עליט", צו די פּני, צו דער העכערער אידישער געזעל־שאַפט.

דער נאַכטמאָל ביי די מאַנהיימס האָט אַלזאָ פאַר איהם געהאַט דעם אנציה פון א נייעס, און אביסעל אויך פון דער פאַרבאָטענער פּרוכט. די חוה וואָס האָט פאָרגעשטעלט די פּרוכט האָט זי נאָך געמאַכט געשמאַקער. פון דער ערשטער מינוט אַז וואָס ער איז אַריינגעקומען, האָט קריסטאָף געהאַט אויגען נאָר פאַר יהודית׳ן. זי האָט געהערט צו א פאַרשידענעם מין פרויען פון די אַלע וואָס ער האָט ביז דאַ־מאָלט געקענט. זי איז געווען הויך און שלאַנק, מאָגערלאַד, כאָטש גאַנץ פעסט געבויט, מיט א פּנים אַרומגעראַמט מיט שווארצע, כאָטש ניט שטאַרק געדיכטע האָר, איהר איבער־לאָזענדיג א שמאָלען שטערן און פאַרבייגענדיג די שלייפען;

דערצו איז זי אויך געווען אביסעל קורצזיכטיג, געהאַט שווע־
רע אויגען־דעקלאַר, גרויסע אויגען, עטוואָס אַרויסשטאַר־
טשענדע, אַ פיין־געשניטענע נאָז מיט גרויסע נאָזלעכער,
באַקען מאָגערע — און „אינטעליגענטע מאָגערקייט", — אַ
שווערען קין, א העלע הויט־פאַרב, און אַ שעהנעם, נעטען,
ענערגישען פּראָפיל. דער פולער פּנים האָט געהאַט אַן אומ־
קלאָהרערען, אומבאַשטימטערען אויסדרוק — און די אויגען
מיט די באַקען זיינען געווען ווי ניט אין האַרמאָניע. ס'האָט
זיך געפיהלט אַז עס לעבט אין איהר אַ שטאַרקע ראַסע, און
אַז אין דעם פּירם פון דער ראַסע זיינען אריינגעפאַלען די
פאַרשידענסטע, פּיעלפאַכיגסטע עלעמענטען, גוטע און שלעכ־
טע, שעהנע און מיאוסע. איהר שעהנקייט איז באַזונדערס
באַשטאַנען אין איהרע שטילע ליפּען און אין איהרע אויגען.
וואָס האָבען אויסגעזעהן טיעפער צוליעב זייער קורצזיכטיג־
קייט און שוואַרצער צוליעב די בלוילעכע סמנים אַרום זיי.

די אויגען זיינען מעהר די אויגען פון אַ פאָלק ווי פון אַן
אינדיווידום, און מען האָט געדאַרפט זיין מעהר צוגעוואוינט
צו זיי ווי קריסטאָף אום צו דערזעהן הינטער זייער פייכטען
און ברענענדען וואואַל די אמת'ע נשמה פון דער פרוי וואָס
איז פאַר איהם געשטאַנען. דאָס איז געווען די נשמה פון'ם
אידישען פאָלק; די נשמה האָט ער דערבליקט אין די ברע־
נענדיגע און אומעטיגע אויגען, — זיי האָבען זיי אין זיך
געטראָגען און ניט געוואוסט דערפון. ער האָט זיך אין זיי
פאַרלאָרען. ערשט שפּעטער, און ביסלעכווייז, נאָכדעם ווי ער
האָט זיך אָפט פאַרבלאָנדזשעט אין די טיעפע אויגען, האָט
ער זיך ערשט אויסגעלערנט צו געפינען דעם וועג אויף דעם
אָריענטאַלען ים.

זי האָט אויף איהם געקוקט, און איהר קלאָהרער בליק

איז פון קיין זאַך ניט געשטערט געוואָרען; זי האָט ווי אַלץ פאַרשטאַנען וואָס עס קומט פאַר אין דער קריסטליכער נשמה. ער האָט עס געפיהלט. ער האָט געפיהלט הינטער דעם צויבערליכען פּוּויען־בליק אַ מענשליכען, קלאָהרען און קאַל־טען ווילען, וואָס דרינגט אין איהם אריין מיט אַ ברוטאַלער נאַכלעסיגקייט. די ברוטאַליטעט איז ניט געווען קיין בייז־ווילינע. זי האָט איהם בלויז ענג ארומגענומען, ניט ווי אַ קאַקעטקע וואָס וויל בלויז פאַרפיהרען אימיצען און קימערט זיך ניט וועמען זי פאַרפיהרט. אַ קאַקעטקע איז זי געווען מעהר ווי וועלכע־עס־איז פרוי; זי האָט אָבער געוואוסט איהר קראַפט, און זי האָט זיך פאַרלאָזט אויף איהר נאַטיר־ליכען אינסטינקט — באַזונדערס ווען זי האָט געהאַט צו טאָן מיט אַזאַ לייכטען קרבן ווי קריסטאָף. וואָס ס'האָט זי מעהר אינטערעסירט, איז געווען צו קענען איהר געגנער (יעדער מאַן, יעדער אומבאַקאַנטער איז געווען פאַר איהר אַ געגנער, — אַ געגנער מיט וועלכען מ'האָט געקאָנט פריהער אָדער שפּעטער, אויב נויטיג, מאַכען אַ שותפות'ן אָפּמאַך). זי האָט געוואָלט וויסען וואָס עס ליגט אין איהם. אַזוי ווי דאָס לעבען איז בלויז אַ שפּיעל וואו דער קליגסטער געווינט, דערפאַר דאַרף מען זעהן דעם געגנער'ס קאַרטען און איהם ניט ווייזען די אייגענע. ווען דאָס איז איהר געלונגען, האָט זי געפיהלט די פרייד פון אַ נצחון. ס'האָט זי װעניג געאַרט צי זי וועט דערפון עפּעס האָבען. זי האָט עס געטאָן צוליעב'ן פאַרגעניגען. די מענשליכע אינטעלעגענץ איז פאַר איהר גע־ווען אַ ליידענשאַפט. ניט די אַבסטראַקטע אינטעליגענץ — כאָטש זי האָט געהאַט אַ געזונט־פעסטען פאַרשטאַנד, וואָס האָט זי געקאָנט, אויב זי וואָלט נאָר געוואָלט, ברענגען צו ערפאָלג אין וועלכער־עס־איז וויסענשאַפט, און כאָטש זי

וואָלט געווען אַ בעסערע יורש'טע פאַר איהר פאַטער'ס גע־שעפטען ווי איהר ברודער. זי האָט אָבער ליעבער געהאַט די לעבעדיגע, פלינקע אינטעליגענץ וואָס ווערט אַנגעווענדט אויף מענשען. — זי פלעגט הנאה האָבען אַריינצודרינגען אין אַ מענשליכער נשמה, איבערצואוועגען איהר ווערט — (זי האָט עס געטאָן מיט דער זעלבער געוויסענהאַפטער אויפ־מערקזאַמקייט ווי די אידישע פרוי פון מאַטסים איבערוועגענדיג די גאָלד־שטיקער) ; — זי האָט געהאַט אַ מערקוויר־דיג געפיהל אין דעם, האָט געקאָנט אויסגעפינען אַקוראַט דעם שוואַכען פונקט פונ'ם פאַנצער — דערזעהן באַלד די פלעקען, די חסרונות, וואָס זיינען אייגענטליך דער שליסעל פון דער נשמה, און אַרויסקריגען פון דאָרט די סודות. דאָס איז געווען איהר שטייגער ווי צו ווערען די הערשערין. זי פלעגט זיך אָבער לאַנג ניט אָפּשטעלען ביים נצחון, און מיט איהם גאָר ניט אויפטאָן. ווען איהר שטאָלץ און נייגעריג־קייט זיינען גאָר צופרידענגעשטעלט געוואָרען, פלעגט זי זיך דערמיט מעהר ניט אינטערעסירען און איבערגעהן צו אַן אַנדער געגענשטאַנד. איהר גאַנצע קראַפט איז געווען פרוכט־לאָז. אין דער שטאַרק־לעבעדיגער נשמה איז געלעגען עפּעס טויטעס. אין איהר האָט שטאַרק געלעבט אין איין זייט די נייגעריגקייט — און אין דער אַנדערער די לאַנגווייליע.

אזוי האָט זי געקוקט אויף קריסטאָף'ן, וועלכער האָט אויף איהר אויך געקוקט. זי האָט קוים גערעדט. אַ שוואַך שמייכעל אויף איהרע ליפּען איז גענוג געווען: קריסטאָף איז פון איהר היפּנאָטיזירט געוואָרען. באַלד פלעגט דער שמייכעל פאַרשווינדען; דער פּנים פלעגט ווערען קאַלט, די אויגען גלייכגילטיג: זי האָט גערעדט פון הויז־זאַכען צו אַ דיענער מיט אַן אייז־קאַלטען טאָן; ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זי הערט גאָרניט. דערנאָך פלעגען איהרע אויגען ווידער אויפבליצען און צוויי אָדער דריי ווערטער האָבען געוויזען אַז זי האָט אַלץ געהערט און אַלץ פאַרשטאַנען.

אויף אַ קאַלטען שטייגער האָט זי געקלעהרט וועגען איהר ברודער'ס מיינונג איבער קריסטאָף'ן. זי האָט גע־וואוסט, אַז פראַנץ איז אַ היץ־קאָפּ. איהר איראָניע האָט זיך אין איהר דערוועקט ווען זי האָט דערזעהן קריסטאָף'ן, וועמעס שעהנקייט און ווירדע איהר ברודער האָט אזוי גע־ריהמט, — (פראַנץ האָט ווי געהאַט אַ באַזונדערע נייגונג, אַ טאַלאַנט, צו זעהן אַלצדינג פאַרקעהרט פון דער ווירקליכ־קייט, אָדער אפשר האָט ער, גלויבענדיג דעריין, געהאַט דערפון אַ פּאַראַדאָקסאַלע הנאה). — אָבער באַטראַכטענדיג בעסער קריסטאָף'ן, האָט זי דאָך געמוזט מודה זיין, אַז ניט אַלץ וואָס פראַנץ האָט געזאָגט וועגען איהם איז פאַלש, און וואָס ווייטער זי האָט איהם שטודירט, אַלץ מעהר האָט זי געפונען אין קריסטאָף'ן אַ קראַפט, כאָטש נאָך ניט קיין פעסט־באַשטימטע, דאָך אַ געזונטע און געוואַגטע. דאָס האָט

איהר פארשאַפט פארגעניגען, ווייל זי האט בעסער ווי ווער־עס־איז געוואוסט ווי זעלטען דאס געפינט זיך. זי האָט קריס־טאָף'ן געמאַכט רעדען איבער וואס זי האָט נאָר געוואָלט אנטבלויזען זיינע געדאַנקען, אליין ווייזען די באגרענעצונג פון זיין גייסט און וואס עס פעהלט אין איהם. ער האָט פאר איהר געשפּיעלט פּיאנא: זי האָט ניט ליעב געהאט קיין מו־זיק, זי האט זי אבער פארשטאַנען, און זי האָט אקוראט דער־זעהן קריסטאָף'ס מוזיקאלישע אָריגינאַליטעט, כאָטש זיין מוזיק אליין האָט אויף איהרע געפיהלען ניט געווירקט. ניט בייטענדיג איהר קאַלטע, העפליכע האלטונג, האט זי מיט א פּאָר קורצע, פּאַסיגע, ניט־לויבענדיגע באמערקונגען ארויס־געוויזען, אז זי אינטערעסירט זיך אַלץ מעהר מיט קריס־טאָף'ן.

קריסטאָף האט דאס געזעהן, און דערמיט שטאָלצירט, ווארום ער האָט געפיהלט דעם ווערט פון איהר מיינונג — פארשטאַנען ווי זעלטען זי גיט איהר הסכמה. ער האט דעם פארלאנג, אז ער זויל זי געווינען ניט באהאלטען. ער איז דערביי אזוי נאַאיוו געווען, אַז אַלע דריי האָבען געמוזט שמייכלען. ער האָט נאָר גערעדט צו יהודית און צוליעב יהודית, און זיך ניט געקימערט וועגען די צוויי אַנדערע. פּונקט ווי זיי וואָלטען גאָר אויף דער וועלט ניט געווען.

פראַנץ האָט געקוקט אויף איהם בעת ער האט גערעדט; ער האָט נאָכגעפאָלגט זיינע רייד מיט די ליפּען און מיט די אויגען, מיט א געמישטען געפיהל פון באוואונדערונג און פארשייטקייט; ער האָט זיך געשטיקט פון געלעכטער און איבערגעוואָרפען אָפּלאכענדע בליקען מיט זיין פאָטער און שוועסטער, וועלכע איז געזעסען אַז ערנסטע, און זיך בלומרשט געמאכט, אַז זי באַמערקט עס ניט.

לאַטאַר מאַנהיים — א הויכער זקן, א פעסטער, אביסעל אַן איינגעבויגענער, מיט א רויטער הויט־פארב און גלייך־גע־שניטענע גרויע האָר, שטאַרק שווארצע ברעמען און וואנ־צעס, און א שווער פּנים, אבער אַן ענערגישען און לוסטיגען, וואס האָט געגעבען דעם איינדרוק פון פיעל לעבענס־קראפט — האָט אויך געהאַט שטודירט קריסטאָף'ן ביים אַנפאנג פון'ם נאכטמאָל, מיט א זאַרט שפּאַטערישער גוטמוטיגקייט, און ער האָט אנערקענט באַלד אַז „עפּעס" ליגט אין דעם בחור. ער האָט זיך אבער ניט אינטערעסירט, ניט מיט מו־זיק און ניט מיט מוזיקער. דאָס איז ניט געווען זיין זאַך: ער האָט עס ניט פאַרשטאַנען און ניט באַהאַלטען זיין אומ־וויסענהייט: ער האָט זיך דערמיט גאָר גערימהט: — (ווען א מענש פון דעם מין גיט צו זיין אומוויסענהייט, טוט ער עס נאָר כדי זיך צו ריהמען דערמיט.) — אזוי ווי קריסטאָף פון זיין זייט האָט גאַנץ קלאָהר ארויסגעוויזען, מיט א ניט־בייזוויליגער אומהעפליכקייט, אַז ער קאָן זיך אָהן באַדויערן באַגעהן אָהן דעם הער באַנקיר'ס געזעלשאַפט, און אַז פריי־לין יהודית מאַנהיים'ס געשפּרעך איז גענוג צו פאַרברענגען אינטערעסאַנט דעם אבענט — האָט זיך דער אַלטער מאַנ־היים מיט א שמייכלענדער מינע אוועקגעזעצט ביים קאַמין, און לעזענדיג זיין צייטונג זיך צוגעהערט מעהר־וועניגער, און מיט איראָניע צו קריסטאָף'ס פּלוידעריי און צו דער משונה'דיגער מוזיק וואס איהם האָט פון צייט צו צייט גע־מאַכט לאַכען אין זיך, ביים געדאַנק אַז ס'זיינען פאַראַן מענ־שען וואס פאַרשטעהן דאָס און האבען דערפון הנאה. ער האָט זיך אפילו ניט געגעבען די מיה נאכצופאָלגען דעם שמועס; ער האָט זיך אין גאַנצען פאַרלאָזען אויף זיין טאָכ־טער'ס פאַרשטאַנד, וויסענדיג, אַז זי וועט איהם שוין זאָגען

וואָס פאַר אַ ווערט זייער גאַסט האָט, און זי האָט עס טאַקע גאַנץ געוויסענהאַפט געטאָן.

ווען קריסטאָף איז אוועקגעגאַנגען האָט לאָטאַר גע־פרעגט יהודית'ן:

„נו, האָסט איהם געגוג גרונטאָוונע דורכגענומען; וואָס זאָגסטו וועגען איהם?“

זי האָט געלאַכט, נאָר געקלערט אַ מינוט, געמאַכט דעם סך הכל, און געזאָגט:

—„ער איז אַביסעל אַ צודרעהטער; אָבער ער איז ניט נאַריש.“

„גוט,“ האָט לאָטער אַ מאָל געטאָן: „אַזוי האָט ער מיר אויך אויסגעוויזען. הייסט עס, ער קאָן ווערען ערפאָלגרייך?“

—„יאָ, איך גלויב אַזוי. עס ליגט אין איהם קראַפט.“

„זעהר גוט“ האָט לאָטער אויסגערופען מיט דער פעס־טער לאָגיק פון אַ קרעפטיגען מענשען וואָס אינטערעסירט זיך נאָר מיט איינעם וואָס האָט אויך קראַפט. „מ'דאַרף איהם אַלזאָ העלפען.“

קריסטאָף איז אַוועקגעגאַנגען, פול מיט באַוואונדערונג פאַר יהודים מאַנהיים. ער איז אבער ניט געווען פאַרליעבט, ווי יהודית'ן האָט זיך געדאַכט.ביידע — זי מיט איהר שאַרפען פאַרשטאַנד, ער מיט זיין אינסטינקט — האָבען אַ טעות געהאַט איינער אין אַנדערן. קריסטאָף איז באַצויבערט געווען פון איהר רעטזעלהאַפטען פנים, פון איהר טיעפער אינטעליגענץ; אבער ער האָט זי ניט געליעבט. זיינע אויגען און זיין גייסט זיינען פאַרליעבט געווען, אָבער ניט דאָס הארץ. — פאַרוואָס? — ס'איז גאַנץ שווער דאָס צו ערקלעהרען. ווייל ער האָט אין איהר דערפיהלט עטוואָס צווייפעלהאַפטעס און באַאומרוהיגענדעס? אונטער אַנדערע אומשטענדען וואָלט ער זי דערפאַר טאַקע געליעבט: די ליעבע איז קיינמאָל ניט אַזוי שטאַרק ווי ווען זי דערפיהלט, אַז זי געהט קעגען עפּעס וואָס וועט איהר פאַרשאַפען ליידען. דאָס, וואָס קריסטאָף האָט ניט געליעבט יהודית'ן איז קיינעמ'ס שולד ניט געווען — ניט איהרע, און ניט זיינע. די אמת'ע אורזאַך — אַ דערנידעריגענדע אורזאַך פאַר ביידען — איז געווען וואָס ער איז נאָך צו נאָהענט געווען פון זיין לעצטער ליעבע. ער איז אפילו ניט קליגער געוואָרען פון דער ביטערער ערפאַהרונג. ער האָט אבער אַזוי שטאַרק ליעב געהאַט אַדאַ'ן, די ליידענשאַפט האָט אַזוי פאַרצעהרט זיין גלויבען, זיין קראַפט, זיין לעבענס־אילוזיע, אַז ס'איז איהם פשוט ניט געגוג געבליבען אין דעם מאָמענט פאַר אַ נייע ליידענשאַפט. איידער אַ נייער פלאַם זאָל אויפפלאַקערן, האָט ער אין זיין הארצען געמוזט אויפשטעלען אַ נייעם שייטער־הויפען, און

ביז דעמאָלט האָבען זיך נאָר געקאָנט באַווייזען צייטווייליגע פייערלאַך, איבערבלייבענישען פונ׳ם גרויסען פייער, וואָס זיינען דורך אַ צופאַל אַרוים און געוואָלט אויסברענען, אַרויס־לאָזענדיג דערביי אַ העלען און קורצען שיין, און זיך נאָכדעם פאַרלאָשען. אין זעקס מאָנאַטען אַרום וואָלט ער אפשר יהודית׳ן בלינד געליעבט. היינט האָט ער אין איהר בלויז געזעהן אַ חבר׳טע — טאַקע אַביסעל אַ רייצענדע חבר׳טע, אָבער ער האָט דעם רייץ געזוכט צו פאַרגעסען, באַזייטיגען: דער רייץ האָט איהם דערמאָנט אַז אַדאַ׳ן; ס׳איז געווען אַ ניט־שעהנע ערינערונג, און ער האָט בעסער דערפון ניט גע־וואָלט טראַכטען. דאָס אַנציהענדע אין יהודית איז פאַר איהם ניט געווען דאָס געמיינשאַפטליכע מיט אַנדערע פרוי־ען, נאָר דאָס אומגעמיינשאַפטליכע, דאָס פאַרשידענאַרטיגע. זי איז געווען די ערשטע אינטעליגענטע פרוי וואָס ער האָט אָנגעטראָפען, און אינטעליגענט איז זי געווען פונ׳ם קאָפּ ביז די פיס. אפילו איהר שעהנקייט — איהרע זשעסטען, איהרע באַוועגונגען, געזיכטס־צוגען, דער קנייטש פון די ליפ־פען, איהרע אויגען, איהרע הענט, איהר עלעגאַנטע מאָגער־קייט — איז געווען אַן אָפּשיין פון איהר אינטעליגענץ. אָהן איהר אינטעליגענץ וואָלט זי זיך ניט אָנגעזעהן, און זי וואָלט אפשר פאַר דאָס רוב מענשען אויסגעזעהן מיאוס. אָט די אינטעליגענץ האָט קריסטאָף׳ן אַנטציקט. ער האָט דערצו געמיינט אַז זי איז טיעפער און ברייטער ווי אין דער ווירקליכקייט. ער האָט נאָך ניט געקאָנט וויסען דאָס פאַלשע אין איהר. ער האָט געהאַט אַ ברענענדיגען באַגעהר איהר אַלץ מודה צו זיין, דערצעהלען, טיילען מיט איהר זיינע גע־דאַנקען. ער האָט נאָך פריהער קיינעם ניט געפונען וואָס זאָל זיך אינטערעסירען מיט זיינע חלומות. ער איז געווען איינגע־

שלאָפען אין זיך: ס'אַרא פרייד ס'איז אַנצוטרעפען אַז אמת'ע פריינדין! אין זיין קינדהייט האָט ער שטאַרק גע־ליטען פון דעם, וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין שוועסטער; ס'האָט זיך איהם געדאַכט, אַז אַ שוועסטער וואָלט איהם בעסער פאַרשטאַנען ווי אַ ברודער. נאָכדעם ווי ער האָט גע־זעהן יהודית'ן האָט ער ווידער דערפיהלט די קינדער האָפע־נונג, די ברודערליכע פריינדשאַפט־אילוזיע. ער האָט ניט געטראַכט פון ליעבע. אַזוי ווי ער איז ניט געווען פאַרליעבט האָט זיך איהם געדאַכט, אַז די פריינדשאַפט שטעהט אויף אַ סך אַ העכערער מדרגה ווי די ליעבע.

יהודית האָט באַלד דערפיהלט די נואַנס און זיך דער־פון געפיהלט אַ באַליידיגטע. זי האָט ניט געליעבט קריס־טאָף'ן; זי האָט ארויסגערופען די ליעבע פון אַ סך יונגע לייט אין שטאָט, פון רייכע יונגע לייט און פון אַ בעסערען שטאַנד. אין זי האָט קיין גרוים צופרידענשטעלונג ניט גע־קאָנט האָבען פון דעם וואָס קריסטאָף איז אין איהר פאַר־ליעבט. אבער דאָס וויסען, אַז ער איז ניט פאַרליעבט האָט זי געקרענקט. זי איז נאַטירליך צופרידען געווען וואָס ער פאַרטרויט איהר זיינע פּלענער; — און זי איז דערפון ניט איבעראַשט געווען — אָבער ס'איז איהר געווען פאַר־דריסליך צו זעהן, אַז זי איבט בלויז אויס אַן איינפלוס אויף זיין פאַרשטאַנד; (אַן איינפלוס להפוך דעם פאַרשטאַנד האָט גאָר אַן אַנדער ווערט פאַר אַ פרוי'ס נשמה). און אפילו אויפ'ן פאַרשטאַנד האָט זי אויך קיין איינפלוס ניט געהאַט; קריסטאָף האָט געהאַנדעלט ווי איהם האָט זיך גע־גלוסט. יהודית האָט געהאַט אַן אוטאָקראַטישען גייסט. זי איז צוגעוואוינט געווען אויסצוקנייטשען אויף איהר שטייגער די געדאַנקען פון די יונגע לייט וואָס זי האָט געקענט.

אזוי ווי זי האָט זיי אבער אַלע באַטראַכט פאַר מיטעלמעסיג. דאָט זי וועניג הנאה געהאט פון איהר הערשענדער ראָלע. מיט קריסטאָף'ן איז געווען מעהר אינטערעס, ווייל ס'איז געווען מעהר שווערקייט. זי איז גלייכגילטיג געווען צו זיינע פּלענער; ס'האָט זיך איהר אָבער געוואָלט פיהרען אָט דעם נייען גייסט, די נאָך־רוילּיכע קראַפט, אַרויסברענגען זייער ווערט — אויף איהר אייגענעם שטייגער נאַטירליך, און ניט קריסטאָף'ס, וואָס זי האָט זיך גאָרינט אינטערעסירט צו פאַר־שטעהן. זי האָט באַלד געזעהן, אַז דאָס וועט ניט געהן אָהן אַ קאַמף; זי האָט אין קריסטאָף'ן באַמערקט אַלערליי מין פאַראורטיילען און אידעען וואָס האָבען איהר אויסגעזעהן ווילד און קינדיש; פאַר איהר איז דאָס געווען ווי קראַפּע־ווע, און זי האָט זיך אָנגעשטרענגט עס אַרויסצורייסען. ס'איז איהר אָבער ניט געלונגען. איהר זעלבסט־ליעבע און גאווה האָבען ניט געקראָגען די מינדסטע צופרידענשטעלונג. זי האָט מיט קריסטאָף'ן ניט געקאָנט ארומגעהן. אזוי ווי ער איז ניט געווען פארליעבט, האָט ער קיין אורזאך ניט געהאט איהר נאָכצוגעבען איין געדאַנקען אפילו.

דער שפּיעל האָט זי צורייצט, און אינסטינקטיוו האָט זי אַ שטיק צייט געפּרואווט איהם באַזיגען. ס'האָט קריסטאָף'ן ווייניג געפעהלט, טראָץ זיין קלאָהרען פארשטאַנד, ווידער אַריינצופאַלען. די מענער לאָזען זיך גרינג אָפּנאַרען פון דעם וואָס חנפ'עט זייער שטאָלץ און זייערע פארלאַנגען; און אַ קינסטלער איז אונטער דעם נאָך מעהר אונטערוואָרפען דער־פאַר, ווייל ער האָט מעהר פאַרשטעלונגס־קראַפט. יהודית האָט נאָר געדאַרפט ווע‏לען און זי וואָלט קריסטאָף'ן אַריינ־געפיהרט אין אַ געפעהרליכען פלירט, וואָס וואָלט פון איהם נאָך אמאָל א תל געמאַכט, און נאָך מעהר ווי פריהער אפשר.

אַבער ווי געוויעהנליך איז זי שנעל מיעד געוואָרען. זי האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז דער זיעג האָט ניט דעם ווערט פון איהר מיה. קריסטאָף האָט זי שוין געלאַנגווײלט; זי האָט איהם שוין ניט פאַרשטאַנען.

זי האָט איהם נאָר פאַרשטאַנען ביז צו אַ געוויסען פונקט, — אין ביז אַהין האָט זי אַלץ פאַרשטאַנען. אויף ווייטער צו געהן איז אפילו איהר אויסגעצייכענטער פאַר־שטאַנד ניט גענוג געווען; דערצו האָט זי געדאַרפט האָבען אַ טיעף־פיהלענד האַרץ, אָדער אנשטאָט דעם דאָס וואָס גיט אַ געוויסע צייט אַ האַרצענס־אילוזיע: ליעבע. זי האָט גוט פאַרשטאַנען קריסטאָף'ס קריטיק געגען אַלץ און אַלעמען אַרום, און זי האָט זי באַטראַכט אַלס אַ באַגרינדעטע: זי האָט אַליין אויך דאַריבער געטראַכט. זי האָט אָבער ניט פאַרשטאַנען אַז די געדאַנקען זאָלען האָבען אַן איינפלוס אויפ'ן פּראַקטישען לעבען, כאָטש זייער אַנוועגדונג קאָן שטערען און ווערען געפעהרליך. די רעוואָלוציאָנערע שטע־לונג וואָס קריסטאָף האָט אַנגענומען געגען די מענשען און זייערע אינסטיטוציעס ברענגט דאָך ניט קיין רעזולטאַטען: ער קאָן זיך דאָך ניט פאַרשטעלען, אַז ער וועט רעפאָרמירען די וועלט... נו? וואָס־זשע מיינט עס?... פאַרלירען די צייט זיך שלאָגענדיג דעם קאָפּ אַן וואַנט. אַן אינטעליגענטער מענש אורטיילט די מענשען, לאַכט פון זייערע שטילערהייט, פאַראַכט זיי אַביסעל, אָבער ער האַנדעלט ווי זיי — אַביסעל בעסער אפשר: דאָס איז דער איינציגער מיטעל ווי אַזוי צו ווערען זייער הערשער. דאָס דענקען איז איין וועלט, און די האַנד־לונג איז אַן אַנדערע. פאַרוואָס זאָל מען ווערען אַ קרבן פון דעם וואָס מ'דענקט, דענקען אויפריכטיג — יאָ, געוויס! אָבער די וואָס רעדען אויפריכטיג, זאָגען דעם אמת? ווי

באַלד מענשען זיינען אַזוי נאַריש, אַז זיי קאָנען ניט פאַר־טראָגען דעם אמת — צי דאַרף מען זיי דערצו צווינגען? אָנצונעהמען זייער שוואַכקייט, זיך כלומרשט אונטערגעבען דערצו, פאַראַכטען עס און דאַך זיין פריי — לעגט דען ניט אין דעם אַ פאַרבאָרגענע הנאה? ס'איז די הנאה פון אַן אינטעליגענטען שקלאַף! זאָל זיין אַזוי! איין שקלאַף קעגען אַ צווייטען — אַלע זיינען שקלאַפען, עס העלפט ניט קיין פּראָטעסטירען, און ס'איז בעסער דאָס צו זיין מיט'ן איינענעם ווילען און אויסצומיידען דאָס נאַרישע און אומזיסטיגע קעמפען. איבעריגענס די ערגסטע מין שקלאַפעריי איז צו זיין אַ שקלאַף פון'ם אייגענעם געדאַנק און פאַר דעם אַלץ מקרב זיין. מ'דאַרף זיך אַליין ניט אָפּנאַרען. — זי האָט קלאָהר געזעהן, אַז אויב קריסטאָף וועט זיך איינשפּאַרען — און ער איז דערצו שיינבאַר אַנטשלאָסען געווען — פאַרצוזעצען דעם אומקאָמפּראָמיסליכען קאַמף געגען די פאַראורטיילען אין דער קונסט און געגען דעם דייטשען גייסט, וועט ער געגען זיך האָבען די גאַנצע וועלט, אפילו זיינע באַשיצער, און דאָס וועט איהם פאַטאַל פיהרען צו אַ נידערלאַגע. זי האָט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס ער אַרבייט דוקא געגען זיינע אינטערעסען און וויל זיך רואינירען ווי אומיסנע.

כדי איהם צו פאַרשטעהן האָט זי אויך געדאַרפט פאַרשטעהן, אַז דער ערפאָלג איז ניט געווען זיין ענד־ציעל — אַז זיין ענד־ציעל איז געווען דער אינערליכער גלויבען. ער האָט געגלויבט אין דער קונסט, ער האָט געגלויבט אין זיין קונסט, ער האָט געגלויבט אין זיך אַליין, ווי מ'גלויבט אין ווירקליכקייטען וואָס שטעהען העכער ניט נאָר פון'ם געוועהנליכען מאַטעריעלען אינטערעס, נאָר העכער אפילו פון'ם לע־

בען. ווען ער איז אביסעל אומגעדולדיג געוואָרען פון איהרע באמערקונגען, און עס איהר געזאָגט מיט א נאַיווער פעסט־קייט, האָט זי געצויגען די פּלייצעס: זי האָט איהם ניט גע־נומען ערנסט. זי האָט דעריין געזעהן בלויז שעהנע, קלינ־גענדע פראַזען. ווי זי איז צוגעוואוינט געווען אָפט צו הערען פון איהר ברודער, וועלכער פּלעגט פון צייט צו צייט אָנזאָ־גען אין הויז, אַז ער האַלט ביים אויספיהרען געוויסע הער־ליכע און אומעגליכע באשלוסען, וועלכע ער האָט אבער גוט אכטונג געגעבען ניט אויסצופיהרען. דערנאָך ווען זי האָט גע־זעהן, אַז קריסטאָף לעבט ווירקליך אונטער דער אילוזיע פון זיינע ווערטער, האָט זי גערעכענט אַז ער איז משוגע, און זיך מעהר ניט אינטערעסירט מיט איהם.

פון דאַמאָלט אָן האָט זי זיך שוין קיין מיה ניט געגע־בען אויסצונעהמען ביי איהם אין די אויגען, און זיך געוויזען ווי זי איז באמת געווען: מעהר דייטש — דורכשניטליך דייטש — ווי ס'האָט זיך צוערשט אנדערע געדאכט. — מ'וואַרפט אומזיסט פאר די אידען, אַז זיי געהערען ניט צו קיין נאַציע, און אַז זיי שטעלען אויף פון איין עק אייראָפּא צום אַנדערען א גאַנץ פאָלק, וואָס נעהמט ניט אריין אין זיך דעם לעבענס־גייסט און פאָרמען פון די פארשיידענע פעל־קער וואו זייערע געצעלטען שטעהן. אין דער אמת'ן איז ניטאָ קיין פאָלק וואָס זאָל אויף זיך אזוי גרינג ארויפנעה־מען דעם אפּדרוק פון די לענדער וואָס עס געהט פאַרביי; און אויב עס זיינען פאַראַן וועלכע געמיינשאַפטליכע כאַ־ראַקטער־צוגען צווישען א פראַנצויזישען און א דייטשען אי־דען, זיינען אבער פאַראַן צווישען זיי פיעל מעהר פארשיי־דענאַרטיגע כאַראַקטער־צוגען, וואָס קומען פונ'ם נייען פאַ־טערלאַנד, וועמעס גייסטיגע געוואוינהייטען זיי נעהמען אָן

מיט אַן אומגלויבליכער שנעלקייט — און נאָך מעהר די גע־וואויינהייטען ווי דאַס גייסטיגע. אַזוי אָבער ווי די געוואוינ־הייט איז אַ צווייטע נאַטור ביי אַלע מענשען, און ביים רוב מענשען זאָגאַר די איינציגע נאַטור, איז דער רעזולטאַט אַז ממילא מוז די מאַיאָריטעט איינגעבאָרענע בירגער פון אַ לאַנד־האָבען וויניג־וואָס פאַרצוואוואָרפען די אידען, אַז ס׳פעהלט זיי דער נאַציאָנאַלער גייסט, יענער טיעפער און פאַרשטענ־דיגער גייסט, וועלכען זיי האָבען אַליין ניט אויף אַ האָר.

די פרויען וואָס זיינען תמיד מעהר אונטערוואָרפען די אויסערליכע איינפלוסען, און זיינען מעהר גרייט זיך צוצו־פּאַסען צו די לעבענס־באַדינגונגען — די אידישע פרויען אי־בער גאַנץ אייראָפּאַ, נעהמען אַן, אַפּט אויף אַן איבערטרי־בענעם שטייגער, די פיזישע און מאָראַלישע מאָדעס פון די לענדער וואו זיי לעבען — כאָטש זיי פאַרלירען דערביי ניט זייער ראַסען־אויסזעהן, צוזאַמען מיט דעם שווערען, אומרוהי־גען און לעסטיגען וואָס איז שטרענג־אידיש. קריסטאָף׳ן איז דאָס אויפּאַלענד געוואָרען. ער פלעגט ביי די מאַנהיימ׳ס באַגעגענען יהודית׳ס מומעס, שוועסטער־קינדער און פריינד. ווי וויניג דייטש עס זיינען ניט געווען אַ טייל פון די פּנימ׳ער מיט זייערע ברענענדיגע צו דער נאַז־נאָהענטע אויי־גען, מיט די נעזער ניט ווייט פונ׳ם מויל, מיט די שטאַרקע געזיכטס־צוגען, מיט׳ן רויטען בלוט וואָס האָט געפּלאַסען אונטער זייער גראָבער און טונקעלער הויט — ווי וויניג עהנליך זיי זיינען כמעט אַלע געווען אין געבוי צו די דייטשע פרויען, זיינען זיי דאָך געווען מעהר דייטש ווי געוועהנליך: דאָס זעלבע אַרט רעדען און קליידען זיך — און נאָך מעהר איבערטריבען. יהודית איז געשטאַנען העכער פון זיי אַלע, און פון דעם פאַרגלייך האָט מען ערשט בולט׳ער געקאַנט

זעהן איהר אויסערגעוועהנליכע אינטעליגענץ, איהר אייגענ־
געשאַפענע פערזענליכקייט, און דאַד האָט זי געהאַט דאָס רוב
חסרונות פון די אַנדערע. פיעל פרייער ווי זיי —
כמעט אבסאָלוט פריי — אין דעם מאָראַלישען לע־
בען, איז זי ניט פרייער געוועזן אין געזעלשאַפטליכען לע־
בען; איהר פּראַקטישער אינטערעס, יעדענפאַלס האָט דעריין
פאַרנומען דעם אָרט פון דעם פרייהייטס־געפיהל. זי האָט
געגלויבט אין אַלע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס, אין דער
קלאַסען־איינטיילונג און אין אַלע פאַראורטיילען. ווייל נאָד
אַלעמען איז דאָס נאָד איהר רעכנונג געוועזן בעסער פאַר
איהר. ווי פיעל זי האָט ניט געלאַכט פון דעם דייטשען גייסט
האָט זי זיך דאָד געפיהלט צוגעבונדען צו איהם. זי האָט גוט
פאַרשטאַנען די מיטעלמעסיגקייט פון דעם אָדער יענעם אַנ־
ערקענטען קינסטלער, און דאָד האָט זי איהם צוליעב זיין
אַנערקענונג רעספּעקטירט; אויב ער איז פערזענליך געוועזן
באַקאַנט מיט איהר, האָט זי איהם באַוואונדערט, ווייל איהר
גאוה איז דערפון באַפרידיגט געוואָרען. זי האָט ווייניג־וואָס
ליעב געהאַט בראַהמס'ן, און בסוד פאַרדעכטיגט, אז ער איז
א קינסטלער פון צווייטען קלאַס; זיין באַרימטקייט האָט
אָבער געווירקט אויף איהר, און אזוי ווי זי האָט נאָד דערצו
פון איהם דערהאַלטען פינף־זעקס בריעף, איז דער שלום גע־
וועזן, אז זי האָט איהם געהאַלטען פאַר'ן גרעסטען מוזיקער פון
דער צייט. זי האָט ניט געצווייפעלט אין דעם רעאַלען ווערט
פון קריסטאָף'ן, און געצווייפעלט האָט זי אויך ניט אין דער
פוסטער נאַרישקייט פונ'ם לייטענאַנט. דעטלעוו פאָן פלייי־
שער; זי האָט זיך אבער געפיהלט מעהר גע'חנפ'עט פונ'ם
לייטענאַנט'ס אויפמערקזאַמקייט צו איהרע מיליאַנען, ווי פון
קריסטאָף'ס פריינדשאַפט; ווארום דער נאַרישסטער אַפי־

ציער איז דאָך פון אַן אנדער קאַסטע, און ס'איז שווערער פאַר א אידישער פרוי אריינצוטרעטען אין דער קאַסטע ווי פאַר אַן אַנדער פרוי. און כאָטש דער לייטענאַנט האָט זי ניט געקאָנט אָפּנארען מיט זיינע פּרצ'ישע פעאָדאלע מאַניע־רען, און זי איז געווען זיכער, אז אויב זי זאָל מיט איהם היי־ראַטען וועט עס זיין פאַר איהם אַ גרויסער כבוד, — דאָך האָט זי זיך אָנגעשטרענגט איהם צו געווינען. זי פלעגט זיך דערנידעריגען לאַשטשענדיג דעם אידיאָט מיט איהרע שעהנע אויגען און צופרידענשטעלענדיג אויף יעדען אופן זיין זעלבסט־ליעבע. די שטאָלצע אידישע טאָכטער, וואָס האָט באמת געמעגט זיין שטאָלץ, די אינטעליגענטע מאַיעסטע־טישע טאָכטער פון באַנקיר מאנהיים האָט געוואָלט אריין אין די גאָר הויכע פענסטער, פּונקט ווי יעדע דייטשע קליין־בירגעריז, וועמען זי פלעגט פאראכטען.

די ערפּאהרונג איז געווען א קורצע. קריסטאָף האָט פאַרלאָרען זיינע אילוזיעס וועגען יהודית׳ן כמעט אַזוי שנעל ווי ער האָט זיי זיך געשאפען; און יהודית, דאָס מוז מען מיט רעכט זאָגען, האָט גאר ניט געטאָן זיי אויפצוהאלטען. ווען א פרוי פון איהר מין האָט אַרויסגעטראָגען איהר משפט איבער אייך, און זיך פון אייך, צו דער זעלבער צייט, אָפּגעריסען, עקזיסטירט איהר מעהר פאַר איהר ניט. זי זעהט אייך שוין ניט, און זי שעהמט זיך מעהר ניט צו אנטבלויזען איהר נשמה פאַר אייך; זי טוט עס מיט דעם זעלבען רוהיגען געפיהל, ווי ווען זי שטעהט גאר נאַקעט פאַר איהר הונט, פאַר איהר קאַץ, אָדער פאַר וועלכע אנדערע הויז־חיה. קריסטאָף האָט דערזעהן יהודית׳ס עגאָיזם, איהר קאַלטקייט און מיטעלמעסיגען כאַראַקטער. אין גאַנצען איז ער אין איהר נעץ נאָך ניט געלעגען. דאָך האָט ער געליטען — געליטען ביז ער איז אריינגעפאלען אין א מין פיבער. כאָטש ער האָט יהודית ניט געליעבט, האָט ער ליעב געהאט דאָס וואס זי האָט געקאָנט זיין. איהרע שעהנע אויגען האָבען איהם באַצויבערט און דערוועקט אן אומעטיג־שמערצהאַפט געפיהל; ער האָט זיי ניט געקאָנט פארגעסען, און כאָטש ער האָט שוין געקאָנט די פּראָסטע נשמה וואָס האָט הינטער זיי געשלומערט, האָט ער זיי דאָך ווייטער געזעהן, ווי ער האָט זיי געוואָלט זעהן — ווי ער האָט זיי געזעהן צוערשט. דאָס איז געווען איינע פון די ליעבעסלאָזע ליעבע־האַלוצינאַציעס, וואָס פארכאַפּען אזוי די הערצער פון די קינסטלער ווען זיי זיינען ניט אין גאנצען אריינגעצויגען אין זייער ווערק. א פאַרביי־

ליפּענדע פּרויען־געזיכט איז געגוג צו שאַפן די האַלוצי־
נאַציע; זיי זעהן אין דער פרוי די גאַנצע שעהנקייט וואָס
ליגט אין איהר, פון וועלכע זי ווייסט אַליין ניט, און וויל
ניט וויסען, און זיי ליעבען זי דערפאַר נאָך שטאַרקער. זיי
ליעבען זי, ווי אַ שעהנע זאַך וואָס האַלט ביים פאַרשווינ־
דען, ביים אָפּשטאַרבען, וועמעס ווערט קיינער האָט פריהער
ניט געוואוסט, ניט געוואוסט אַפילו אַז זי עקזיסטירט.

אפשר האָט ער זיך געגאַרט, און יהודית מאַנהיים וואָלט
ווירקליך ניט געוואָרען קיין גרעסערע ווי זי איז געווען.
קריסטאָף האָט אַבער אַ צייט געגלויבט אין איהר, און דער
צויבער האָט אין איהם געלעבט: ער האָט זי ניט געקאָנט
אורטיילען אויף אַן אומפּאַרטייאישען אופן. דאָס געמיינע
אין איהר האָט ער ארויפגעוואַרפען אויף איהר צווייפאַכיג
פאָלק: דאָס אידישע און דאָס דייטשע; און ביידע איז ער
מעהר געווען אויף דאָס לעצטע ווי אויף דאָס ערשטע, ווייל
פון יענעם האָט ער שוין ביז דעמאָלט מעהר געליטען. אַזוי
ווי ער האָט נאָך קיין אַנדער פאָלק ניט געקענט, האָט ער
פון'ם דייטשען פאָלקס־גייסט געמאַכט אַ מין שעיר לעזאזל;
ער האָט אויף איהם אַרויפגעלעגט אַלע עבירות פון דער
וועלט. די אַנטוישונג אין יהודית האָט איהם נאָך מעהר גע־
טריבען צו זיין באַקעמפונג. ער האָט אָט דעם דייטשען
גייסט ניט יעקאָנט מוחל זיין וואָס ער האָט געבראָכען דעם
שוואונג פון אַזאַ נשמה.

דאָס איז געווען זיין ערשטע באַגעגעניש מיט אידען.
ער האָט אויף זיי פּיעל האָפענונג געלעגט. ער האָט געהאָט
געהאָפט צו געפינען אין דעם שטאַרקען און אָפגעזונדערטען
פאָלק אַ בונד־גענאָסע, וואָס זאָל איהם העלפען אין זיין
קאַמף. ער האָט פאַרלאָרען די האָפענונג. מיט זיין שנעלען

ליידענשאַפטליכען אינטואיטיווען געפיהל וואָס פלעגט איהם טרייבען פון איין עקסטרעם צום אַנדערען, האָט ער באַלד אין זיך געפיהלט די איבערצייגונג, אז דאָס דאָזיגע פאָלק איז פיעל שוואַכער, ווי מ'זאָגט געוועהנליך, און אסך מעהר אונ־טערוואַרפען — צופיעל אונטערוואַרפען — אונטער אויסערליכען איינפלוס. דאָס פאָלק איז שוואַכער פון דער אייגענער שוואַכקייט און פון אלע שוואַכקייטען פון דער וועלט וואָס עס האָט אַנגעקליבען אויפ'ן וועג. ער וועט דאַרט ניט געפינען דעם נויטיגען אַנשפּאַר אויף וועלכען זיין קונסט זאָל זיך קאָנען שטיצען. פאַרקעהרט, ער קאָן אפשר מיט דעם פאָלק פארשלונגען ווערען אין דעם זאַמד פון דער מדבר.

זעהענדיג די געפאַהר, און זיך ניט פיהלענדיג גענוג שטאַרק זיך אנטקעגען צו שטעלען געגען איהר, האָט ער פלוצלונג אויפגעהערט קומען צו די מאַנהיימ'ס. ער איז מעהרערע מאָל איינגעלאַדען געוואָרען, אָבער ער האָט זיך אנטשולדיגט, ניט אַנגעבענדיג קיין אורזאַך. אזוי ווי ער האָט ביז דאַמאָלט ארויסגעוויזען א שטאַרקען חשק אהין צו קו־מען, איז די פלוצלונגע ענדערונג באַמערקט געוואָרען: מ'האָט געררעכענט, אז דאָס איז צוליעב זיין „אָריגינאַלי־טעט". אָבער די דריי מאַנהיימ'ס האָבען ניט געצווייפעלט אז יהודית' שעהנע אויגען האָבען אין דעם א טייל, און ביים טיש פלעגען פראַנץ און זיין פאָטער זיך איבער דעם וויצ־לען. יהודית פלעגט דערביי אויפציהען די פּלייצעס, זאָגען אז זי האָט „געוואונען א גרויסען זיעג" און בעטען איהר ברודער מיט א טרוקענער שטים, ער זאָל ניט מאַכען דער־פון אזא וועזען. זי האָט אָבער אלץ געטאָן, אז קריסטאָף זאָל צוריקקומען. זי האָט איהם געשריבען, מיט אַן אויסרייד אַנ־געבענדיג א מוזיקאַלישע נאָכפראַגע וואָס קיינער אחוץ איהם

קאָן איהם ניט דערקלעהרען; און ביים סוף פונ'ם בריעף האט זי איהם געגעבען א פריינדליכע אָנצוהערעניש וועגען זיינע זעלטענע באזוכען און דעם פאַרגעניגען וואָס זי וואָלט געהאט איהם צו זעהן. קריסטאָף האט געענטפערט, איהר נעגעבען די דערקלעהרונג, געזאָגט א תירוץ, אז ער איז שטארק באשעפטיגט און זיך ניט באוויזען. זיי פלעגען זיך אמאָל באגעגענען אין טעאַטער. קריסטאָף פלעגט עקשנות־דיג אוועקדרעהען די אויגען פון מאנהיים'ס לאזשע. יהודית האט געהאלטען פאר איהם צוגעגרייט איהר שעהנסטען שמייכעל, ער אבער האט זיך געמאכט אז ער וויל זי ניט זעהן. זי איז ניט צוגעשטאַנען. אזוי ווי זי האט זיך וועגען איהם ניט געקימערעט, האט זי באַטראַכט פאר א חוצפה זיין האל־טונג. — אויב ער וויל צוריקקומען, זאָל ער צוריקקומען, אויב ניט — נו! וועט מען זיך באגעהן אָהן איהם...

מ'איז זיך טאקע באגאַנגען אָהן איהם; און זיין אפּ־וועזענהייט האט ניט שטארק אויסגעפעהלט אויף די אבענ־טען ביי די מאנהיימס. יהודית איז אבער געגען איהר אייגע־נעם ווילען בייז געבליבען אויף קריסטאָף'ן. ס'איז פאר איהר געווען גאַנץ נאַטירליך, אז זי זאָל זיך אויף איהם ניט אומקוקען ווען ער איז דאָרט — און זי האָט איהם ערלויבט ארויסצואווייזען זיין פאַרדרוס איבער דעם — אבער אַז דער פאַרדרוס זאָל אזוי ווייט געהן, אַז ער זאָל איבערייסען זייערע באַציהונגען, דאָס, האט זיך איהר געדאכט, ווייזט אַ נאַרישען שטאָלץ, און א הארץ וואָס איז מעהר עגאָיסטיש ווי פאַר־ליעבט. — יהודית האָט ביי אַנדערע ניט געקאָנט פארטראָ־גען איהרע אייגענע חסרונות.

זי האט צוליעב דעם נאָך מיט מעהר אויפמערקזאַמ־קייט נאָכגעפאָלגט קריסטאָף'ס אַלע האנדלונגען, און אַלץ

וואס ער האט געשריבען. מיט א כלומר'שט גלייכגילטיגער
מינע פלעגט זי אפט מיט איהר ברודער פארפיהרען א שמועס
איבער דעם, און טרייבען איהר ברודער ער זאל איהר אי־
בערדערצעהלען די געשפרעכען וואס ער האט געהאט מיט
קריסטאפ'ן דורכ'ן טאג. זי פלעגט אלעמאל אונטערשטריי־
כען די געשפרעכען מיט שארפע, איראנישע באמערקונגען,
וואס האבען בולט'ער ארויסגעוויזען די קאמישע זייט, און
ביסלעכווייז, אומבאמערקטערהייט, אין גאנצען אפגעקיהלט
פראנץ'ס ענטוזיאיזם.

אין אַנהויב איז אַלצדינג געגאַנגען גאַר גוט אין דער „צייטשריפט.“ קריסטאָף האָט נאָך ניט געהאַט דורכגענומען די גייסטיגע מיטעלמעסיגקייט פון זיינע קאָלעגען, און אַזוי ווי ער איז געווען איינער פון זייעריגע, האָבען זיי פעסט באַהויפּטעט אַז ער איז אַ זשעני. מאַנהיים, וועלכער האָט איהם ענטדעקט, האָט אומעטום גע׳טענה׳ט — כאָטש ער האָט פון איהם גאָר ניט געלייענט — אַז קריסטאָף איז אַ וואונדערבאַרער קריטיקער, וועלכער האָט ביז דאַמאָלסט אַ טעות געמאַכט אין זיין אמת׳ען באַרוף, און אַז ער, מאַנהיים, האָט דאָס פאַר איהם אַנטפּלעקט.

זיי האָבען זיינע אַרטיקלען אַנאָנסירט פאָראויס מיט געהיימניספולע ווערטער, וועלכע האָבען אַרויסגערופען די לעזער׳ס נייגעריגקייט. זיין ערשטע כראָניק האָט טאַקע אָפּגעקלונגען אין דעם מאַנאָטאָנען שטעטעל, ווי אַ שטיין וואָס פאַלט אַריין אין אַ טייכעל, וואו עס שווימען אַרום קאַטשקעס. דאָס קעפּעל איז געווען: צו פיעל מוזיק!

—„צופיעל מוזיק, צו פיעל טרינקעריי, צו פיעל עסעריי; — האָט קריסטאָף געשריבען. — מ׳עסט, מ׳טרינקט, מ׳הערט מוזיק, כאָטש מ׳איז ניט הונגעריג, ניט דורשטיג, ניט נייגעריג נאָך געדאַנקען, פּשוט ווייל מען איז געוואוינט צו פרעסען. מ׳שטאָפּט זיך ווי די שטראַסבורגער גענז. דאָס פאָלק ליידט פון אַ הונגער־קראַנקהייט. ס׳אַרט איהם ווייניג וואָס מ׳גיט: טריסטאַן אָדער דער טראָמפּעטער פון סעקינגען, בעטהאָווען אָדער מאַסקאַני, אַ פוגע אָדער אַ שנעלען טאַנץ־מאַרש, אַדאַם,

באַד, פּוטשיני, מאָצאַרט אָדער מאַרשנער; מען ווייסט ניט וואָס מען עסט; — דער עיקר איז מען זאָל עסען. מען האָט שוין דערפון אפילו ניט קיין פאַרגעניגען. זעהט נאָר די דייטשען ביי א קאָנצערט. מ׳רעדט פון דער דייטשער לוסטיגקייט! די מענשען ווייסען ניט וואָס לוסטיגקייט מיינט: זיי זיינען שטענדיג לוסטיג! זייער לוסטיגקייט, ווי זייער טרויער, איז ווי א רעגען: ס׳איז אַ פרייד וואָס פאַלט ווי א שטויב: זי האָט ניט קיין טאָן און ניט קיין קראַפט. שטונדען־לאַנג קאָנען זיי זיך איין זיך אריינזאַפּען, מיט א לייכטען שמייכעל, קלאַנגען, קלאַנגען, זיי טראַכטען פון גאָרנישט, זיי פיהלען גאָרנישט: זיי זיינען שוואַמען. די אמת׳דיגע פרייד, אָדער אמת׳דיגער שמערץ, — די קראַפט — געהט ניט שטונדען־לאַנג, ווי ביר פון אַ פאַס. זי, די קראַפט כאַפּט אייך אַן ביים גאַרגעל און שליידערט אייך אַנידער. און מ׳וויל שוין גאַרניט נאָכהער, מ׳וויל שוין גאַר ניט איינזאַפּען אין זיך: מ׳האָט שוין איבער דער מאָס!... „צו פיעל מוזיק! איהר הרג׳עט אייך און איהר הרג׳עט זי. דאָס, וואָס איהר הרג׳עט אייך, איז אייער עסק, און איך קאָן אייך ניט העלפען. אבער די מוזיק — האַלט! איך ערלויב ניט, איהר זאָלט דערנידעריגען דאָס שעהנע אויף דער וועלט, אריינלעגענדיג אין זעלבען פּאַק דאָס הייליגע און דאָס נידערטרעכטיגע, שפּילענדיג, ווי איהר טוט עס געוועהנליך, דעם פרעליוד פון פאַרסיפאַל, צווישען אַ פאַנטאַזיע איבער די ר ע ג י מ ע נ ט ־ מ י י ד ע ל און אַ קוואַרטעט פאַר סאַקסאָפענען, אָדער אַן אדאַזשיאַ פון בעטהאָווען און גלייך לעבען דער א „קייק־וואָק" טאַנץ און אַ שטיק קוואַטש פון לעאָנקאַוואַלאַ. איהר באַריהמט זיך, אַז איהר זייט דאָס גרויסע מוזיקאַלישע פאָלק; איהר פרעטענדירט ליעב צו האַ־

בען די מוזיק. וואָס פאַר א מוזיק האָט איהר ליעב? — די גוטע, אדער די שלעכטע? איהר קלאַפּט מיט די הענט בייביידע. סוף כל סוף קלייבט אוים איינע! וואָס ווילט איהר אייגענטליך? איהר ווייסט עס אליין ניט. איהר ווילט עס ניט וויסען; איהר האָט מורא זיך אַפּצושטעלען אויף איין זאַך, זיך צו קאָמפּראָמיטירען... צום טייוועל, מיט אייער פּאַרזיכטיגקייט! — איהר שטעהט איבער יעדען פּאַרטיי־געפּיהל, — זאָגט איהר! — א י ב ע ר: דאָס מיינט א ו נ ט ע ר!

און ער האָט ציטירט די פערזען פון׳ם אַלטען גאָטפריד קעלער, דעם שטאַרקען בירגער־דיכטער פון צוריך — איינער פון די דייטשע שרייבער וואָס איז איהם שטאַרק ליעב גע־ווען צוליעב זיין פּשוט־מעכטיגער אויפריכטיגקייט און זיין איינפאַך־זאַפטיגער צוגעבונדענקייט צום נאַטור־לעבען:

Wer ueber Parteien sich wahnt mit stolzen mienen, der steht zumeist viel mehr betrachtlich unter ihnen.

(דער וואָס האַלט זיך כלומר׳שט מיט א שטאָלצער מי־נע איבער יעדער פּאַרטיי, דער שטעהט מייסטענס א סך מעהר אונטער זיי.)

— האָט מוט צו זיין אויפריכטיג, — האָט ער פּאַרטגע־זעצט. — האָט מוט צו זיין מיאוס. צייגט זיך, זעהט זיך אליין ווי איהר זייט! ווישט אַפּ פון אייערע נשמות די עקעלדיגע פאַרב פון אלע אייערע קאָמפּראָמיסען, פון אייער צווייזייטיגקייט. ווי לאַנג האָט איהר שוין ניט געזעהן אין א שפּיגעל אייער געזיכט־צוגען? איך וועל זיי אייך ווייזען. קאָמפּאָזיטאָרס, ווירטואָזען, קאַפּעל־מייסטער, זינגער, און

דו, ווערטעם פּובליקום, איהר וועט איין מאָל פאַר אַלע מאָל וויסען וואָס איהר זייט... — זייט דאָס וואָס עס ווילט זיך אייך זיין; אָבער — צום טייוועל — זייט אמת׳דיג, אויפ־ריכטיג! זייט אויפריכטיג ווען אפילו די קינסטלער און די קונסט — ווען איך אליין פאַר אַלעמען, זאָלען דאַרפען דער־פון ליידען! אויב די קונסט און דער אמת קאָנען ניט לעבען צוזאַמען, זאָל די קונסט פאַרשווינדען! דער אמת — איז דאָס לעבען, דער טויט — איז דער ליגען.״

די כמעט־קינדערשע, איבערטריבענע, און גאַנץ גע־שמאַקלאָזע דעקלאַמאַציע האָט אַלעמען נאַטירליך געעפּענט די מיילער. דאָך, אַזוי ווי ס׳איז אויף אַלעמען געווען גע־צילט און אויף קיינעם ניט באַזונדערס, האָט זיך טאַקע קיי־נער ניט געוואָלט דערקאָנען אין דעם. איבעריגענס גלויבט יעדער אַז ער איז, און זאָגט אַז ער איז דער בעסטער פריינד פון׳ם אמת. ס׳איז אַלזאָ ניט געווען וואָס מורא צו האָבען, אַז מ׳וועט פאַראורטיילען דעם שלום פון׳ם אַרטי־קעל. מ׳איז בלויז סקאַנדאַליזירט געווען פון׳ם אַלגעמיינעם טאָן: אַלע האָבען איינגעשטימט אַז דער אַרטיקעל איז ווע־ניג־וואָס אַנשטענדיג, איבערהויפּט ווען ער איז געשריבען פון אַ מוזיקער וואָס פאַרטרעט אַ האַלב־אָפיציעלע שטעל. עטליכע מוזיקער האָבען אָנגעהויבען זיך צו טומלען און בי־טער צו פּראָטעסטירען; זיי האָבען פאַראויסגעזעהן אַז קרים־טאָף וועט זיך דערמיט ניט באַגנוגען. אַנדערע זיינען געווען קליגער און האָבען גראַטולירט קריסטאָף׳ן פאַר זיין מוטי־גען אַרויסטריט: זיי זיינען אפשר געווען מעהר אומרוהיג וועגען זיינע קומענדע אַרטיקלען ווי די אַנדערע.

ביידע טאַקטיקען האָבען געהאַט דעם זעלבען רעזול־טאַט. קריסטאָף האָט געקראָגען אַ שם: קיין זאַך האָט איהם

איצט ניט געקאָנט אָפּהאַלטן; און, לויט זיין צוזאָג, האָט ער קיינעם ניט געשאָנעוועט: ניט קיין קאָמפּאָזיטאָר, ניט קיין שפּילער, ניט קיין זינגער.

די ערשטע קרבנות זיינען געווען די ק אָ פּ ע ל מ י י ס ט ע ר ס. קריסטאָף האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט בלויז אין אַלגעמיין צו באַטראַכטן די קונסט פון דיריגירן אַן אָרקעסטער. ער האָט אָנגערופן מיט די נעמען זיינע קאָלעגן פון דעם שטעטל און פון די אַרומיגע שטעט; און אויב ער האָט ניט אָנגעגעבן די נעמען האָט ער געגעבן אַזעלכע קלאָרע אָנדייטונגען, אַז יעדער האָט זיי גרינג דערקענט. אַלע האָבן דערקענט דעם אומסימפּאַטישן הויף־קאַפּעלמייסטער, אַלויס פאָן ווערנער, אַן אַלטער פאַרזיכטיגער מוזיקער, באַהאָנגען מיט עהרען־מעדאַלען, וועלכער האָט אַלץ פאַרגלעט, פאַר אַלצדינג מורא געהאַט, — מורא געהאַט אפילו צו מאַכן עפּעס אַ באַמערקונג צו די מוזיקאַנטן פון זיין אָרקעסטער און האָט פּשוט נאָכגעפאָלגט זייער ניגונג אין שפּילן — וועלכער האָט זיך ניט איינגעשטעלט אַרויפצושטעלן אויף דער פּראָגראַם עפּעס וואָס האָט אין זיך ניט געהאַט די קדושה פון אַ צוואַנציג־יעהריגן ערפאָלג, אָדער, וויינינגסטענס, דעם אָפיציעלן שטעמפּעל פון אַן אַקאַדעמישען שררה. קריסטאָף האָט איראָניש אַפּלאָדירט זיין געוואַגטקייט; ער האָט איהם גראַטולירט וואָס ער האָט ענדליך ענטדעקט גאַד'ן, דוואָראַק'ן, אָדער טשייקאָווסקי'ן; ער איז נתפּעל געוואָרן פון זיין שטענדיג קאָרעקטער אינטערפּרעטאַציע, פון זיין מעטראָנאָמישער גלייכקייט, פון דעם שטענדיג פ י י ן ־ נ ו אַ נ ס י ר ט ע ן שפּיעלן פון זיין אָרקעסטער; ער האָט איהם פאָרגעשלאָגן צו אָרקעסטרירן פאַר זיין קומענדען קאָנצערט טשערני'ס „ע ק אָ ל ד ע

ו ו ע ל אַ ס י ט י ע"; ער האָט איהם באַשוואָרען ער זאָל זיך ניט אַזוי אויסמאַטערען, ניט אַזוי צורייסען, אַכטונג צו געבען אויף זיין טייערען געזונד. — און ווייטער אַביסעל האָט ער גענומען צאָרנדיג שרייען אויף דער אָרקעסטער־דיריגי־רונג פון בעטהאָווען'ס „עראָיקאַ":

— אַ קאַנאָן! אַ קאַנאָן! צושיסט מיר די לייט!... האָט איהר גאָר קיין באַגריף ניט וואָס עס הייסט אַ שטרייט, אַ קאַמף געגען דומהייט, געגען מענשליכער גרויזאַמקייט — און פון דער קראַפט וואָס צוטרעט זיי אונטער די פיס, מיט אַ פריידיגען געלעכטער? נאָר ווי זאָלט איהר עס וויסען? זי באַקעמפט דאָך אייך! אייער גאַנצע העלדישקייט געהט דאָך אַוועק מיט'ן צוהערען זיך, מיט'ן שפּילען, ניט־גענע־צענדיג, בעטהאָווען'ס ע ר אָ י ק אַ, — וואָרום עס לאַנג־ווייילט אייך.. נאָר זייט זיך שוין מודה אַז עס לאַנגווייילט אייך, אַז איהר פּלאַצט פּשוט פון לאַנגווייילע — אָדער מיט דעם וואָס איהר שטעלט איין דאָס געזונד און האָט ניט מורא זיך צו פאַרקיהלען, ווען איהר שטעהט מיט'ן הוילען קאָפּ, מיט אַן איינגעבויגענעם רוקען בעת אַ געקרוינטער שררה געהט פאַרביי אייך."

אַ בּאַרג מיט סאַרקאַזם האָט ער אַרויפגעוואָרפען אויף די כהנים גדולים פון די קאָנסערוואַטאָריומס, וועלכע טייַ־טשען אויס די פאַרשטאָרבענע גרויסע מייסטער אַלס „קלאַ־סיקער".

— קלאַסיקער! דאָס וואָרט דריקט שוין אַלץ אויס. די ברייטע ליידענשאַפט, אָראַנזשירט און גערייניגט פאַר'ן גע־ברויך פון די שולען! דאָס לעבען! — דאָס אומענדליכע גרויסע פעלד, וואו עס בושעווען אַלע ווינטען — אָפּגעשלאָ־

סען צווישען די פיער ווענט פון א הויף ביי א גימנאַזיע! דער ווילדער און שטאַלצער ריטם פון א ציטערענדיג האַריץ קלאַפּט מיט'ן טיק־טאַק פון א וואַנדזייגער, וואָס געהט זיך געמיטליך אויף'ן וועג, הינקט צו אביסעל און שפּאַרט זיך רוהיג אַן אויף די שטאַלצעס פון דער שטאַרקער צייט. כדי הנאה צו האָבען פון'ם ים מוזט איהר איהם אריינלעגען אין א כלי מיט גאָלדענע פישאלאַך... איהר פאַרשטעהט נאָר דאָס לעבען, ווען איהר האָט עס שוין דער'הרג'עט.

נאָר אויב ער איז ניט געווען גוט צו די „אָנשטאָפּער“ — ווי ער האָט זיי גערופען — איז ער געווען נאָך ערגער צו די צירק־רייטער פון אָרקעסטער, צו די באַריהמטע קאַפּעל־מייסטער וועלכע פאָהרען ארום איבער'ן לאַנד כדי מ'זאָל זיי באוואונדערען ווי זיי וואַרפען מיט'ן שטעקעלע, מיט זייערע אָרעמס און מיט די געפּאַרבטע הענט, וועלכע באווייזען זייער ווירטואָזען־קראַפט אויף'ן חשבון פון די גרויסע מייסטער — סטאַרען זיך מיט אַלע כחות מ'זאָל ניט דערקענען די באַריהמטסטע ווערק און שפּרינגען דורך די רייפען פון דער ס י מ פ א נ י ע א י ן ו ו י י כ ע ן. ער האָט זיי אָנגע־רופען, אַלטע קאָקעטקעס, אָרקעסטער־פּרימאַדאָנאַס, ציגיי־נער, און דראָט־טענצער.

די ווירטואָזען האָבען איהם נאַטירליך פאַרזאָרגט מיט א רייכען מאַטעריאַל. ער האָט זיך גאָר אָפּגעזאָגט צו קריי־טיקירען זייערע קונץ־שטיק, — זאָגענדיג, אַז ער האָט דער־צו ניט די פעהיגקייט... ער האָט גע'טענה'ט אַז דאָס האָט צו טאָן מיט דער „אַקאַדעמיע פון קונסט און מלאכה“, ניט מיט דער מוזיק־קריטיק; אַז זייער ווערט קאָן נאָר אָפּגע־שאַצט ווערען פון ספּעציעלע גראַפישע אַפּאַראַטען וועלכע פאַרצייכנען די צייט, די מאָס און די פאַרברויכטע ענערגיע.

טיילמאָל פלעגט ער ארויספאָדערען וועלכען עס איז באַ־ריהמטען פּיאנאָ־ווירטואָז, וואָס האָט אין א צוויי־שטונדי־גען קאָנצערט שמייכלענדיג באַמייסטערט די גרעסטע טעכ־נישע שוועריגקייט, — ער זאָל שפּילען א קינדערישע אַנדאַנטע פון מאָצאַרט'ן. — קריסטאָף האָט נאַטיר־ליך געוואוסט וואָס פאַר א פאַרגעניגען מ'האָט פון בייקור־מען די טעכנישע שוועריגקייטען ארויסגעהענדיג דער זינגער. ער האָט עס אויך פאַרזוכט: ס'איז געווען איינע פון זיינע לעבענס־פריידען. אבער צו זעהן נאָר די מאַטעריעלע זייט דערפון און צו פאַרוואַנדלען דעריין דעם הערצאיזם פון דער קונסט, האָט איהם אויסגעזעהן לעכערליך און געמיין. ער האָט עס ניט געקאָנט מוחל זיין די „פּיאנאָ־לייבען" אָדער די „לעמפּערטען!" — ער איז אבער געווען פּונקט אזוי שטרענג צו די פּעדאַנטען וועלכע זיינען אין דייטשלאַנד באַריהמט מיט דעם וואָס כאָטש זיי שפּילען אקוראַט נאָכ'ן מייסטער'ס טעקסט, פיהלט זיך אין דעם ניט דער מינדסטער געדאַנקען־שוואונג, און — ווי ע. ד'אַלבערט און ה. פאָן בי־לאָוו — בעת זיי שפּילען א לײדענשאַפטליכע סאָנאַטע, דאַכט זיך אז זיי געבען א לעקציע אין דיקציע.

קריסטאָף האָט זיך נאָכדעם גענומען צו די זינגער. ער האָט געהאַט א פאַרביטערט הארץ געגען זיי, איבער זייער פויערשער אומגעלומפּטערקייט און זייער פּראָווינציעלער געקינסטעלקייט. געקומען איז עס איהם ניט נאָר פון זיין לעצטער אנטוישונג מיט דער בלוי־געקליידעטער דאַמע, נאָר אויך פון די אלע פאַרשטעלונגען וועלכע ער האָט בייגעוואוינט און וועלכע זיינען פאַר איהם געווען א מאַטערניש. ער האָט אליין ניט געוואוסט וואָס ס'האָט אין איהם מעהר געלי־טען: די אויגען צו די אויערען. און קריסטאָף האָט ניט גע־

נוג גוט געוואוסט מיט וואס צו פארגלייכען די מיאוסקייט פון זייער ביהגע־אויסשטאטונג, די העסליכקייט פון די קאסטיומען, פון די שרייענדע פארבען. ער איז בלויז סקאנדא־ליזירט געווען פון די מענשען׳ס וואולגאריטעט, פון זייערע זשעסטען, פון זייערע האלטונגען, פון זייער אומנאטירליך שפיעלען, פון אט די אלע קינסטלער׳ס אומפעהיגקייט צו פארשטעהן א פרעמדע נשמה, און פון דער אומערקלעהרלי־כער גלייכגילטיגקייט מיט וועלכער זיי זיינען איבערגעגאנ־גען פון איין ראלע צו א צווייטער, אויב די נייע ראלע האט זיך נאר צוגעפאסט צו זייערע שטימען. פעסט־געבויטע, פע־טע און געזונטע פרויען האבען איינע נאך דער אנדערער גע־נומען די ראלען פון איזאלדע און פון קארמען. — אמפאר־טאס האט געשפילט די ראלע פון פיגארא. — אבער דאס וואס קריסטאף האט נאטירליך מעהר דערפיהלט, איז געווען די מיאוסקייט פון געזאנג, דער עיקר אין די קלאסישע ווערק, וואו די מעלאדישע שעהנקייט איז א גרונט־עלעמענט. מ׳האט אין דייטשלאנד מעהר ניט געקאנט זינגען די פאלקאם־ריי־נע מוזיק פון דעם אכטצעהנטען יאהרהונדערט; מ׳האט זיך שוין דערצו ניט נעגעבען די מיה. גלוק׳ס און מאצארט׳ס ריינער און געטער סטיל, וועלכער ווייזט אויס צו זיין דורכ־גענומען פון דער איטאליענישער לופט, אזוי ווי געטהעט סטיל, — אט דער סטיל וועלכער פאנגט שוין אן מיט וועּ־בער׳ן צו ווערען ציטערענדיג און בלישטשענדיג; — דער סטיל וואס ווערט אויסגעלאכט פון די פראסטע קאריקאטו־רען פונ׳ם פארפאסער פון ק ר א ט ש י א ט א, — איז פארניכטעט געווארען דורך וואגנער׳ס טריומף. דאס ווילדע פליהען פון די וואלקירען, מיט זייערע גרילצענד־שניידענ־דיגע געציינען האט פארדעקט דעם ג ר י כ י ש ע ן

הימעל. אַדינ׳ס שווערע וואָלקענס האָבען דערשטיקט די ליכט. קיינער טראַכט שוין גאָרניט פון דער מעלאָדישער מוזיק: מ׳זינגט איצט פּאָעמען, מען מאַכט זיך ניט זעהענדיג אויף די פאַרנאַכלעסיגטע, מיאוסע איינצעלהייטען, אפילו פאַלשע נאָטען, אונטער׳ן אויסרייד, אז דאָס וויכטיגסטע איז דאָס ווערק אלס אַ גאַנצע, דער געדאַנק...

— „דער געדאַנק! לאָמיר טאַקע דערפון אַ רעד טאָן! פאַרשטעהט איהר דען דעם געדאַנק?... יעדענפאַלס, צו איהר פאַרשטעהט איהם, אַדער ניט, האָט דרך ארץ, זאָג איך אייך פאַר דער פאָרמע אין וועלכער עס געפעלט איהם זיך אויסצודריקען. פאַר אַלעמען, זאָל די מוזיק זיין און בלייבען מוזיק!“

דער גרויסער אינטערעס וואָס די דייטשע קינסטלער האָבען בלומרשט ארויסגעוויזען צום אויכדרוק און צום טיע־פען געדאַנק האָט לויט קריסטאָף׳ן אויסגעזעהען ווי אַ געלונגע־נער וויץ. אויסדרוק? געדאַנק? זיי האָבען דאָס אין אַלצ־דינג אריינגעלייגט, — אין אַלצדינג, מיט דער זעלבער מאָס. זיי וואָלטען געפונען פּונקט אזוי פיעל געדאַנקען אין אַ וואַ־לענעם זאַק ווי — ניט מעהר און ניט וועניגער — ווי אין מי־כעל אַנדזשעלאָ׳ס אַ סטאַטוע. אבי־וועמען, און אבי־וואָס האָבען זיי געשפּילט מיט דער זעלבער ענערגי. איז תוך איז ביי די מייסטע פון זיי דאָס וויכטיגסטע אין דער מוזיק גע־ווען — אזוי האָט ער באהויפּטעט — די שטאַרקייט פון קלאַנג, דער מוזיקאַלישער גערויש. דאָס פאַרגעניגען פון זינגען, וואָס איז אין דייטשלאַנד אזוי גרויס געווען, איז גע־וואָרען אַ מין פאַרגעניגען פון שטים־גימנאַסטיק. מ׳האָט זיך באַדאַרפט גוט אָנבלאָזען מיט לופט און דאָס ארויסבלאָזען

מיט אימפעט, שטאַרק, ריטמיש, און וואָס לענגער עס אויפ־האַלטען. אַלס קאָמפּלימענט האָט ער דער אָדער יענער גרוי־סער זינגערין אַרויסגעגעבען אַ צייגניס אַז זי איז גאַנץ גע־זונט.

ס'איז איהם ניט גענוג געווען צו שמייסען די קינסט־לער. ער איז אַריבערגעשפּרונגען די ביהנע און אַנגעזידעלט דאָס פּובליקום, וואָס זיצט, געוועהנליך, מיט אַן אָפענעם מויל ביי אַט די אַלע פאָרשטעלונגען. דער צוטומעלטער עולם האָט ניט געוואוסט, צי ער דאַרף לאַכען אָדער אין כעס ווערען. דער עולם האָט רעכט געהאַט צו שרייען געגען דער אומגערעכטיגקייט: ער היט זיך דאָך אָפּ ניט אַנטייל צו נעהמען אין וועלכען ס'איז קונסט־שטרייט; ער אַפּלאָדירט דאָך אַלצדינג, אַבי ניט קיין טעות צו מאַכען... און דאָ זאָגט איהם גאָר קריסטאָף אַז ס'איז אַ פאַרברעכען צו אַפּלאָדי־רען!... ניט צו אַפּלאָדירען די שלעכטע ווערק... וואָלט שוין אויך גענוג געווען! קריסטאָף איז אָבער ווייטער געגאַנגען: זיין גרעסטער פאָרוואורף איז געווען דאָס אַפּלאָדירען די גרויסע ווערק: — „באַטריגער, — האָט ער זיי געזאָגט,— איהר ווילט אונז מאַכען גלויבען, אַז איהר זייט אַזוי ענטוז־יאַסטיש?... ניט געזאָרגט! נעהמט אייך ניט אַזוי פיעל מיה! איהר באַווייזט פּונקט דעם היפּוך פון דעם וואָס איהר ווילט באַווייזען. אַפּלאַדירט די ווערק, אָדער די שטעלען, וואָס עס פאַרלאַנגט זיך, ווי־עס־איז, צו אַפּלאָדירען. אַפּלאָדירט אַ מוזיקאַליש־רוישיגען שלוס, וועלכער איז געשריבען, ווי מאָצאַרט פלעגט זאָגען, „פאַר די לאַנגע אויערן". דאָרט קאָנט איהר פּאַטשען בראַוואָ, ווי פיעל אייער האַרץ גלוסט: מ'האָט פאָראויסגעזעהן דאָס עזעלישע ברומען — ס'איז אַ טייל פון קאָנצערט. — אָבער נאָך בעטהאָווען'ס מ י ס אַ

ס אַ ל ע מ נ ו ס !... אומגליקליכע באַשעפעניש‏ען !... ס'איז דאָך דער יום הדין ! איהר האָט דאָך נאַר־וואָס געזעהן די מורא'דיגע ג ל אַ ר י אַ, פאַרביישוועבענדיג דעם ים ווי אַ שטורם. איהר האָט נאַר־וואָס געזעהן דיווירבעל־שטראַ־לענדיגע קראַפט פון אַן אונגעהייערען, מעכטיגען ווילען וועל־כער שטעלט זיך אָפּ, ברעכט צוזאַמען, און הייבט זיך אויף צו די וואָלקענס, זיך אָנהאַלטענדיג מיטביידע פויסטען אי־בער דעם תהום, זיך ווייטער אויפהויבענדיג אין דעם אונ־ענדליכען רוים מיט אַ שטאַרקען שוואונג. דער שטורם־ווינט הוזשעט און ברומט. און ווען דער שטורם איז גאַר אַפּ־שטאַרקסטען — פּלוצלונג, אַ מאַדולאַציע, אַ טאָן־אַפּשייז, וועלכער לעבערט די פינסטערניש פון הימעל און פאַלט אויפ'ן בלייכען ים ווי אַ שטיק ליכט. דאָס איז דער סוף. דאָס ווילד־צאָרנדיגע פליהען פונ'ם מלאך־המות שטעלט זיך פּלוצלונג אָפּ, און די פליגלען זיינען דורכגעלעכערט פון די בליצען. אַלעס זשומעט און ציטערט אַרום אייך. דאָס האַרץ קלאַפּט, דער אָטעם ווערט פאַרכאַפּט, די גלידער ווערען פאַ־ראַליזירט... און ווי נאָר די לעצטע נאָטע האָט אָפּגעקלונגען, זייט איהר שוין לוסטיג, פרעהליך, איהר שרייט, לאַכט, קרי־טיקירט און אַפּלאָדירט !... איהר האָט, הפּנים, גאָרניט גע־זעהן, גאָרניט געהערט, גאָרניט געפיהלט, גאָרניט פאַרשטאַ־נען — גאָרניט, גאָרניט, פאַלשטענדיג גאָרניט ! די ליידען פון אַ קינסטלער זיינען פאַר אייך אַ ספּעקטאַקעל. איהר טראַכט אייך, אַז בעטהאָווענ'ס גסיסה־טרערען זיינען גוט געמאַלען. איהר שרייט : „בים !“ — „צו דער קרייציגונג“. אַ גרויסע נשמה האָט דאָס גאַנצע לעבען שמערצליך געקעמפט, כדי צו אַמוזירען אויף אַ שטונדע אַ באַנדע ליידיגעהער !“

ער האָט נאָך ניט געהאַט דערגרייכט געטע'ס רוהיג־

קלאַרע הויך, אָבער, ניט וויסענדיג, האָט ער קאָמענטירט, אויסגערופען זיין גרויס וואָרט:

„דאָס ערהאַבענע איז פאַר די מענשען אַ שפּיעל. ווען זיי זאָלען עס טאַקע זעהן ווי עס איז, וואָלטען זיי צו שוואַך געווען דאַרויף צו קוקען.“

און ווען ער זאָל זיך דערביי כאָטש געווען אָפּשטעלען!... זיין ענטוזיאַזם האָט איהם אָבער ווייטער מיטגעריסען: ער איז אַריבער געלאָפען דאָס פּובליקום, און איז ווי אַ קויל פון אַ קאַנאָן אַריין אין סאַמע טעמפּעל, אין דעם אומבאַפלעקטען צופלוכט־אָרט, וואו די אומפעהיגקייט, די מיטעלמעסיגקייט באַהאַלט זיך: — די קריטיק. ער האָט באַמבאַרדירט זיינע קאָלעגען. איינער פון זיי האָט זיך גע־האָט ערלויבט אַנצוגרייפען איינעם פון די באַגאַבטסטע לע־בעדיגע קאָמפּאָזיטאָרס, דעם פאַרגעשריטענסטען פאָרשטעהער פון דער נייער שול, — האַסלער׳ן, אַ שאַפער פון געוואַגטע, מאָדרנע, אָבער דאָך געניאַלע פּראָגראַם־סימפאָניעס. קריס־טאָף, וועלכער — מ׳דערמאָנט זיך אָן דעם אפשר — איז איהם, ווען ער איז געווען אַ קינד, פאַרגעשטעלט געוואָרען, האָט צו איהם שטענדיג געפיהלט אַ מין פאַרבאָרגענע ליעב־שאַפט — אַ דאַנקבאַרקייט פאַר דעם ענטוזיאַזם און די געפיהלען וואָס ער האָט אַמאָל געהאָט: ער איז געוואָרען אויסער זיך, זעהענדיג ווי אַ נאַרישער קריטיקער — אַ קרי־טיקער וועמעס אומוויסענהייט ס׳איז איהם באַוואוסט גע־ווען — וויל געבען אַ לעקציע צו אַ מענשען ווי האַסלער און איהם דערמאָנען אָן דער אָרדנונג און אָן די באַשטימטע כּללים פון מוזיק:

— „די אָרדנונג! די אָרדנונג! — האָט ער אויסגע־שריען — איהר ווייסט נאָר פון דער פּאָליציי־אָרדנונג! דער

זשעני לאָזט זיך ניט פיהרען אויף די געטראַטענע וועגען. ער שאַפט די אָרדנונג, און מאַכט פון זיין ווילען א כלל.״

נאָך אַט דער שטאָלצער ערקלערונג, האָט ער אָנגעכאַפּט דעם צרה'דיגען קריטיקער, איהם אָנגעוויזען אַלע אידיאָטי־שע שטיק וואָס ער האָט אָנגעשריבען זינט א לאַנגער צייט, און איהם רעכט אָפּגעשמיסען.

די גאַנצע קריטיק האָט דערפיהלט די באַליידיגונג. ביז דעמאָלט איז זי געשטאַנען ביי דער זייט און זיך בלויז צו־געקוקט צום שטרייט. די קריטיקער האָבען זיך ניט גע־וואָלט איינשטילען: זיי האָבען געקענט קריסטאָף'ן, גע־וואוסט זיין פעהיגקייט, און געוואוסט אויך, אז ער איז ניט געדולדיג. דאָס איינציגע וואָס עטליכע פון זיי האָבען זיך, זעהר פאַרזיכטיג, ערלויבט צו זאָגען, איז געווען דאָס, זיי באַדויערען וואָס אזא באַגאַבטער קאָמפּאָזיטאָר זאָל זיך אריינלאָזען אין א פאַך וואָס איז צו איהם ניט צוגעפּאַסט. וואָס זייער מיינונג (אויב זיי האָבען דאָס איבערהויפּט גע־האַט) זאָל ניט געווען זיין וועגען קריסטאָף'ן און ווי פאַר־לעצט זיי זאָלען זיך ניט געוועזט פיהלען פון זיינע מיינונגען האָבען זיי אָבער אין איהם רעספּעקטירט זייער אייגענע פּרי־ווילעגיע: דאָס רעכט אַלץ צו קריטיקירען און אַליין ניט קריטיקירט צו ווערען. ווען זיי האָבען אָבער געזעהן ווי קריסטאָף טרעט ברוטאַל אריבער איבער דעם שטילען אָפּ־מאַך וואָס האָט זיי פאַרבונדען, האָבען זיי באַלד אין איהם דערקענט א שונא פון דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג. אַלע מיט אַמאָל זיינען זיי ווי אויפגעבראַכט געוואָרען געגען דעם, וואָס אזא יונגערמאַן ערלויבט זיך צו ווייזען אז ער האָט ניט קיין דרך־ארץ פאַר די נאַציאָנאַלע באַריהמטקייטען, און זיי האָבען געגען איהם אָנגעהויבען א ביטערען קאַמף. זיי האָבען

ניט געשריבען קיין לאַנגע אַרטיקלען, מיט אויסגעהאַלטענע דיסקוסיעס און אַנאַליזען: — (זיי האָבען מורא געהאַט זיך צו שטעלען געגען אַ געגנער וואָס איז געווען בעסער באַוואָפענט ווי זיי: כאָטש יעדער זשורנאַליסט האָט די ספּעציעלע פעהיגקייט צו דיסקוטירען, ניט אַכטענדיג אויף דעם געגנער'ס אַרגומענטען, ניט לעזענדיג זיי אַפּילו) ; — וואָרום אַ לאַנגע ערפאַהרונג האָט זיי באַוויזען, אַז דער לעזער פון אַ צייטונג האָט שטענדיג די זעלבע מיינונג ווי די שרייבער פון דער צייטונג, אַז מיט דעם וואָס מ'פּרוּוואָוט נאָר דיסקוטירען אַן עניַן, שוואַכט מען שוין אָפּ דעם לעזער'ס צוטרויען צו דער צייטונג: אַז מ'דאַרף פּעסט דערקלערען אַ זאַך, אבער בעסער נאָך, אַפּלייקענען, — (די אָפּלייקענונג איז צווייפאַך שטאַרקער ווי די ערקלערונג, אָדער באַהויפּטונג; דאָס איז אַ דירעקטער פּועל יוצא פון דעם געזעץ מכח שווערקראַפט: ס'איז אַ סך גרינגער אַראָפּצוּוואַרפען אַ שטיין ווי איהם אַרויפצוּוואַרפען.) — זיי האָבען דערפאַר אָנגענומען דאָס סיסטעם יעדען טאָג אַריינצושטעלען אין זייערע צייטונגען, עטליכע, שאַרפע, גיפטיגע, איראָנישע, באַליידיגענדע שורות, אויף אַן אָנגעזעהענעם פּלאַץ און מיט אַ פאַרביסענער עקשנות. זיי האָבען אויסגעלאַכט דעם חוצפּה'דיגען קריסטאָף, ניט אָנגעבענדיג זיין נאָמען, נאָר אָנדייטענדיג אויף איהם אויף אַ גאַנץ קלאָרען אופן. זיי האָבען צודרעהט זיינע ווערטער, אַזוי אַז זיי זאָלען אויסזעהן לעכערליך־נאַריש; זיי האָבען וועגען איהם דערצעהלט אַנעקדאָרטען, אין וועלכע ס'איז געווען אַ שטיקעל אמת, אָבער דאָס איבעריגע איז געווען אויסגעוועבט פון סאַמע ליגענס. זיי האָבען מיט כיטראָסט אויסגערעכענט, אַז דורך דעם וועט די שטאָט אויף איהם אין כעס ווערען, און נאָך

מעהר, דער גרויספירשט און זיין הויז־געזינט. זיי האָבען אפילו גענומען אנגרייפען זיין אויסזעהן, זיינע געזיכטס־צוגען, זיין קליידונג. די קאַריקאַטור וואָס זיי האָבען דערפון געמאַכט האָט א דאנק דעם שטענדיגען איבער׳חזר׳ן, אנגעהויבען איהם עהנליך צו זיין.

דאָס אַלץ וואָלט ווייניג־וואָס געאַרט קריסטאָף'ס פריינד, ווען זייער „צייטשריפט" זאָל אין דעם קאַמף ניט געווען קריגען אַ פּאָר קלעפּ. אין אמת'ן איז דאָס גאָר געווען אַ שטיקעל רעקלאַמע; מ'האָט די צייטשריפט ניט געוואָלט אריינציהען אין דעם קריג; מ'האָט געצילעוועט קריסטאָף'ן אָפּצוזונדערען: מ'האָט זיך נאָר גע'חדוש'ט וואָס די „צייט־שריפט" קאָמפּראָמיטירט אזוי איהר גוטען נאָמען, און מ'האָט איהר געגעבען אָנצוהערעניש, אַז אויב די רעדאַקציע וועט ניט אַכטונג געבען, וועט מען מוזען, — מיט'ן גרעס־טען באַדויערען — אויף איהר אַרויפוואַרפען די פאַראַנט־וואָרטליכקייט. אַ שוואַכער, קליינער אָנגריף איז געמאַכט געוואָרען אויף אַדאָלף מאַי און מאַנהיים'ען, און דאָס האָט אויפגעטרייסעלט דעם גאַנצען נעסט. מאַנהיים האָט בלויז געלאַכט דערפון: ער האָט גערעכענט, אַז דאָס וועט אויפרייצען זיין פאָטער, זיינע פעטערס, זיינע שוועסטער־קינדער, און זיין גאַנצע צאָהלרייכע משפחה, וואָס האָבען זיך גענומען דאָס רעכט נאָכצוקוקען אַלץ וואָס ער טוט און דערפון סקאַנדיאַליזירט צו ווערען. אָבער אַדאָלף מאַי האָט דאָס גענומען גאַנץ ערנסט און האָט קריסטאָף'ן פאָר־געוואָרפען, אַז ער קאָמפּראָמיטירט די צייטשריפט. קריס־טאָף האָט איהם געזאָגט, אַז דאָס איז ניט זיין עסק, אַז ער זאָל זיך אָפּטראָגען. די אַנדערע, וועמען די פיילען האָבען ניט געטראָפען, האָבען, פאַרקעהרט, הנאה געהאַט וואָס מאַי, וועלכער פלעגט זיך פאַר זיי גרויסען, איז די כפרה־היהנדעל.

וואַלדהאוז, באַזונדערס, האָט דערפון בסוד הנאה געהאַט און געזאָגט, אַז אין יעדען געשלעג מוזען אַ פּאָר ארוים מיט צושפּאַלטענע קעפּ. ער האָט, נאַטירליך, פאַרשטאַנען, אַז דאָס דאַרף זיין ניט זיין קאָפּ; ער האָט געהאַלטען, אַז ער, אַ דאַנק דעם שטאַנד פון זיין פאַמיליע און פון זיינע פריינד, האָט ניט וואָס מורא צו האָבען פאַר קיין קלעפּ, און האָט ניט באַטראַכט פאַר קיין אומגליק דאָס, וואָס די אידען — זיינע קאָלעגען — קריגען אַ פּאָר בוכצעס. עהרענפעלד און גאָלדענרינג, וועמען מ'האָט לעת עתה ניט אָנגעריהרט, האָבען אויך ניט מורא געהאַט פאַר קיין אָנגריף: זיי האָבען געקאָנט ענטפערען. וואָס עס האָט זיי מעהר געאַרט איז געווען די עקשנות מיט וועלכער קריסטאָף האָט זיך פאַרנומען זיי צו צוקריגען מיט אַלע זייערע פריינד און, באַזונדערס, מיט אַלע זייערע פריינדינס. זיי האָבען שטאַרק געלאַכט, בעת זיינע ערשטע אַרטיקלען זיינען ערשינען און דאָס באַטראַכט פאַר אַ גוטען וויץ. זיי האָבען באַוואונדערט קריסטאָף'ס מוטיגע דרייסטקייט צו צעברעכען די שויבען; זיי האָבען געגלויבט, אַז מיט איין וואָרט וועלען זיי קאָנען אָפּקיהלען זיין היציגע קאַמפּ־לוסט, ווענינסטענס, אויף אַזוי פיעל, אַז די אויף וועלכע זיי וועלען אָנדייטען, זאָלען דערפון ניט ליידען. — אָבער ניין. קריסטאָף האָט גאָר ניט געוואָלט הערען. עס האָט איהם ניט געאַרט וואָס מ'בעט איהם. ער האָט ווייטער געקלאַפּט, ווי אַ צואָווילדערטער. ווען זיי זאָלען איהם געוועזען לאָזען געהן אויף זיין שטייגער, וואָלטען זיי באַלד געמוזט אַנטלויפען פון דער שטאָט. זייערע „פריינדינס" פלעגען שוין קומען צולויפען, פאַרוויינט און אין כעס אין דער רעדאַקציע און זיי אָפּשפּילען גאַנצע סצענעס. זיי האָבען אויסגעאיבט זייער גאַנצע דיפּלאָמאַטי צו־

צורײדען קריסטאָף׳ן, ער זאָל אָפּשװאַכען מאַנכע פון זײנע קריטישע אָפּשאַצונגען. קריסטאָף האָט אָבער גאָר ניט גע־ביטען. זײ זײנען אין כעס געװאָרען; און ער אויך; אָבער ער האָט גאָר ניט געענדערט. װאָלדהאַוז, װעמען די גאַנצע זאַך האָט ניט אָנגעריהרט, האָט זיך אַמוזירט פון זײנע פרײנד׳ס פּאַרדרוס. און כדי זײ נאָך מעהר צו צו רײצען, האָט ער זיך אָנגענומען פאַר קריסטאָף׳ן. אפשר האָט ער טאַקע בעסער װי זײ געקאָנט פאַרשטעהן קריסטאָף׳ס טיעף־אויפריכטיגע איבערטריבענקייט, װעלכע האָט זיך, װי צע־װילדעט, געװאָרפען אויף אַלעמען, גאָר ניט טראַכטענדיג װעגען אַ מעגליכקייט צוריקצוטרעטען, װעגען אַ שוץ־מיטעל אין דער צוקונפט. װאָס אַנבאַלאַנגט מאַנהײמ׳ען, האָט ער זיך הארציג אַמוזירט פון דעם גאַנצען געטומעל: דאָס, װאָס ער האָט דעם משוגענעם אַרײנגעפיהרט צװישען די קלײנ־בירגערליכע מענשען, האָט איהם אויסגעזעהען װי אַ געלונ־גענער פּאַרס: ער האָט זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער פון די קלעפּ װאָס ער האָט דערלאַנגט, און פון די װאָס ער האָט געקראָגען. כאָטש ער האָט, אונטער דער שװעסטער׳ס אײנ־פלוס, אָנגעהויבען צו גלויבען, אז קריסטאָף איז באמת אַבי־סעל צודרעהט, האָט ער איהם דאָך ליעב געהאַט — און נאָך מעהר װי פריהער: — (ער האָט געהאַט אַן אינערליכע באַ־דערפעניש צו באַטראַכטען די, װעלכע זײנען איהם געװען סימפּאַטיש, פאַר מעהר־װעניגער נאַריש) — און ער און װאָלדהאַוז האָבען קריסטאָף׳ן װײטער געשטיצט געגען די אַנדערע.

אַזוי װי ער איז אָבער געװען אַ מענש מיט אַ פּראַק־טישען פאַרשטאַנד — טראָץ אַלע זײנע אָנשטרענגונגען זיך צו שאַפען די אילוזיע, אַז ער איז דאָס ניט — האָט ער גוט

פאַרשטאַנען, אז עס וואָלט געווען לטובה פון זיין פריינד זיך צו פאַרבינדען מיט די פאָרגעשריטענסטע דייטשע מוזיק־פּאַרטייען.

אין דער שטאַט איז גראָדע, ווי כמעט אין אַלע דייטשע שטעט, געווען א וואַגנער־פאַראיין, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די גייסטע אידעען אין מוזיק פון דעם פאָרגעשריטענעם פליגעל. אמת, אַז ס'איז ניט געווען קיין גרויס העלדישקייט צו פאַרטיידיגען וואַגנער'ן דעמאָלסט ווען זיין גרויסער נאָמען איז שוין געווען אנערקענט און זיינע ווערק זיינען שוין געווען אויפ'ן רעפּערטואר פון אַלע דייטשע אָפּעראַ־הייזער, דאָך איז דער געוואונענער זיעג געווען ווי אַן ארויפגעצוואונגענער מיט געוואַלט — ניט קיין אַלגעמיין־פרייער, און אין הארצען איז די מעהרהייט פאַרבליבען עקשנות'דיג קאָנסערוואַטיוו, באזונדערס אין די קליינע שטעט — ווי אונזער שטאָט למשל — וועלכע זיינען אָפּגערוקט פון די גרויסע מאָדערנע באוועגונגען און שטאָלצירען מיט זייער אמאָליגער באריהמטקייט. מעהר ווי אומעטום האָט דאָרט געהערשט דער דייטש־איינגעבאָרענער מיסטרויען געגען יעדער נייער זאַך, — דער מין גייסטיגע פוילקייט צו פיהלען עפּעס נייעס, אמת'עס וואָס איז נאָך ניט איבערגעקייעט געוואָרען פון עטליכע דורות. מ'האָט דאָס געזעהן פון דעם ווידערווילען, מיט וועלכען די באַפעלקערונג האָט אויפגענומען — אויב ניט וואַגנער'ס ווערק וועגען וועלכע מ'האָט שוין ניט געסמייעט צו דיסקוטירען — דאָך אַלע נייע ווערק, וועלכע וואַגנער'ס גייסט האָט ארויסגערופען. און די וואַגנער־פאַראיינען וואָלטען טאַקע באמת געהאט פאַר זיך אַן ערנסט־נוצליכע אויפגאַבע, ווען זיי זאָלען געווען פאַרטיידיגען מיט'ן גאַנצען הארצען די יונגע, אָריגינעלע קרעפטען

אין דער קונסט. טיילמאָל האָבען זיי עס געטאָן, און ברוקנער אָדער הוגא וואָלף האָבען אין איינינגע פון די פאַראייננען געפּאָר־נען די בעסטע פריינד. צו אָפט אָבער האָט דעם מייסטער׳ס עגאָאיזם געדריקט זיינע תלמידים; און פּונקט ווי ביירוט האָט בלויז געדינט דער העסליכער פאַרגעטערונג פון איין איינ־ציגען, אַזוי זיינען אויך די פּ י ל י אַ ל ע ן פון ביירוט געווען קליינע טעמפּלען, וואו מ׳האָט תפילה געטאָן לכבוד דעם איינאיינציגען גאָט. העכסטענס האָבען זיי אַריינגעלאָ־זען אין די זייטיגע קאַפּעלעם די טרייע תלמידים זיינע, וועל־כע האָבען בוכשטעבליך אָפּגעהיט די הייליגע לעהרע, און פאַרגעטערט, ליגענדיג מיט׳ן פּנים אין שטויב, די פּיעל־פאַרמיגע אָבער איינאיינציגע געטליכקייט: מוזיק, פּאָעזיע, דראַמאַ און מעטאַפיזיק.

און דאָס איז אַקוראַט געווען דער פאַל מיט׳ן וואַגנער־פאַראיין אין יענער שטאָט. — ער איז אפילו כלומרשט גע־ווען ברייטער, פרייער: ער האָט געזוכט אריינצונעהמען טאַ־לענטפולע יונגע־לייט, און שוין לאַנג האָט מען געהאַט אַן אויג אויף קריסטאָף׳ן. מ׳האָט איהם אויף אַ דיפּלאָמאַטישען פאַרזיכטיגען שטייגער געמאַכט פאַרשלעגע אויף מיטגלידער־שאַפט; קריסטאָף האָט זיך אויף דעם ניט אומגעקוקט: ער האָט ניט געפיהלט קיין שום באַדערפעניש זיך צו פאַרבינ־דען מיט וועמען עס איז; ער האָט ניט פאַרשטאַנען דעם דראַנג, וועלכער טרייבט די דייטשען שטענדיג זיך צו גרופּי־רען ווי די סטאַדעם בהמות, און פאַר וואָס זיי קאָנען קיין זאַך ניט טאָן אַליין: ניט זינגען, ניט שפּאַצירען, ניט טרינ־קען. דאָס גאַנצע פ אַ ר אַ י י ן ־ ו ו ע ז ע ן איז איהם גע־ווען אָפּשטויסענד. נאָר, ווי עס איז, איז ער דאָך געווען מעהר גענייגט צום ו ו אַ ג נ ע ר פ אַ ר אַ י י ן ווי צו וועלכען־

עס־איז אַן אַנדער פאַראיין: די שעהנע קאָנצערטען וואָס מ'האָט דאָרט געגעבען האָבען, וועניגסטענס, באַרעכטיגט די עקזיסטענץ פון פאַראיין; און כאָטש ער האָט ניט איינגעשטימט מיט אַלע וואַגנער'ס אידעען איבער קונסט, איז ער דאָך צו זיי פיעל נעהענטער געשטאַנען ווי צו וועלכער־עס־איז אַן אַנדער מוזיקאַלישער גרופּע. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער קאָן זיך איינפאַרשטעהן מיט אַ גרופּע וועלכע האָט דיזעלבע פיינדליכע שטעלונג ווי ער צו בראַהמס'ן און צו זיינע אַנהענגער. ער האָט, אַלזאָ, געלאָזט מ'זאָל איהם דאָרט פאָרשטעלען. מאַנהיים איז געווען דער פאַרמיטלער; ער האָט אַלעמען געקענט. כאָטש ער איז ניט געווען קיין מוזיקער, איז ער דאָך געווען אַ מיטגליד פון פאַראיין. דער פאַרוואַלטונגס־קאָמיטעט האָט ניט פאַרפעהלט נאָכצופאָלגען די ק אָ מ פּ אַ נ י ע וואָס קריסטאָף האָט אָנגעפיהרט אין דער צייטשריפט. די טויט־קלעפּ וואָס ער האָט געגעבען דעם גענגערישען לאַגער האָבען דערוויזען, אַז ער האָט געזונטע פויסטען, מיט וועלכע עס וואָלט געווען גוט זיך צו באַנוצען. קריסטאָף האָט אויך אַ פּאָר פיילען געצילעוועט אויף דער הייליגער געטשקע, אָבער, מ'האָט זיך דאַרויף געמאַכט ווי ניט־זעהענדיג. — און אפשר האָבען די ערשטע, נאָך שוואַכע אָנגריפען געהאַט אַ פאַרבאָרגענע שייכות מיט דעם, וואָס דער פאַראיין האָט זיך אַזוי צוגעאיילט קריסטאָף'ן אַריינצוכאַפּען, איידער ער וועט האָבען צייט שטאַרקער אַרויסצוזאָגען זיין מיינונג. מ'איז געקומען צו איהם, און איהם זעהר פריינדליך געבעטען, ער זאָל די ערלויבעניש געבען דעם פאַראיין צו שפּיעלען אַ פּאָר פון זיינע ווערק אויף די קומענדע קאָנצערטען. קריסטאָף האָט זיך געפיהלט געחנפ'עט, און האָט אָנגענומען. ער איז געקומען צום וואַגנער־

פאַראייִן, און — געשטופּט פון מאַנהיים'ען — איז ער גע־וואָרען אַ מיטגליעד.

בראש פון דעם וואַגנער־פאַראייִן זיינען דעמאָלסט גע־שטאַנען צוויי מענשען. איינער פון זיי האָט געהאַט אַ שטי־קעל נאָמען אַלס שרייבער און דער אַנדערער — אַלס אָר־קעסטער דיריגענט. ביידע האָבען זיי געהאַט אין וואַגנער'ן אַ בלינדען, אַ מאַכמעדאַנישען גלויבען. דער ערשטער — יאָ־זיאַס קלינג — האָט געשריבען אַ וואַגנער־לעקסיקאָן, אַ דאַנק וועלכען מ'האָט צו יעדער רגע געקאָנט דערגעהן דעם מייס־טער'ס געדאַנקען: De omne rescibili דאָס איז געווען זיין גרויסעס לעבענס־ווערק. ער האָט דערפון געקאָנט אי־בערגעבען ביים טיש אויסענווייניג גאַנצע קאַפּיטלאַך, פּונקט ווי אַ סך פראַנצויזישע פּראָווינציעלע קליין־בירגער קאָנען אויסענווייניג דעקלאַמירען גאַנצע ק אַ נ ט אַ ס פון „זשאַן ד'אַרק." ער האָט אויך אַרויסגעגעבען ביי־רוטער בלעטער — אַרטיקלען איבער וואַגנער'ן און דעם אַרישען גייסט. וואַגנער איז, זעלבסט־פאַרשטענדליך, פאַר איהם געווען דער ריינסטער טיפּ פון דער אַרישער ראַסע, פון וועלכע די דייטשען זיינען פאַרבליבען דער אומבאַפלעקסטער צווייג, דער איינציגער עלעמענט וועל־כער באַקעמפט דעם איינפלוס פון דעם לאַטיינישען סעמי־טיזם בכלל און דעם פראַנצויזישען איינפלוס בפרט. ער האָט הויך פּראָקלאַמירט אַז דער אומריינער פראַנצויזישער גייסט איז פאַלשטענדיג פאַרניכטעט. — און דאָך האָט ער, אָהן אַן אויפהער, יעדען טאָג, פאַרגעזעצט דעם קאַמף, אַזוי ווי דער אייביגער שונא וואָלט נאָך אַלץ שטענדיג געווען אַ גע־פאַהר. נאָר איין גרויסען מענשען האָט ער אָנערקענט אין פראַנקרייך: דעם גראַף דע גאָבינאָ. קלינג איז געווען אַן אַל־

טינקער, אַ קלײנינקער, אַ זעהר העפליכער מענשעל, װעלכער
פלעגט רויט װערען װי א יונג מײדעל.—דער אַנדערער, אויף
װעלכען דער װאַגנער־פאַראײן האָט זיך געהאַלטען, איז גע־
װען עריך לאָובער. ביז צו פערציג יאָהר איז ער געװען דער
דירעקטאָר פון א פאַבריק פון כעמישע שטאָפען, דאַן האָט
ער אַלץ אויפגעגעבען, כדי צו װערען אַן אָרקעסטער־דירי־
גענט. אַ דאַנק זײן שטאַרקען װילען און זײן גרויס פאַרמע־
גען האָט זיך איהם דאָס אײנגעגעבען. ער איז געװען אַ גרוי־
סער חסיד פון ביירוט. מ׳פלעגט דערצעהלען, אז ער איז
אהין געגאַנגען פון מינכען צו־פוס, מיט הילצערנע שטעק־
שיך װי אַ פילגער. אַ מאָדנע זאַך איז עס געװען, װאָס אַזאַ
מענש, װעלכער האָט אמאָל פיעל געלעזען, פיעל גערעדט,
פאַרשידענע געשעפטען אונטערנומען, און אומעטום אַרויס־
געװיזען, אז ער האָט אַן ענערגישע פערזענליכקייט, זאָל
פלוצלונג װערען אין דער מוזיק פ אַ נ ו ר ז ש ׳ ס א
שעפעלע; זײן גאַנצע אָריגינאַליטעט האָט ער אין דעם פאַר־
שװונדעט און דער רעזולטאַט איז געװען װאָס ער איז גע־
װאָרען נאָך אביסעל נאַרישער װי די אַנדערע. ער האָט זיך
אין מוזיק ניט געפיהלט גענוג זיכער אום זיך צו פאַרלאָזען
אויף זײן אײגענעם געפיהל; דערפאַר פלעגט ער בלינד נאָכ־
פאָלגען די װאַגנער־אינטערפּרעטאַציעס פון די ק אַ פ ע ל־
מ י י ס ט ע ר ס אָדער פון אַנדערע אין ביירוטס פאַטענטיר־
טע קינסטלער; עס האָט זיך איהם געװאָלט קאָפירען, רעפּראָ־
דוצירען די קלענסטע אײנצעלהייטען פון דער ביהנע־אויס־
שטאַטונגען, פון די פיעל־פאַרביגע קאָסטיומען, װעלכע האָ־
בען ענטציקט די װאָהנפריעד׳ער הויפלייט מיט זײער קינ־
דערשען און רויהען געשמאַק. ער איז געװען עהנליך צו די
פאַנאַטישע באַװאונדערער פון מיכעל־אַנדזשעלאָ, װעלכע

קאַפּירען אפילו די שפּאַלטען פון די ווענט, די פאַרשימעלטע, פאַרפוילטע טיילען פון דעם פאַרהייליגטען ווערק — וועלכע ווערען דורך דעם אליין פאַר זיי אויך הייליג.

קריסטאָף׳ן האָבען די צוויי לייט ניט געקאָנט געפעלען. זיי זיינען אָבער געווען מענשען פון דער העכערער געזעל־שאַפט, דערצו גאַנץ פריינדליכע און געבילדעטע. לאָובער׳ס געשפּרעך איז געווען גאַנץ אינטערעסאַנט, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדעלט איבער מוזיק. ווייטער איז ער געווען א מאַניאַק; און מאַניאַקען האָט קריסטאָף ניט גאָר פיינט געהאַט; זיי פלעגען איהם מאַכען אביסעל צו פאַרגעסען אַז דער מאַנאַ־טאָנער באַנאַליטעט פון די בר־שכל׳ס. ער האָט נאָך ניט געוואוסט, אז ס׳איז ניט פאַראַן קיין לאַנגווייליגערע זאַך ווי אַ מענש אָהן א געזונטען פאַרשטאַנד, און אז די אָריגינאַליטעט איז נאָך זעלטענער ביי די וואָס מ׳רופט „אָריגינאַלען“ ווי ביי די אַנדערע. ווארום די „אָריגינאַלען“ זיינען פּשוט׳ע מאַ־ניאַקען וועמעס געדאַנקען באַוועגען זיך אַזוי אויטאָמאַטיש ווי דאָס ווערק פון א זייגערל.

קלינג און לאָובער, וועלענדיג געווינען אויף זייער זייט קריסטאָף׳ן, האָבען זיך אָנגעהויבען צו איהם באַנומען מיט גרויס דרך ארץ. קלינג האָט געשריבען א גאַנצען אַרטיקעל אין וועלכען ער האָט איהם שטאַרק געלויבט, און לאָובער האָט אַקוראַט נאָכגעפאָלגט זיינע אָנערקענונגען, בעת ער האָט דיריגירט קריסטאָף׳ס ווערק אויף דעם פאַראיינ׳ס א קאָנ־צערט. קריסטאָף איז פון דעם אַלעמען גערירט געוואָרען. צום אומגליק האָט אָבער זייער נאַרישקייט באַלד געשטערט קריסטאָף׳ס גענוס. דאָס וואָס מענשען האָבען איהם באַ־וואונדערט, איז פאַר איהם ניט גענוג געווען ער זאָל פון זיי האָבען אַן איבערטריבענע מיינונג. ער האָט פיעל געפּאַ־

דערט. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז מ׳זאָל ניט באַוואונדער׳ן דאָס וואָס ער באַזיצט ניט; און האָט כמעט באַטראַכט פאַר שונאים די וואָס זיינען געוואָרען זיינע פריינד — דורך אַ טעות. און ער איז קלינג׳ן ניט דאַנקבאַר געווען דערפאַר וואָס יענער באַטראַכט איהם אַלס וואַגנער׳ס אַ תלמיד, אין זוכט צו פאַרגלייכען זיינע ליעדער מיט געוויסע שטעלען אין דער טעטראַלאָגיע — כאָטש ס׳איז קיין געמיינשאַפטליכעס צווישען זיי ניט געווען, אַ חוץ געוויסע נאָמען־נאָמען. און ער האָט גאָר קיין הנאה ניט געהאַט הערענדיג איינע פון זיינע ווערק אריינגעקוועטשט — נעבען אַ ווערטלאָזער נאָכאַה־מונג פון אַ וואַגנער־געלעהרטען — צווישען צוויי אונגע־הייער שווערע וואַגנער־דראַמען.

ס׳האָט ניט פיעל גענומען און ס׳האָט איהם אָנגעהויבען שטיקען אין דעם קליינעם טעמפעל. ס׳איז בלויז געווען אַן אנדער קאָנסערוואַטאָריום, אבער ער איז געווען אזוי באַגרענעצט ווי דער אמאָליגער — —און נאָך אומטאָלעראַנטער ווי יענער, דערפאַר ווייל ער איז געווען דער נייעסטער אין דער קונסט. קריסטאָף האָט אָנגעהויבען צו פאַרלירען זיינע אילוזיעס וועגען דעם אַבסאָלוטען ווערט פון קונסט־פאָרמען אדער געדאַנקען. ביז דעמאָלסט האָט ער געגלויבט, אַז די גרויסע אידעען ברענגען מיט זיך אומעטום זייער ליכט. ער האָט זיך איצט ארומגעזעהן, אַז ווי פיעל די אידעען זאָלען זיך ניט בייטען, בלייבען די מענשען די זעלבע; און נאָך אַלעמען, האָט קיין זאַך קיין ווערט ניט אַ חוץ די מענשען: אידעען זיינען בלויז אידעען. אויב זיי ווערען געבאָרען אומ־באַדייטענד און שקלאַפיש, ווערט אפילו דער זשעני, דורכ־געהענדיג דורך זייער נשמה, אומבאַדייטענד; און דעם העלד׳ס באַפרייאונגס־געשריי בעת ער צורייסט זיינע קיי־

טען ווערט בלויז א מאָטאָ פון א שקלאַפעריי פאַר די נאָכ־קומענדע דורות. קריסטאָף האָט געמוזט אויסדריקען אַט די געפיהלען. ער האָט קיין געלעגענהייט ניט אויסגעלאָזען וואו ער זאָל ניט אָפּלאַכען פון דער בלינדער פאַרגעטערונג פון וואַגנער'ס גייסט; אַ נאָכפאָלגער איז אויך דער וואָס האָט דעם מוט צו לאָזען שטאַרבען דאָס וואָס דאַרף שטאַרבען. און צו בלייבען פייערליך און גייסטיג פאַרבונדען מיט'ן לע־בען. קלינג'ס טעמפּקייט האָט קריסטאָף'ן געטריבען צום אַנ־גריף. ער האָט אַנגעוויזען אויף אַלע פעהלערען און נאַ־רישקייטען ביי וואַגנער'ן. די וואַגנער'יאַנער האָבען באַלד גענומען רעכענען, אז ער איז מיאוס אייפערזיכטיג אויף זיי־ער גאָט. קריסטאָף פון זיין זייט האָט קיין ספק ניט געהאַט, אַז די זעלבע מענשען וועלכע הויבען אַזוי וואַגנער'ן זינט ער איז געשטאָרבען וואָלטען מסתמא געווען די ערשטע איהם צו דערווערגען בעת ער האָט געלעבט: — און מיט דעם האָט ער דוקא א טעות געהאַט. די קלינגס און די לאָובער'ס האָבען אויך געהאַט זייער פעריאָדע פון אמת'ער באַגייס־טערונג; זיי זיינען געווען די פּאַרקעמפער, צוריק מיט צוואַנ־ציג יאָהר; דאַן האָבען זיי זיך, ווי דאָס רוב מענשען, דער־ביי אָפּגעשטעלט. דער מענש האָט אַזוי ווייניג כח, אַז ווי ער געהט נאָר ארויף אַביסעל בלייבט ער שוין שטעהן אָהן אָטעם; נאָר גאָר ווייניגע זיינען שטאַרק גענוג ווייטער צו געהן.

קריסטאָף'ס שטעלונג האָט באַלד פון איהם דערוויי־טערט זיינע נייע פריינד. זייער פריינדשאַפט איז געווען א קרעמערשע: אום צו זיין מיט זיי, האָט קריסטאָף געמוזט האַלטען פון זיי. און ס'איז גאַנץ קלאָר געווען, אַז ע ר וועט פון זיינע קיין האָר ניט אָפּטרעטען:—ער האָט ניט בע־

וואַלט ווערען פון זייעריגע. זיי זיינען צו איהם קאַלט געװאָרען. די שבחים וואָס ער האָט ניט געוואָלט זינגען צום פאַראיינ'ס געטער און געטשקעס, האָט מען אויך איהם ניט געגעבען. מ'איז ניט אזוי נייגעריג געווען, ווי פריהער, אויפצונעהמען זיינע ווערק. און א טייל מיטגליעדער האָט גענומען פּראָטעסטירען וואָס מ'זעהט זיין נאָמען אזוי אָפט אויף די פּראָגראַמען. מ'האָט פון איהם געלאַכט הינטער'ן רוקען ; מ'האָט איהם וואָס אמאָל מעהר קריטיקירט, און קליינג און לאָובער האָבען זיך ניט אָפּרופענדיג, דערויף ווי מסכים געווען. דאָך האָט מען זיך אין גאַנצען ניט געוואָלט צוקריגען מיט קריסטאָף'ן : ערשטענס, ווייל דייטשע מחות האָבען ליעב פּאַרוויקעלטע לאַזונגען — פּאַרוויקעלטע און דאָך איינפאַכע — וועלכע האָבען די פּריווילעגיע צו פאַרציהען אהן א שיעור אן אומבאַשטימטע, צווייזייטיגע סיטואַציע ; און צווייטענס, ווייל מ'האָט דאָך געהאָפט פון איהם צו מאַכען דאָס וואָס מ'האָט געוואָלט, אויב ניט אויס איבערצייגונג, איז כאָטש דורך דעם וואָס די זאַך וועט איהם פּשוט נאָמס ווערען.

קריסטאָף האָט זיי דערצו קיין צייט ניט געגעבען. ווען ער פלעגט דערפיהלען אז א מענש האָט איהם אין הארצען ניט ליעב, נאָר ער וויל דאָס ניט צוגעבען און זוכט זיך אָפּצונאַרען כדי מיט איהם זיך ניט צו צוקריגען, פלעגט ער ניט רוהען ביז עס פלעגט איהם ניט געלונגען איהם צו דערװייזען אז ער איז זיין שונא. איין אבענט, זייענדיג אין פאַראיין און פיהלענדיג, אז ער האָט גענען זיך א וואַנט פון היפּאָקריטישער פיינדשאַפט, האָט ער שוין מעהר ניט געקאָנט אויסהאַלטען. ער האָט גלייך נאָכדעם ארייינגעשיקט זיין רעזיגנאַציע אהן שום איבעריגע ווערטער. לאָובער האָט

דאָס ניט געקאָנט פאַרשטעהן; און מאַנהיים איז שנעל גע־
לאָפען אויפזוכען קריסטאָף'ן, כדי אַלץ גוט צו מאַכען. ביי
די ערשטע ווערטער זיינע, האָט קריסטאָף אַרויסגעפּלאַצט:

— ניין, ניין, ניין און נאָך אַמאָל ניין! רעד צו מיר
נישט פון די באַשעפעניששען. איך וויל זיי מעהר ניט זעהן...
איך קאָן שוין מעהר ניט, איך קאָן שוין מעהר ניט... די
מענשען עקלען מיך שרעקליך אָפּ. ס'איז מיר כמעט אומ־
מעגליך זיי צו קוקען אין די פּנים'ער אַריין.

מאַנהיים האָט דערפון האַרציג געלאַכט. די סצענע
האָט איהם שטאַרק אַמוזירט, און ער האָט דערפון מעהר גע־
טראַכט ווי צו וועלען איינשטילען קריסטאָף'ן:

איך ווייס, אַז זיי זיינען ניט קיין איידעלע מענשען,
האָט ער געזאָגט; אָבער דאָס איז דאָך אַן אַלטע זאַך: וואָס
עפּעס נייעס איז געשעהן?

— גאָר ניט. ס'האָט מיר פּשוט דערעסען... יאָ, יאָ,
לאַך, לאַך פון מיר: אמת, איך בין אַ משוגע'נער. מענשען
מיט שכל האַנדלען לויט דער לאָגיק און געזונטען פאַר־
שטאַנד. איך בין ניט אַזוי; איך בין אַ מענש וואָס לעבט
נאָר אימפּולסיוו. ווען אַ געוויסע קוואַנטיטעט עלעקטריצי־
טעט זאַמעלט זיך צונויף אין מיר, מוז עס, וואָס עס זאָל ניט
זיין, אויסשיסען; און זאָלען אַנדערע זיך זאַרגען, אויב עס
בריהט זיי אָפּ! און אויף מיר איז אויך אַ מצוה! איך בין
ניט געבאָרען געוואָרען צו לעבען מיט מענשען. פון היינט אַן
און ווייטער וויל איך צו קיינעם ניט געהערען אַ חוץ צו מיר
אַליין.

—„דו ווילסט דאָך דערמיט ניט באַהויפּטען, אַז דו
קאָנסט זיך באַגעהן אָהן אַלעמען?" — האָט מאַנהיים אויס־
געראָפען. — „דו קענסט דאָך ניט שפּילען דיין מוזיק גאַנץ

אַליין. דו דאַרפסט דאָך האָבען זינגער, זינגערינס, אַן אָר־קעסטער. אַ דיריגענט, אַ פּובליקום, און בראַוואָ־קלאַפּער".

קריסטאָף האָט געשריען:

„ניין! ניין! ניין!..."

אָבער פון מאַנהיים'ס לעצטען וואָרט איז ער אויפגע־שפּרונגען:

—„בראַוואָ, קלאַפּער! דו האָסט קיין חרפּה ניט?"

„מיר רעדען ניט פון באַצאָהלטע בראַוואָ־פּאַטשערס,— (כאָטש אין דער אמת'ן איז דאָס דער איינציגער מיטעל ווי אַזוי דעם עולם צו ווייזען דעם ווערט פון אַ ווערק.) — אָבער, מ'מ ו ז דאָך האָבען די בראַוואָ־פּאַטשער. יעדער פּאַרפאַסער האָט זיינע אייגענע איינגעשטודירטע פריינד, וועלכע זיינען די בראַוואָ־פּאַטשער. יעדער פּאַרפאַסער האָט שוין זיינע — דאַרויף האָט מען דאָך פריינד!"

—„איך וויל ניט האָבען קיין פריינד!"

„נו, וועט מען דיך אויספּייפען."

—„איך וויל מ'זאָל מיך אויספּייפען."

מאַנהיים האָט זיך געהאַלטען ביי די זייטען.

„דאָס פאַרגעניגען וועסטו אויך ניט לאַנג האָבען. מ'וועט דיך ניט שפּיעלען."

—„גוט, זאָל זיין אַזוי! גלויבסטו אפשר, אַז איך וויל ווערען באַריהמט?... נו, יאָ, איך בין פעסט געגאַנגען אויף דעם דרך! אומזין, משוגעת! אידיאָטסטוואָ!... קאָן אונז דען די צופרידענשטעלונג פון דער פּראָסטער גאוה באַלוינען פאַר די אַלע אָפּפערס — די צרות, ליידען, נידערטרעכטיג־קייטען, באַליידיגונגען, ערנידערונגען און שענדליכע הנחות—וועלכע זיינען דער פּרייז פון באַריהמטקייט? זאָל מיך דער

טייוועל נעהמען אויב אַזעלכע דאגות ליגען מיר אין קאָפּ! גענוג! איך וויל מעהר ניט האבען צו טאָן מיט'ן פּובליקום און מיט דער עפענטליכקייט. איך וויל מיר זיין אַ פּריוואַטער בירגער, און מיר לעבען פאַר זיך און פאַר די וואָס איך האָב ליעב..."

„נו, אודאי," — האָט מאַנהיים אַ זאָג געטאָן איראָניש, —„אַ מענש מוז האָבען אַ מלאכה. פאַרוואָס זאָלסטו זיך טאָקע ניט נעהמען צו שוסטעריי?"

—„אה! ווען איך זאָל זיין אַ שוסטער ווי דער גרויסער זאקס!" — האָט קריסטאָף אויסגערופען. — „ווי פרעהלאַך איך וואָלט מיר מיין לעבען איינגעאָרדענט! כ'וואָלט געווען אַ שוסטער אין דער וואָכען — און זונטאָג אַ מוזיקער, און נאָר אין דער היים, פאַר מיין אייגענעם פאַרגעניגען, און דעם פאַרגעניגען פון אַ פּאָר אינטימע פריינד! דאָס וואָלט געווען אַ לעבען! ...בין איך טאָקע אַזוי משוגע מקריב צו זיין מיין צייט און מיין מיה צוליעב דעם גרויסען תענוג וואָס אַ וועלט אידיאָטען זאָלען קאָנען איבער מיר אַ מיינונג ארויסזאָגען! איז ניט אַ סך בעסער און שעהנער, אַז אַ פּאָר אַנשטענדיגע מענשען זאָלען מיך ליעב האָבען און פאַרשטעהן, איידער אַז טויזענטער אידיאָטען זאָלען מיך הערען, קריטיקירען און מיר חנפ'ענען?... דער יצר הרע וואָס האָט געווירקט אויף מיין שטאָלץ און באַגעהר באַריהמט צו ווערען, ווער שוין מעהר אויף מיר קיין שליטה ניט האָבען: דו קאָנסט זיך אויף מיר פאַרלאָזען!"

„אודאי" — האָט מאַנהיים געזאָגט.

ער האָט זיך געטראַכט:

—„אין אַ שעה ארום וועט ער רעדען פּונקט פאַרקעהרטע דבורים."

נאר ער האט רוהיג א זאג געטאן:

„נו, הייסט עס, איך וועל אלץ רעכט מאכען, אויסגלייכען מיט'ן וואנגנער־פאראיין?"

קריסטאף האט אויפגעהויבען די הענט.

—„נו, האט זיך מיר געלוינט אפצועסען דאס האר"ץ, א גאנצע שעה שרייענדיג ניין, ניין!... איך זאג דיר, אז מיין פום וועט זייער שוועל מעהר ניט אריבערטרעטען! די אלע וואנגנער־פאראיינען, די פאראיינען בכלל, עקלען מיך אפ. זיי זעהען מיר אויס ווי שאף, וועלכע האבען א באדערפעניש זיך צונויפצודריקען, איינער נעבען אנדערען, כדי צו קאנען מעקען צוזאמען: נעה און זאג אט די שאף פון מיינעטוועגען: איך בין א וואלף, איך האב ציין, איך בין ניט געשאפען געווארען זיך צו פאשען."

„גוט, זעהר גוט, מ'וועט זיי שוין זאגען"—האט מאנהיים א מאך געטאן, אוועקגעהענדיג. ער האט אויסגעצייכענט פארבראכט דעם פריהמארגען. ער האט זיך געטראכט: ער איז משוגע, משוגע, אז מ'דארף איהם בינדען."

זיין שוועסטער, וועמען ער האט זיך געאיילט איבערצוגעבען דעם געשפרעך, האט געהויבען די פלייצעס און געזאגט:

—„משוגע? ער וואלט ווען אז מיר זאלען עס גלויבען!... אין אמת'ן איז ער נאריש און לעכערליך־שטאלץ".

קריסטאָף האָט אונטערדעסן ווייטער פאַרגעזעצט זיין ווילדען אַנגריף אין וואַלדהאוז'ס ציַיטשריפט. ניט מחמת ער האָט דערפון הנאה געהאַט: די קריטיק האָט איהם געעקעלט און ער האָט בדעה געהאַט זי משלח צו זיין צו אַל די גוטע יאָהרען. — ער האָט זיך אבער איינגע'עקשנ'ט, דוקא ווייל מ'האָט זיך אַנגעשטרענגט איהם צוצומאַכען דאָס מויל: ער האָט ניט געוואָלט ס'זאָל הייסען אז ער גיט נאָך.

וואַלדהאוז האָט אַנגעהויבען אומרוהיג צו ווערען. כל־זמן אַנדערע האָבען געקראָגען קלעפּ און איהם האָט גאָר ניט געשאַדט, האָט ער זיך צוגעקוקט צו דער גאַנצער שלאַכט אין דער גלייכגילטיגקייט פון אַן אָלימפּישען גאָט. אָבער זינט עטליכע וואָכען האָבען די אַנדערע צייטונגען ווי פאַרגעסען אַן זיין אומפּאַרלעצטבאַרקייט. זיי האָבען איהם גענומען אַנ־גרייפען, צילעווען אין זיין שטאָלץ אַלס שריפטשטעלער, מיט אַזאַ מאָדנער בייזוויליגקייט, אַז וואַלדהאוז וואָלט מיט אַ ביסעל שאַרפזין באַלד געקאָנט דערקענען דעם ביס פון אַ פריינד. אין אמת'ן האָט טאָקע אין דעם געשטעקט דער ביטרער שכל פון עהרענפעלד'ן און גאָלדרינג'ן: זיי האָבען פּשוט איינגעזעהן, אַז דאָס איז דער איינציגער מיטעל, ווי אַזוי אויף איהם צו ווירקען, אַז ער זאָל אַ סוף מאַכען צו קריסטאָף'ס פּאָלעמיק. זיי האָבען דאָס ריכטיג פאַרשטאַנען. וואַלדהאוז האָט אויף דער שטעל ערקלעהרט קריסטאָף'ן, אַז די זאַך הויבט איהם אָן ניט צו שמעקען; און ער האָט אויפ־געהערט מיט איהם צו האַלטען. דאַן האָט די גאַנצע רעדאַק־

ציע געגומען צוטראַכטען מיטלען ווי קריסטאָף'ן איינצו־שטילען. אבער גאָר שלים א הונט'ס מויל, בעת ער האָט אין אויפפּרעסען זיין קרבן! אלץ וואָס מ'האָט איהם געזאָגט, האָט איהם נאָך מעהר צעהיצט. ער האָט זיי געדראָהען שוועכלינגע, און זיי ערקלעהרט, אז ער וועט שרייבען אלצדינג — אלצדינג וואָס ער האָט די פליכט צו זאָגען. אויב זיי ווילען איהם ווייזען די טיר, — מעגען זיי עס טאָן! — די גאַנצע שטאָט וועט דאַן וויסען, אז זיי זיינען פּונקט אזעלכע טרוסען ווי די אַנדערע. אליין וועט ער אבער ניט געהן.

זיי האָבען זיך אַנגעקוקט צוטומעלט, דערשראָקען. פאַרוואָרפענדיג מאַנהיים'ען וואָס ער האָט זיי דעם משוגע'נעם געבראַכט אלס א גאַנצע מציאה. מאַנהיים האָט ווייטער געלאַכט; ער האָט זיך אבער אליין אונטערגענומען קריסטאָף'ן צו בויגען. ער האָט זיי געגעבען זיין וואָרט, אז נאָך אין דעם נאָהענטסטען קומענדען אַרטיקעל וועט קריסטאָף „אַריינגיסען א ביסעל וואַסער אין זיין וויין". זיי האָבען איהם ניט געגלויבט. אבער מאַנהיים האָט זיי באַלד באַוויזען, אז ער באַריהמט זיך ניט אומזיסט. קריסטאָף'ס פאָלגענדער אַרטיקעל איז טאַקע ניט געווען קיין מוסטער פון העפליכקייט; ער האָט אבער ניט ענטהאַלטען קיין איין באַליידיגענדע באַמערקונג צו קיינעם. מאַנהיימ'ס מיטעל איז געווען א גאַנץ איינפאַכער: אלע האָבען זיך נאָכדעם געוואונדערט וואָס עס איז זיי פריהער ניט איינגעפאַלען: קריסטאָף האָט קיינמאָל ניט איבערגעלייענט צוויי מאָל דאָס וואָס ער האָט געשריבען פאַר דער צייטשריפט; ער פלעגט קוים איבערלייענען דעם קאָרעקטור־בויגען פון זיינע אַרטיקלען — און דאָס זעהר שנעל און נאָכלעסיג. אדאָלף מאַי האָט איהם שוין מעהרערע שטעכיגע באַמערקונגען געמאַכט

וועגען דעם ענין: ער פלעגט מיט איהם טענהען, אז א דרוק־פעהלער איז א שאנד פאר א זשורנאל און קריסטאָף, ניט באטראַכטענדיג די קריטיק פאר אן ערנסטע קונסט, פלעגט איהם דערויף ענטפערען, אַז די וועמען ער טאַדעלט וועלען אַלע מאַל געננג גוט פארשטעהן זיינע אַרטיקלען. מאַנהיים האַט דאַס אויסגענוצט; ער האַט געזאַגט אז קריסטאַף האַט רעכט, אַז לייענען די קאַרעקטור איז דעם דרוקער'ס אר־בייט; און ער האַט איהם פאַרגעשלאַגען אז ער, מאַנהיים, זאַל עס איבערנעהמען. קריסטאַף האַט ניט געוואוסט ווי איהם צו דאנקען; אלע מיטאַרבייטער האבען איהם אַבער פארזיכערט, אז דאַס איז נאַך פאר זיי א טובה, ווארום עס וועט פשוט איינשפאַרען צייט דער צייטשריפט. קריסטאַף האַט אלזאַ איבערגעגעבען די קאַרעקטור מאנהיים'ען און איהם געבעטען ער זאַל זי גוט דורכקוקען און קאַריגירען. מאַנהיים האַט אַן דעם ניט פאַרגעסען: ס'איז פאר איהם געווען א שפיעל. אין אַנהויב האַט ער פאַרזיכטיג נאר דאַ און דאַרט אַפּגעשוואכט א באמערקונג אַדער ארויסגעוואַר־פען א מיאוסען עפיטעט. ערמוטיגט פון ערפאַלג, האַט ער דאַס אבער נאַך ווייטער געטריבען: ער האַט אַנגעהויבען איבערצואַנדערשען די זאַצען און זייער זין; ער האַט אין דעם ארויסגעוויזען א באזונדערע פעהיגקייט. דער קונץ איז באַשטאַנען אין דעם אַנצוהאַלטען דעם אויסזעהן און די כאַ־ראַקטעריסטישע פאַרמע פונ'ם זאַץ, און צו דער זעלבער צייט איבערצוגעבען פונקט דעם היפוך פון דעם וואס קריס־טאַף האַט געוואַלט זאַגען. מאַנהיים האַט זיך מעהר מיה געגעבען צו צוקאַלעטשען קריסטאַף'ס אַרטיקלען ווי ער וואַלט עס געטאַן ווען ער זאַל זיי געווען אליין שרייבען; — ער האַט נאַך קיינמאַל אין זיין לעבען אזוי פיעל ניט גע־

אַרבייט. ער האָט אָבער הנאה געהאַט פון׳ם רעזולטאַט. גע־וויסע מוזיקער, וועמען קריסטאָף האָט ביז דעמאָלסט פאַר־פאַלגט מיט זיינע סאַרקאַזמען, זיינען ווי מבולבל געבליבען זעהענדיג ווי ער ווערט ביסלעכווייז מילדער. און דערגעהט אַזוי ווייט אַז ער זינגט זיי שבחים. די רעדאַקציע איז געווען מלא שמחה. מאַנהיים פלעגט פאַרלעזען זיין „קאַרעקטור“. אַלע פלעגען אויסשיסען אין אַ געלעכטער. עהרענפעלד און גאָלדענרינג פלעגען טיילמאָל זאָגען מאַנהיים׳ען:

—„גיב אַכטונג! דו פאַרגעהסט צו ווייט!“

„ס׳איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען“ — פלעגט ער ענט־פערן, און ער פלעגט זיך נאָך בעסער נעהמען „קאָריגירען“.

קריסטאָף האָט גאָר ניט באַמערקט. ער פלעגט קומען אין דער רעדאַקציע, איבערלאָזען זיין אַרטיקעל און זיך מעהר אַז דעם ניט קימערען. טיילמאָל פלעגט ער מאַנהיים׳ען אַוועקנעהמען אין אַ זייט און איהם ווי איינרוימען אַ סוד:

—„דעם מאָל האָב איך זיי געגעבען... די פּאַסקודניאַ־קעס! לעז נאָר אַביסעל...“

מאַנהיים האָט געלעזען.

—„נו, וואָס דענקסטו דעריבער?“

„שרעקליך, מיין ליעבער פריינד. האָסט פון זיי פּשוט אַ תּל געמאַכט.“

—„וואָס, דענקסטו, וועלען זיי ענטפערען?“

„אַה! דאָס וועט שוין זיין איינמאָל אַ געוואַלט!“

אָבער ס׳איז גאָר קיין געוואַלט ניט געווען. פאַרקעהרט: די פּנים׳ער אַרום קריסטאָף׳ן האָבען אויפגעלויכטען; מענ־שען וואָס ער האָט פאַראַכטעט מיט׳ן גאַנצען האַרצען, האָבען איהם באַגריסט אויף דער גאַס. איינמאָל איז ער אַריין אין דער רעדאַקציע. ער איז געווען אומרוהיג און אַנגעבלאָזען; אַני־

דערוואָרפענדיג א וויזיט־קאַרטע אויפ׳ן טיש, האָט ער גע־פרעגט:

—„וואָס מיינט דאָס?"

ס׳איז געווען די קאַרטע פון אַ מוזיקער וועמען ער האָט ממש צו׳הרג׳עט: „אַ שעהנעם דאַנק אייך".

מאַנהיים האָט געענטפערט, לאַכענדיג:

„ער איז כלומר׳שט איראָניש."

קריסטאָף האָט אויפגעאָטעמט, דערלייכטערט:

—„אוי!"—האָט ער געזאָגט. — „איך האָב מורא גע־האַט, אַז מיין אַרטיקעל איז איהם געפעלען."

„ער איז מלא רציחה"—האָט זיך עהרענפעלד אָפּגערו־פען.—„ער וויל דאָס אָבער ניט אַרויסווייזען: ער וויל כלומר׳שט שפּילען די ראָלע פון דעם גרויסען מענשען וועל־כער לאַכט אָפּ פון אַלצדינג.

—„ער לאַכט אָפּ? דער חזיר!" — האָט קריסטאָף אַ מאַך געטאָן מיט׳ן האַנט, ווערענדיג ווידער אין כעס.— „איך וועל איהם אָנשרייבען אַן אַנדער אַרטיקעל... און לאָ־מיר זעהן, ווער ס׳וועט מעהר לאַכען... איך אָדער ער?"

„ניין, ניין," — האָט וואַלדהויז אומרוהיג אויסגערו־פען. — „מיר גלויבט זיך ניט, אַז ער מאַכט חוזק. ס׳איז פּשוט עניות פון זיין זייט, ער איז אַ גוטער קריסט: — מ׳גיט איהם אַ פּאַטש אויף איין באַק, דערלאַנגט ער די אַנדערע."

— „נאָך בעסער טאָקע!" — האָט קריסטאָף געענט־פערט. — „אַה! דער פייגלינג! ער וויל נאָך אַ פּאַטש; ער וועט קריגען מעהר!..."

וואַלדהאַוז האָט זיך געוואָלט אַריינלעגען אין שלום. די אַנדערע, אָבער, האָבען געלאַכט.

„לאַז נאָר...“ — האָט מאַנהיים געזאָגט.

— „נאָך אַלעמען...“ — האָט וואַלדהאַוז פּלוצלונג באַרוהיגט געענטפערט — „מעהר אַביסעל, וועניגער אַביסעל !..“

קריסטאָף איז אַוועקגעגאַנגען. די חברה האָבען גענומען אַרומשפּרינגען און לאַכען ווי משוגע׳נע. ווען זיי האָבען זיך אַביסעל איינגעשטילט, האָט זיך וואַלדהאַוז אָפּגערופען צו מאַנהיימ׳ען :

„און דאָך האָט קיין סך ניט געפעהלט, אַז... גיב אַכטונג, איך בעט דיך. מ׳וועט אונז נאָך כאַפּען מיט דער גנבה אין דער האַנט.“

—„בעה !“ — האָט מאַנהיים געענטפערט. — „ס׳וועט נאָך אַ סך נעהמען ביז... אַ חוץ דעם שאַף איך דאָך איהם פריינט !“

אין דער צייט, וואָס וואַלדהויז'ס צייטשריפט האָט איהם קיין גרויסע טובה ניט געטאָן דערמיט וואָס זי האָט איהם געמאַכט פיהלען צו שטאַרק און נאָך מגזם צו זיין די חסרונות פון דער דייטשער מוזיק און פון זיינע לאַנדסלייט — האָט ער פון אָט די פריינד זיינע אויף א טאָג זיך אביסעל באַקאַנט מיט דער דייטשער ליטעראַטור פון זיין צייט; און מיט'ן זעלבען ברען האָט ער זי פאַרמשפּט.

ביז דאַמאָלסט האָט ער בכלל געלעבט מחוץ פון די ליטעראַרישע שטרעמונגען. זיין ערציהונג איז געבליבען ניט פאַרפולל. אין דער היים האָט ער גאַר קיין ביכער ניט געהאַט, אחוץ אפּאָר איינצעלנע בענד, די שיריים פון דעם זיידענס ביבליאָטעק און אויך א קופּע בענד פון א צוואַנציג־פעניגדיגע זאַמלונג, וועלכע קריסטאָף האָט אָהן וועלכען עס א סדר צוזאַמענגעקויפט, און וועלכע ער פלעגט אַרומשלעפּען מיט זיך אויף זיינע שפּאַצירען און זיי אויף אזא אופן צואוואַרפען. זינט די ווייטע טעג ביי פרוי פאָן קער, וועלכע האָט פאַר איהם אַנטפּלעקט איהר שילער, געטהע און שעקספּיר, האָט קיינער איהם ניט מדריך געווען אין דעם וואָס צו לייענען; ער פלעגט זיך פאַרלאָזען אויף גאָטס באַראַט. ער האָט צוזאַמענגעקליבען א פעניג נאָך א פעניג אום צו קויפען א שעהנע אויסגאַבע פון שעקספּיר — וועמען ער האָט געליעבט מעהר ווי אַלע מענשען אויף דער וועלט. עטליכע שטיקער פון קלייסט און העבעל, וועלכע ער האָט ביי געלעגענהייטען געזעהן שפּילענדיג האָבען איהם פאַר'כשפ'ט, כאָטש

ער האָט זיך געגען דעם געווערט. בסך הכל איז ער גע־
בליבען שטעהן ביי די דייטשע קלאַסיקער — מיט אַ פּאָר
אויסנאַמען ווי קעלער, פון וועמען ער האָט צופעליג געטראָ־
פען אַ פּאָר זייטען און וועלכער איז פאַר איהם באַלד געוואָ־
רען אַן אַלטער פריינד. ער איז קוים ווען עס איז ארויס
מחוץ פון זיין מוזיק, און מוזיק איז כמעט שטענדיג אָפּגע־
שטאַנען אין פאַרגלייך מיט אַנדערע קונסטען: ווארום איהר
השפּעה ליעגט אין די טיפענישען פון דער נשמה, פונקט ווי
ביים גרונד פון ים שפּרייטען זיך די שטורמס פון דער אויי־
בערפלעך זעהר לאַנגזאַם אויס.

ער איז דערפאַר געווען גאָר איבעראַשט, ווען ער האָט
באַמערקט אַז זיינע אידעען, וואָס זיינען געווען גאָר פאָרגע־
שריטען אין פאַרגלייך מיט די אידעען פון די מוזיקאַנטען
צווישען וועלכע ער האָט געלעבט, זיינען אין דער ליטעראַטור
שוין לאַנג געווען אַ גאַנגבאַרע מטבעה, זאָגאַר אביסעל אָפּ־
געטראָגען. באַזונדערס איז עס געווען אַזוי אין טעאַטער,
וועלכער האָט געהאַט פאַר איהם, ווי פאַר דאָס רוב פון
זיינע לאַנדסלייט, אַ גרויסע צוציהונגס קראַפט. דער נאַטור־
אַליזם איז ניט נאָר געוואָרען אנגעגריפען; מען האָט איהם
שוין אריבערגעלעבט. מען האָט זיך דאַמאָלט געפונען אין
יענעם פעריאָד פון גייסטיגער פאַרמאַטערטקייט, וועלכער
איז פאָרגעקומען נאָך דער קורצער און ברענענדיגער אויפ־
בליהונג פון דער פרייער בינע אין בערלין.

ווי נאָר קריסטאָף האָט זיך באַקענט מיט איהר, זיינען
אַלע זיינע סימפּאַטיעס געווען מיט אָט דער באַוועגונג, וועל־
כע האָט געשטימט מיט זיין גלויבען אין דער נאַטור און מיט
זיין תשוקה צום אמת, און אויך מיט זיין דאַמאָלסדיגען
אויפשטאַנד געגען דעם ליגנערישען אידעאַליזם, וואָס איז

געוואָרען אַ הויזליכע בהמה, פון דעם אידעאַליסט וואָס ווערט געפיהרט אויף אַ שטריק, פון דעם שעקספיר וואָס איז פאַר־טענטירט געוואָרען אין דער זיג־אַלייע. ער האָט מיט אַ ברען זיך ארויפגעוואָרפען אויף די ביכער, וואָס מאַנהיים האָט איהם געליהען; און איז אין אנהויב שטאַרק פאַרכאַפּט געוואָרען פון דעם פאַר איהם אַזוי נייעם אויפריכטיגען קלאַנג, וואָס האָבען אָפּגעהילכט אין די טעאַטער שטיק פון האַלבע, שלאַף, הירשפעלד און קודם כל הויפּטמאַן. געוויסע סצענעס ביי הויפּטמאַנען, געוויסע דיאַלאָגען, געוויסע פאַ־זען און בין השמשות שטימונגען, אין וועלכע עס באָדען זיך ביי איהם נשמות אין זאַכען, האָבען איהם אָהן אַ שעור געריהרט.

אָבער וואָס ווייטער ער האָט זיך פאַרקליבען אין זיינע לעזע שפּאַצירען, אַלץ מעהר האָט ער אָנגעהויבען פיהלען אומבאַקוועם, געפייניגט און אַ וואַקסענדען פאַרדרוס. שטיל און כמורנע, ווי אין אַ דיקען נעבעל האָט זיך איינגעוויקעלט ארום איהם די פאַרבלאָזע אַטמאָספערע. שווייגענדיג, דין און אָהן אויפהער האָט זי זיך אין איהם איינגעגעסען. זי האָט זיך דורך גענומען דורך אַלע זיינע פאָרען; גלייך ווי אין אַ בלייענעם מאַנטעל האָט די דריקענדע שטימונג איינגע־וויקעלט די נשמה און האָט זי בלינד געמאַכט און דער־שטיקט. אַ שטענדיגע אַנשיקעניש איז געלעגען אויף די אַלע ברואים — אַ מין כשוף. אַלע זיינען אונטערגעגאַנגען צו־ליעב דעם, וואָס זיי זיינען בירושה געווען באַלאַסטעט מיט אומגליק און זינד: שכרות, נערווענקראַנקייטען, מעלאַנכאָ־ליע, סאַדיזם; אַלע האָבען געליטען פון זייער ירושה און קיינער האָט ניט געהאַט דעם מוט געגען דעם צו קעמפען. ווי איינע פון די גרויסע עפּידעמיעס פון מיטעלאַלטער, וועל־

כע האָבן פאַרשלונגען גאַנצע נאַציאָנען, אזוי זיינען זיי געווען באַפאַלען פון אלע קראַנקהייטען פון ווילען.

אַהן ווילען: דער גרעסטער חטא פון דייטשלאַנד! די גרעסטע זיינען דערפון ניט נצול געוואָרען — זאָגאַר ניט די סאַמע גרעסטע, ניט זאָגאַר דער געטליכער געטהע, דער זשעניע פון אומקלאָרען־ליכט, וועלכער האָט אין וואונדער־ליכע געשטאַלטען אויסגעדריקט זיין ניט באַשלאָסענקייט: דער מאַיעסטעטישער שטראָם, וואָס האָט געטריבען אלע וואַסערן פון דער ערד אין וועלכען די גאַנצע וועלט האָט זיך אָפגעשפיגעלט, אפילו ער איז פאַרלאָפען אין זאַמד — ווי דער ריין.

און אָט די ווילענסקראַנקהייט וועלכע פרייסען האָט באַוויזען אין פאַרלויף פון יאָהר־הונדערט מיט אייזען צו באַ־קעמפען, האָט זיך איצט ווידער גענומען באַווייזען נאָך שטאַרקער ווי פריהער. מען וואָלט געקאָנט מיינען אז די גאַנצע קראַפט פון דער נאַציאָן איז פאַרברויכט געוואָרען אויף צוויי־דריי געוואַלטיגע ערשיינונגען — אויף א ביס־מאַרק, א וואַגנער — און אז נאָך דעם מעכטיגען אויסברוך פון פעלזען און ברענענדער לאַווא איז ניט איבערגעבליבען מעהר קיין פייער אונטער דעם אָפגעמאַטערטען און אָפגע־קיהלטען שטיינער־הויפען וואָס הייסט דייטשלאַנד. ווי אָפט באַהאַלטען זיך אין אָט דעם האַמלעט דייטשלאַנד אונטער דער גיגאַנטישער אַנשטרענגונג פון ענערגיע נאר זיך וואַק־לענדיגע נשמות, ווילענס אַהן וואָרצלען, אינטעליגענץ וואָס איז ניט דערוואַקסען צו האַנדלונגען און זיינען שטענדיג נאָהענט דערצו, אייזצווזינקען אין משוגעת!... די נייע לי־טעראַטור האָט אַהן חרפה אראָפגענומען דעם שלייער פון אָט דעם טיפען חטא פון דער נשמה. אלע העלדען פון די דיכ־

טער זיינען געווען ווי ביי זשאַן פּאָול, אַ מענש מיט דריי נשמות, נאָר אַהן איין איינציגען ווילען.

„ווילען, ווילען“ !... האָט איינער פון זיי געזיפצט. מען קאָן וועלן און נאָך אַמאָל וועלן, און הונדערט מאָל וועלן, אָבער דאָס ענדערט דאָך גאָר נישט. די זאַכען געהען ווי זיי געהען... גאָט ! ווילען ! ווילען !

זיי זיינען אַלע געווען ברואים, קליין ווי אַטאָמען, נפשות ווי מאָלעקולען, צעוואָרפענע, אומגעווייסע, נשמות פול פון ווידערשפּרוכען, אַהן אייגענע געשטאַלטען און פאַרשוואָר־מען. זיי האָבען פון קיין זאַך ניט געקאָנט נתפּעל ווערן. העכסטענס האָבען זיי זיך געוועהרט דורך קליינע געשרייען. ווי ביי נאַכט בעת מען פיהלט דעם שווערען דרוק פון אַן אַנ־פאַלענדער חלשות... ווי פיעל מענשען וואָס זיינען פון די רעלסען אַראָפּ, פאַרלאָרענע, ווי פיעל צוזאַמענבראָכען, ווי פיעל אייביג קראַנקע און זעלבסטמאָרדען !... גאָט ! צו דען זיינען זיי אַלע פאַרוים שוין געווען באַזיעגט ? צי דען איז קיין איינציגער ניטאָ, וואָס זאָל קאָנען אויפנעמען דעם קאַמף געגען אַט די „נאַטור“, פון וועלכער זיי אַלע ריידען מיט אַ קינדערשען שרעק ? — אַזוי ווי אַ מעכטיגער ווילען וואָלט אויך ניט געווען „נאַטור“, אַזוי ווי עס וואָלט ניט געווען מעגליך איהם מיטצורייסען, צו באַוואָפנען, איהם צו פיהרען צום קאַמף און זיג !...

ירושה ! ירושה ! נאָר אַט דאָס איין וואָרט האַלטען זיי אין מויל. פּעדאַנטיש חזרן זיי איבער די שאַרלאַטאַנישע ווי־סענשאַפט, וועלכע זיי האָבען געלערנט ביי זאָלאַ און איבסען, און ווער ווייסט פון וואָס פאַר אַ לערבוך, פול פון באַגייס־טערונג פאַר די אַקאָרשט דערוואָרעבענע וויסענשאַפט, ווי־דער בורזשואַ הויבט אָן גיך דעם אַנדערן צו לערנען ווי צו

זיין אַן איידעלמאַן, נאָך איידער זיי האָבען עס אליין גוט פאַרשטאַנען. גלייך ווי יענע נאַראַנים, וואָס געפינען אין זיך אַלע חלאַת'ן, ווי נאָר זיי האָבען דורכגעבלעטערט עפּעס אַ מעדיצינישען ווערטערבוך, זיינען זיי געוואָרען פאַרכאַפּט פון דער משוגעת צו גלויבען אַז אַלץ איז בירושה. זיי האָבען גענומען פאַרברייגען די צייט דערמיט איינע די אַנדערע צו טאַפּען, און צו ענטדעקען אין זיך און ביי אַנדערע בירושה אַלערליי חטאים. זיי זיינען פון זייער משוגעת צענישצעט געוואָרען; איבעראַל האָבען זיי געזעהן שאָטענס און זיי זיינען געוואָרען שאָטענס; זיי האָבען מורא געקראַגען חתונה צו האָבען און צו לעבען. מאַנכמאָל האָבען די טרופּען אין זייער שענדליכען שרעק געבראַכט אַזוי ווייט אַז זיי האָבען יעדען מענשליכען געפיהל פאַרלאָרען: ווי הויפּט־מאַנס טרויעריגער העלד, אַלפרעד לאָט, וועלכער פאַרלאָזט אַלע זיינע טייערסטע נפשות ווי פּעסט קראַנקע, ווען ער זעהט ווי זיי ליידען און ער באַקומט דעם פאַרדאַכט, אַז זיי ליידען פון אַ קראַנקהייט בירושה. בעסער ווי אַלץ וואָלט ער זיי, ווי אין מיטעלאַלטער, פאַרמויערט פון מורא, אַז זיי זאָלען אַנדערע ניט אַנשטעקען. מען ווייסט ניט וואָס איז מעהר אפּשטויסענדיג: זיין טרופּאַסט, אדער זיין גרונדלאָזער עגאָיזם. קריסטאָף, וואָס איז אליין אויך געווען אַ „שאָטען" איז שטאַרק אין כעס געווען אויף די לומפּען, וועלכע זיינען זאָגאַר ניט געווען צופרידען דערמיט אליין צו זיין נידערטרעכטיג און צו לויפען פון שלאַכט, נאָר זיי האָבען אַלץ געטאָן, כדי צו פאַרניכטען אַזוינע, וואָס האָבען מוטיג געקעמפט געגען זייער באַלאַסטונג בירושה. ער, וואָס האָט טיף אין זיך געפיהלט ווי אַזוי דעם פאָטערס אַלקאָהאָליזם, די טונקעלע ליידענשאַפטען, די ווילדע פאַנטאַזיעס

און ברוטאַלע אויסברוכען פון אַלע זיינע פאָרגענגער אין דער משפּחה קאָכען אין איהם. ער האָט אויך געקענט די רויב חיות פון דער ירושה: זיי האָבען געלויערט נאָך איהם, זיי האָבען איהם באַגלייט מיט אַרויסגעשטרעקטע צינגער און מיט אויסגעשצירעטע ציין; ער האָט געהערט זייער אָטעם הינטער זיין רוקען; ער האָט געוואוסט, אַז אויב ער זאָל ניט זיין פעסט, וועלען זיי זיך אויף איהם אויך אַרויפוואַרפען — אַבער ער איז געבליבען פעסט! און דאָס זיין באַוואוסט, אַז אַזא געפאַר שטעהט פאַר איהם האָט זיינע כחות נאָך מעהר אָנגעצויגען, אָנשטאָט זיי אַראָפּצודריקען, און דאָס האָט איהם אָנגעפילט מיט אַ העלדישער באַגייסטערונג.

אַבער אָט די פון שרעק נידערשלאָגענע שמאָטעס זייגען, פאַרקערט, געווען ווי אַ סטאַדע צום טויט פאַראורטיילטע, וועלכע וואַרטען ביז מען וועט זיי אויסשעכטען. — און דאָך זיינען זיי געווען די בעסטע צווישען אַלעמען, די ערליכסטע: זיי וואָלטען געוואָלט אַרויסקריכען פון זייער לאַגע, זיי האָבען מיט זייער בליק דורכגעשניטען די היפּאָקריטסטווא פון די געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציאָנען און פון די צבועצקע נשמות. אַבער עס האָט זיך זיי געדאַכט, אַז עס איז שוין אַזא מין מזל, וואָס אין דייטשלאַנד זיינען די ערשטע קעמפּפער פאַר דעם אמת, די שוואַכסטע און קרענקליכסטע. די מענשען פון טאַטען זיינען געשטאַנען אויף אַן אַנדער פּלאַץ, זיי האָבען געהאַט עפּעס וואָס בעסערעס צו טאָן. זיי האָבען געשמידט אַן אימפּעריע.

און ווי אַזוי פּלעגט אויך ביי אָט דעם „יונגע דייטשלאַנד“, וואָס איז געווען איבערגעבען צו אַ נייעם אידעאַל פון אמת, דער אַלטער יסוד פון דער ראַסע זיך שטענדיג פון

דאָס ניי באַוויזן הינטער דער שמינקע! פּלוצלונג האָט מען, געגען זייער ווילן, פון דאָס ניי אויסגעפונען די אַלטע גער־מאַנישע סענטימענטאַליטעט, דאָס זוכן סודות, פאַרשטעל־טע און מעלאָדראַמאַטישע העויות, ראָמאַנטיש־מיסטיש קינ־דערשע שטיק, אַ ראָמאַנטיק פון קליינע מיידלאַך, אַ תשוקה זיך צו צוגיסן אין געפיהלען. שטענדיג בייענקענדע, שמאַכ־טענדע איינזאַמע נשמות, אַזוי גערופענע ניט פאַרשטאַנענע גרויסע מענער, אומגליקליכע פרויען — פרויען פון ים: און אַז אייביג בלאַטיגער גרונד, זיך שיטענדיג זאַמד און פאַרוואַלקענטע הערצער, דאָס „גרוי אין דער גרויקייט פון צפון" אַ לאַנגווייליגקייט ניט אַריבערצוטראָגן — „פאַר דעם זון — אויפגאַנג" האָט מען גערופען דאָס ערשטע ווערק פון דייטשען רעאַליזם. די זון איז נאָך אַלץ ניט אויפגעגאַנ־גען, אַזוי ווי איינער פון איהרע דיכטער האָט געזונגען:

„גרוי דער הימעל,
גרוי דער ים
און גרוי
דאָס האַרץ"

אין נאַטירליך איז אַט דער שעהנער אויפטו פון אמת אין דער קונסט באַלד פאַרלאָרען געוואָרען פון איהרע שוואַ־כע פאַרטיידיגער. ווי ווייניג נפשות זיינען געווען בכח עס לאַנג אַריבערצוטראָגן! זאָגאר די אנפיהרער פון דער באַ־וועגונג, די ניט גרויסע אין צאָהל אמת ערליכע רעאַליסטען— עס זיינען געווען אַזוינע העכסטענס דריי אָדער פיער — האָבען זיך אונטערטעניג געבויגען, פאַרמאַטערטע האָבען זיי זיך געלאָזט אַראָפּזינקען צוריק אין דאָס, וואָס איז געווען אַלט אָנגענומען; זיי האָבען אָפּגעשלאָסען אָפּמאַכונגען. און עס איז געקומען נאָכדעם אַ רעאַקציע פון שלעכטען

אידעאַליזם, דער נייער אידעאַליזם פון אַן אָפּגעטעמפּטער ליטעראַטור, וואָס האָט מעהר זאָגאר ניט געהאַט די אַנט־שולדיגונג, אַז זי שעפּט פון די לעבעדיגע קוואַלען פון דער נאַציאָן, וואָס האָט מעהר הנאה געהאַט פון פרעמדע, זעל־טענע געטראַנקען און וואָס האָט, כדי צו רייצען שטענדיג איהר דורשט, משונהדיג צוזאַמענגעמישט מעטערלינק און ניטשע, איבסען און ד'אַנונציאָ, ווערלען און אָסקאַר וואַילד. זיי האָבען זיך אַ נאָמען געגעבען ד י אַ נ י ז י ע ר און ב אַ פ ר י י ט ע, און דאָס האָט זיי שטענדיג געגעבען אַ פרייען שפּיעל זיך אומצוקערען מיט'ן רוקען פון לעבען און לויט זייער פאַרלאַנג זיך ארום צו וואַרפען צווישען איי־נעם און דעם צווייטען. זיי האָבען מורא געהאַט צו באַ־געגענען דעם בליק פון גאַנגאַ — דעם פאַרבלענדענדען אַנ־בליק פון דער ווירקליכקייט. זיי האָבען זיך באַמיהט פאַר־נאַנדערצוציהען צווישען זיך און זייער רענקען אַ שלייער פון דורכזיכטיגער טול (דאָס וואָס איינער פון זיי האָט פאַרגע־שלאָגען צווישען די צושויער און דער ביהנע, כדי מילדער צו מאַכען די פאַרשטעלונגען און אָפּצורוקען דאָס שרעקליכע לעבען אין אַן אומשעדליכע ווייטקייט). דאָס גרויסע פּוב־ליקום האָט זיך צוגעקוקט צו אָט דער ווענדונג און געשמאַק מיט אַ פולער רוהע. דאָס פּובליקום האָט פון קיין זאַך זיך ניט געוואונדערט: אַלץ איז געווען גוט: נאַטוראַליזם, סימ־באָליזם, קלאַסיקער, ראָמאַנטיקער, חוצפה'דיגע אידישקייט, אָפיציעלע לעקעריי, וואָדעוויל, טענדענץ־שטיק און פראַנצוי־זישע שווייגעריי; עס האָט געוואָלט נאָכגעהן נאָך אַלץ וואָס מען האָט געטאָן מיט גלייכמעסיגער צופרידענקייט, ניט ווע־רענדיג פאַרמאַטערט און האָט זיך צוגעקוקט צו די אַלע ווילדע געדאַנקען־שפּרונגען, אַבי אַליין ניט צו טראַכטען.

„זעהסטו דאָרט אונטען דעם וואָלקען וואָס זעהט אויס ווי א קאמעל?“

— „גאָט מיינער! מען קאָן באמת מיינען, אז דאָס איז א קאמעל.“

„איך וואָלט עס גיבער אנגענומען פאַר א ווייזעל“.

— „יא, עס זעהט איצט אויס פונקט ווי א ווייזעל“.

„אדער ווי א בעזים“?

— „אין גאַנצען ווי א בעזים“.

און צווישען די וואָס האָבען נביאות געזאָגט אז די נאַציאָן וועט זיך אויפכאַפּען, האָט מעהר ווי איינער דערקלערט פול מיט ביטערקייט, אז ער האָט א טעות געהאַט, אז ער האָט די שלאַכט פארלאָרען, אז שקר, טעמפּקייט און נאַרעריי האָבען געזיגט. דער אבענט איז וויעדער אראָפּגעזונקען און עס איז נאָך ניט געווען טאָג. אייניגע בלאַסע זונשטראַלען אין מיטען פון נעפּעל — אין דער טונקעלער שיין פון וואַקסענע ליכט, וואָס איז דערשטיקט געוואָרען פון דער נייער פינסטערניש ניט איבערלאָזענדיג קיין שפּורען. ווי א פּאַקעל, וואָס איז פון ווינט פאַרוואונדעט האָט געפלאַטערט די משוגעת פון גרויסען נימשע אין דער אונטערוועלט אָהן ליכט און לופט. האָט געגראָבען זיין מינע, האָט געשריען, אז דער טאָג איז נאָהענט, אז די מאָרגענרויטקייט הויבט שוין אן צו לייכטען און איז פאַרזונקען אום זי צו זוכען טיפער, מיט א פאַנאַטישען געלעכטער, אין די געדערים פון דער נאַכט. פון זיין רויטען טאַנצענדען ווידערשיין איז דער גאַנצער גיהנום באלויכטעט געוואָרען. דאָן האָט אן אייז־קאַלטער ווינט אויסגעבלאָזען דעם פּאַקעל און אַלץ איז געוואָרען פאַרלאָשען —

א ליכט!

קריסטאָף איז אנטלאָפען פון גרוב און פון דער דער־שטיקענדער נאַכט. ער האָט געאיילט זיך צוריקצוקעהרען אין די ליכטיגע וועלט.
Ritornan nel chairo mondo.

און די שעהנע זאַכען וועלכע דער הימעל טראָגט, אָנצוקוקען.
La cose belle che porta le ciel.

אַט ווי ווייט קריסטאָף איז דערגאַנגען אין רעפּאַרמי־
רען די דייטשע קונסט מיט זיינע אומגעלומפּערטע מיטלען.
א טרופּע פראַנצויזישע אַקטיאָרען איז גראָד דאַמאָלסט
דורכגעפאָהרען די שטאָט; — אָדער בעסער געזאָגט א
ס ט אַ ד ע אַקטיאָרען, וואָרום, ווי געוועהנליך, איז דאָס
געווען א בינטל אָרימע לייט, צונויפגעקליבענע גאָט ווייסט
וואו, יונגע, אומבאַקאַנטע שפּילער וואָס זיינען צופרידען
געווען, אז די דירעקטאָרען זאָלען זיי פּשוט אָפּשינדען, אבי
מ׳זאָל זיי לאָזען ווי־עס־איז שפּילען. אַלע זיינען זיי געווען
איינגעשפּאַנט צו דעם טריומף־רייטוואָגען פון אַן אַלטער,
באַריהמטער אַקטריסע, וועלכע האָט געמאַכט א טור איבער
דייטשלאַנד, און זיך אָפּגעשטעלט, פאַרבייפאָהרענדיג, אויף
דריי פאָרשטעלונגען אין דער קליינער הויפּטשטאָט.

אין וואָלדהאַוז׳ס זשורנאַל האָט מען פון דעם געמאַכט
א גאַנצען וועזען. מאַנהיים און זיינע פריינד האָבען גע־
וואוסט — אָדער כלומרשט גע׳טענה׳ט, אז זיי ווייסען —
אַלץ מכח דער ליטעראַרישער און געזעלשאַפטליכער טע־
טיגקייט אין פּאַריז; זיי פלעגען איבערדערצעהלען אַלע
סקאַנדאַליעזע מעשה׳לעך וואָס זיי האָבען אויפגעכאַפּט אין
די בולעוואַר־צייטונגען. און מעהר אָדער ווייניגער פאַר־
שטאַנען. זיי זיינען געווען פאַרעכענט צווישען די פאָרשטע־
הער פונ׳ם פראַנצויזישען גייסט אין דייטשלאַנד, און דאָס
האָט ביי קריסטאָף׳ן אוועקגענומען דעם אינטערעס מעהר
עפּעס צו וויסען וועגען פראַנקרייך. מאַנהיים פלעגט איהם
פּשוט לאַנגווייליגען מיט זיינע שבחים איבער פּאַריז. ער איז

דאַרט געווען מעהרערע מאָל; א טייל פון זיין משפּחה האָט דאַרט געוואוינט: — זיין משפּחה איז פאַרשפּרייט געווען איבער גאַנץ אייראָפּאַ; און אומעטום איז זי געווען איינגע־בירגערט און אסימילירט; — אַט די משפּחה מזרע אברהם האָט צווישען איהרע מיטגלידער געצעהלט אַן ענגלישען באַ־ראָנעט, א בעלגישען סענאַטאָר, א פראַנצויזישען מיניסטער, א רייכסטאַג־אַפּגעאָרדענטען און א פּאַפּסטליכען גראַף. און אַלע, — כאָטש זיי זיינען געווען ענג פאַרבונדען צווישען זיך, און האָבען גרויס דרך ארץ געהאַט פאַר די גרינדער פון דער פאַמיליע — זיינען זיי געווען אויפריכטיגע ענגלענדער, בעלגיער, פראַנצויזען, דייטשען אָדער פּאַפּיסטען, וואָרום יעדער האָט מיט שטאָלץ גאָר ניט געצווייפעלט, אַז זיין אַדאָפּטירט פאַטערלאַנד איז דאָס בעסטע. מאַנהיים'ס פאַל איז געווען פּאַראַדאָקסאַל: ער איז געווען דער איינציגער וואָס האָט ליעב געהאַט דווקא יענע אַלע לענדער, וואו ער איז קיין בירגער ניט געווען. און דערפאַר פלעגט ער טאַקע אָפט רעדען ענטוזיאַסטיש וועגען פּאַריז. אַזוי ווי ער פלעגט אַבער שטענדיג פון דאָרטען דערצעהלען נאָר גוזמאות, און דער שבח פון די פּאַריזער איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער פלעגט זיי פאַרשטעלען אַלס צעדרעהטע, צולאָזענע, פוסטע, רוישיגע חברה־לייט, וועלכע פאַרברענגען זייער גאַנצען לע־בען אין הוליאַנקעס און רעוואָלוציעס, און נעהמען קיין זאַך ניט ערנסט, — איז קריסטאָף ווייניג־וואָס געווען צוגעצוי־גען צו „דער ביזאַנטינישער און דעגענערירענדער רעפּובליק פון יענער זייט די וואָגעזען". פּאַריז איז איהם פאָרגעקו־מען אביסעל עהנליך צו דער צייכנונג פון א בוך וואָס ער האָט מיט א קורצער צייט צוריק געזעהן אין א דייטשער קונסט־זאַמלונג: אויפ'ן פאָדערגרונד איז דער צונויפגעע־

הויקערטער נאָטר־דאם טייוועל געזעסן אויף די דעכער פון דער גרויסער שטאָט, וואָס האָבן געהאַט די לעגענדאַרישע אויפשריפט:

„די אייביגע תאוה, דער הונגעריגער וואַמפּיר

איז מקנא פּאַריז און דאָס לעבן אין איהר".

אלס אמת'ער דייטש, האָט ער פאַראַכטעט די אויסגעלאַסענע וועלשען און זייער ליטעראַטור, כאָטש ער האָט נאָר געוואוסט פון עטליכע ווערטלאָזע פּאַיאַצען־שטיק ווי „ל'עגליאָן", „מאַדאַם סאַן־זשען" און אַ פּאָר לוסטיגע קאַפע־שאַנטאַן־ליעדלעך. אין דעם אויפגעבלאָזענעם שטעטעל האָבען אַלע — אפילו די וועלכע האָבען ניט געהאַט דעם קלענסטען אנשפּרוך אויף קונסט, — געטומעלט מיט די פאָרשטעלונגען און געקויפט באַציימענס בילעטען. און דאָס האָט דוקא געטריבען קריסטאָף'ן ער זאָל זיך באַציהען מיט פאַרעכטליכער גלייכגילטיגקייט צו דער גרויסער אַקטריסע. ער האָט זיך געשוואָרען, אַז ער וועט בשום אופן ניט געהן זי זעהן; און ס'איז איהם נאָך גרינגער געווען צו האַלטען וואָרט דערפאַר וואָס די פּלעצער אין טעאַטער זיינען געווען אזוי טייער, אַז זיינע מיטלען האָבען איהם ניט ערלויבט אַזאַ לוקס־אַרטיקעל.

דער רעפּערטואַר פון דער פראַנצויזישער טרופּע איז באַשטאַנען טיילווייז פון צוויי־דריי קלאַסישע פּיעסען; דער גרעסטער טייל אָבער איז באַשטאַנען פון נארישע, טעמפּע טעאַטער שטיק — דער אמת'ער פּאַריזער עקספּאָרט אַרטיקעל. קריסטאָף האָט געוואוסט פון „לאַ טאָסקאַ", וועלכע האָט געדאַרפט זיין די ערשטע פאָרשטעלונג אויפ'ן רעפּערטואַר פון דער גאַסטראָלירענדער אַקטריסע. ער האָט די אוי־

בערזעצונג געזעהן אין א רייניש טעאַטערעל, מיט דער גאַנ־צער גראַציע און חן וואָס דייטשע אקטיאָרען קאָנען צוגע־בען צו א פראַנצויזישען ווערק. ער האָט זיך געפיהלט אויפ־געלעגט, און געלאַכט וואווילזונגעריש, זעהענדיג ווי אַלע זיי־נע פריינד איילען זיך צום טעאַטער, און פיהלענדיג ווי גוט איהם איז וואָס ער דאַרף ניט געהן זעהן דאָס שטיק נאָכאַמאָל. טראָץ דעם, האָט ער זיך אויף מאָרגען מיט א גלייכגילטיגער מינע אויפמערקזאם צוגעהערט צו אַלץ וואָס זיי האָבען ענטוזיאסטיש דערצעהלט פון׳ם פריהעריגען אָבענט. ס׳האָט איהם פאַרדראָסען, וואָס מיט זיין ניט געהן האָט ער ביי זיך אוועקגענומען דאָס רעכט זיי צו ווידער־שפּרעכען.

די צווייטע אָנאַנסירטע פאָרשטעלונג איז געווען האמ־לעט — אין דער פראַנצויזיש איבעראַרבייטער פאָרמע. קריסטאָף האָט נאָך קיינמאָל פאַר דעם ניט פאַרפעהלט צו זעהן שעקספּיער׳ס א טעאַטער־שטיק. שעקספּיער, פּונקט ווי בעטהאָווען, איז פאַר איהם געווען אַן אומערשעפּליכער לע־בענס־קוואַל. האמלעט איז איהם באַזונדערס טייער געווען אין דער פעריאָדע פון אנגסט און טיפען צווייפעל, וואָס ער האָט נאָר־וואָס דורכגעלעבט. טראָץ דער מורא וואָס ער האָט געהאַט זיך ווידער צו זעהן אין דעם כשוף־שפּיגעל, האָט עס איהם דאָך דערצו געצויגען. ער האָט זיך ארומגע־דרעהט ארום די טעאַטער־אַפישען, ניט וועלענדיג זיך מודה זיין, אַז עס ברענט אין איהם דער חשק צו קויפען א בילעט. ער איז אָבער געווען אַן עקשן; ער האָט געזאָגט זיינע פריינד, אַז ער וועט ניט געהן און האָט געוואָלט האַלטען וואָרט. און ער וואָלט טאַקע דעם אָבענט, פּונקט ווי דעם פריהערדיגען, געבליבען אין דער היים, ווען ער זאָל ניט גע־

ווען דורך א צופאַל באַגעגנען מאַנהיימ׳ען, בעת ער איז אור־מעטיג אהיים געגאַנגען.

מאַנהיים האָט איהם אַנגעכאַפּט ביי׳ם אָרעם און איהם געזאָגט מיט א צאָרנדיגער, שפּאָטענדיגער מינע, אז עפּעס אַן אַלטע, צרה׳דיגע קרובה זייערע, דעם פאָטער׳ס א שוועס־טער איז, פּלוצלונג אומערוואַרטעט אין הויז אריינגעפאַלען מיט איהר גאַנצער כאַפּטע, און אז זיי מוזען בלייבען אין דער היים, כדי זיי שעהן אויפצונעהמען. ער האָט געפּרואווט זיך אַרויסדרעהן; אבער דער פאָטער זיינער איז זעהר שטרענג בנוגע פאַמיליען־עטיקעטע, ווי אויך אין דער פראַגע פון דרך ארץ וואָס מען איז שולדיג צו די עלטערע אין דער משפּחה; און אזוי ווי ער האָט איצט מיט׳ן פאָטער זעהר פאַרזיכטיג געמוזט אומגעהן, מחמת ער האָט אין קורצען גע־דאַרפט אַרויסציהען פון איהם א ביסעל געלט, איז ער גע־צוואונגען געווען נאָכצוגעבען און ניט געהן צו דער פאָרשטע־לונג.

— „איהר האָט געהאַט בילעטען?“ — האָט קריסטאָף געפרעגט.

„אודאי! אַן אויסגעצייכענטע לאָזשע; — און צו אלעם דעם מוז איך נאָך געבען — און איצט געה איז דאָס אַהין — די בילעטען צו דעם „גוטען“ גרינבוים׳ען, פאַפּאַ׳ס שותף, כדי ער זאָל זיך אין דער לאָזשע קאָנען צושפּרייטען מיט דער מאַדאַם גרינבאום און זייער נאַרישער טאָכטער. ס׳איז גוט! איך טראַכט וואָס זאָגט מען זיי כאָטש עפּעס אזוינס, וואָס זאָל זיי קרענקען. נאָר דאָס אַרט זיי ווייניג, אבי איך זאָל נאָר ברענגען די בילעטען. — כאָטש ס׳וואָלט

זיי נאָך בעסער געפעלען, ווען דאָס וואָלטען געווען באַנק־בילעטען.

ער האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט און אַנגעקוקט קריסטאָף׳ן מיט אַן אָפען מויל:

— „אַה! טאַקע... דאָס איז טאַקע אַ פּלאַן!"

ער האָט לאַכענדיג אויסגעשריען.

—„קריסטאָף, דו געהסט אין טעאַטער?"

„ניין."

— „יאָ, דו געהסט יאָ אין טעאַטער. איך בעט דאָס ביי דיר אַ טובה. דו קענסט מיר ניט אָפּזאָגען."

קריסטאָף האָט ניט פאַרשטאַנען.

„כ׳האָב דאָך אָבער נישט קיין בילעט."

— „אַט האָסטו!" — האָט מאַנהיים טריומפירענדיג אויסגערופען, איהם אריינשטופענדיג מיט געוואַלט דעם לאָזשע־בילעט אין דער האַנט אריין.

„דו ביסט משוגע" — האָט קריסטאָף אָפּגעענטפערט.

— „און וואָס איז מכח די גרינבאומס?"

מאַנהיים האָט זיך געשטיקט פון געלעכטער.

— „נו, וועט פּאַפּאַ אויף מיר אין כעס זיין" — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט׳ן האַנט.

ער האָט אָפּגעווישט די אויגען, און ווייטער געזאָגט.

— „כ׳וועל איהם אַ טאָפּ טאָן מאָרגען אין דער פריה ביים אויפשטעהן, נאָך איידער ער וועט געוואָהר ווערען.

„איך קאָן ניט אָננעהמען" — האָט קריסטאָף געזאָגט — וויסענדיג, אַז דאָס וועט איהם זיין אומאַנגענעהם.

— „דיך געהט עס גאָר ניט אָן, פּונקט ווי דו וואָלסט פון גאָר ניט געוואוסט."

קריסטאָף האָט צוגענומען דעם בילעט.

„און וואָס זאָל איך טאָן מיט אַ לאָזשע פֿאַר פֿיער פֿאַר־שווין?“

—„וואָס דו ווילסט. שלאָף, טאַנץ, נעהם אריין פֿרויען. (דו האָסט דאָך עטליכע?) — אויב דו האָסט ניט, וועט מען דיר לייהען אַ פּאָר.“

קריסטאָף האָט מאַנהיימ'ען צוריק דערלאַנגט דעם בי־לעט:

„ניין, אומעגליך. נעהם עס צוריק.“

— „ניין, דאָס ניט, קיינמאָל ניט“ — האָט מאַנהיים געענטפֿערט, צוריקטרעטענדיג אַ פּאָר טריט. — „איך קאָן דיך ניט צווינגען צו געהן אויב ס'געפֿעלט דיר ניט, אָבער איך וועל דעם בילעט ניט צוריקנעמען. קאָנסט עס אריינוואַר־פֿען אין פֿייער, אָדער — אַזוי ווי דו ביסט אַ מענש פֿול מיט מעלות! — עס ברענגען צו די גרינבאַומס. מיך געהט ניט אָן. גוט נאַכט!“

ער איז אַוועק, לאָזענדיג קריסטאָפֿ'ן אין מיטען גאַס מיט'ן בילעט אין דער האַנט.

קריסטאָף האָט זיך געפֿיהלט ווי אין אַ פֿאַרלעגענהייט. ער האָט זיך געטראַכט, אַז ס'וואָלט רעכט געווען דעם בי־לעט צו ברענגען צו די גרינבאַומס. דער געדאַנק איז איהם אָבער ניט שטאַרק געפֿעלען געווען. ער איז אַהיים געגאַנגען ווי באַשלאָסען. און ווען ער האָט זיך דערמאָנט אַ קוק צו טאָן אויפ'ן זייגער, האָט ער בלויז צייט געהאַט זיך אָנצו־טאָן און צו געהן אין טעאַטער. נאָך אַלעמען וואָלט עס פֿון איהם אַ נאַרישקייט געווען ניט אויסצונוצען דעם בילעט. ער האָט דער מאַמען זיינער פֿאָרגעשלאָגען זי מיטצונעהמען. לואיזאַ האָט איהם אָבער דערקלערט, אַז זי וויל בעסער זיך

לעגען שלאָפען. ער איז אוועקגעגאַנגען. אין האַרצען האָט ער ביים געדאַנק, אַז ער וועט פאַרברענגען דעם אָבענט אין טעאַטער, געפיהלט אַ קינדערשע פרייד. איין זאַך האָט איהם פאַרדראָסען: — ניט צו האָבען וועמען מיט זיך, צו זיין גאַנץ אַליין. ער האָט קיין געוויסענסביסען ניט געהאַט בנוגע צו די מאַנהיימס, אָדער די גרינבאומס, וועמעס לאָזשע ער האָט צוגענומען. ער האָט זיך אָבער געפיהלט ווי שולדיג געגען די, וועלכע וואָלטען מיט איהם געקאָנט זיצען אין דער לאָזשע. ער האָט געטראַכט, ווי פיעל פרייד דאָס וואָלט גע־קאָנט פאַרשאַפען אַנדערע יונגע לייט, אַנדערע ווי ער. און ער האָט געליטען פון דעם, וואָס ער איז ניט בכח דאָס צו טאָן. ער האָט געטראַכט און געטראַכט און ניט געפונען קיינעם וועמען ער וואָלט געקאָנט געבען דעם בילעט. אַ חוץ דעם איז געווען שפּעט — מ'האָט זיך געמוזט צואיילען.

אַריינגעהענדיג אין טעאַטער, איז ער פאַרבייגעגאַנגען די טעאַטער־קאַסע, וואו אַ פּלאַקאַט איז געהאַנגען און אָנ־געזאָגט דעם עולם, אַז קיין איין בילעט איז שוין ניט פאַר־בליבען. צווישען די מענשען, וועלכע האָבען זיך פאַרדרוסיג אומגעקעהרט, האָט ער באַמערקט אַ מיידעל, וועלכע האָט זיך ווי ניט געקאָנט באַשליסען אַרויסצוגעהן, און האָט גע־קוקט מיט קנאה אויף די, וואָס זיינען אַריינגעגאַנגען. זי איז געווען אָנגעטאָן אין שוואַרצען, זעהר איינפאַך; זי איז געווען ניט קיין הויכע, האָט געהאַט אַ צאַרט און עדעל גע־זיכט. אויפ'ן מאָמענט האָט ער ניט באַמערקט צי זי איז שעהן, אָדער מיאוס. זי איז געשטאַנען עטוואָס הינטער איהם. ער האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, זיך אומגעקוקט, און, ניט איבערטראַכטענדיג, פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן:

— „איהר האָט ניט געקראָגען קיין בילעט, פרייליין?"

זי איז רויט געוואָרען, און מיט א פרעמדליכען אַק־צענט געענטפערט:

„ניין, מיין הער!“

— „איך האָב א גאַנצע לאָזשע, און איך וויים ניט וואָס צו טאָן מיט איהר. ווילט איהר זי מיט מיר באַנוצען?“

זי איז נאָך מעהר רויט געוואָרען, געדאַנקט, און זיך ענטשולדיגט, וואָס זי קאָן ניט אָנעהמען זיין איינלאַדונג. קריסטאָף איז דערפון געבליבען פארשעהמט און זי געבעטען איהם צו ענטשולדיגען. ער האָט זי נאָכאמאָל געבעטען. ס'האָט זיך איהם אבער ניט איינגעגעבען זי צוצורייידען,— כאָטש, מ'האָט געקאָנט זעהן אַז זי חלש'ט ממש אריינצו־געהן. ער איז געבליבען ווי צוטומעלט. ער האָט פלוצלונג געפאַסט א באַשלוס.

— „הערט נאָר צו, עס איז פאַראַן א מיטעל ווי אַזוי די זאַך רעכט צו מאַכען“ — האָט ער אויסגערופען — „נעהמט דעם בילעט, מיך אינטערעסירט דאָס שטיק ניט, כ'האָב עס שוין געזעהן. — (ער האָט זיך באַריהמט.) — אייך וועט עס פאַרשאַפען מעהר פאַרגעניגען ווי מיר. נעהמט דעם בילעט: איך גיב איהם אייך מיט'ן גאַנצען הארצען.

דאָס מיידעל איז אַזוי גערירט געוואָרען פון זיין אָנ־באָט, און פון דער הארציגקייט מיט וועלכער ער האָט עס געטאָן, אַז טרערען האָבען זיך איהר שיעור ניט באַוויזען אין די אויגען. זי האָט דאַנקבאַר געמורמעלט, אַז זי קאָן דאָס בשום אופן ניט טאָן.

— „אויב אַזוי, קומט־זשע מיט מיר“ — האָט ער גע־זאָגט שמייכלענדיג.

זיין פנים האָט אויסגעזעהן אַזוי מילד און אויפריכטיג,

אז זי האט זיך פארשעהמט פאר וואס זי האט איהם פריהער אפגעזאגט. און מיט די אויגען אראפגעלאזט, האט זי געענט־פערט:

„איך נעה... א דאנק."

זיי זיינען אַריינגעגאַנגען. די מאַנהיימס לאַזשע איז געווען אַ גרויסע, אַ ברייטע און איז אויסגעקומען אַנטקע־גען דער ביהנע. מ׳האָט זיך אין איהר ניט געקאָנט פאַר־שטעקען, אום ניט געזעהן צו ווערען ווען מ׳האָט ניט געוואָלט. ס׳איז איבעריג צו זאָגען, אַז זייער אַריינטריט איז באַ־מערקט געוואָרען. קריסטאָף האָט דאָס מיידעל אוועקגעזעצט פון פאָרענט אין דער ערשטער רייה און איז אַליין געבלי־בען פון הינטען, כדי זי ניט צו שטערען. זי איז געזעסען גלייך, שטייף, דערשראָקען, און ניט געסמייעט אויסצודרע־הען דעם קאָפּ. ס׳האָט איהר שטאַרק באַנג געטאָן וואָס זי האָט סוף כל סוף אָנגענומען די איינלאַדונג. כדי איהר צו געבען די צייט זיך צו באַרוהיגען און ניט וויסענדיג, סיי ווי סיי וועגען וואָס מיט איהר צו רעדען, האָט קריסטאָף כלומר׳שט געקוקט אין דער אַנדערער זייט. וואו ער זאָל ניט געווען קוקען האָט ער דייטליך געקאָנט באַמערקען, אַז זיין אַנוועזענהייט מיט דער אומבאַקאַנטער באַגלייטערין, האָט צווישען די רייך־געקליידעטע מענשען אין די לאַזשען אַרויס־גערופען גרויס נייגעריגקייט און באַרעדעריי. ער האָט גע־וואָרפען כעס׳דיגע בליקען אויף די וואָס האָבען אויף איהם געקוקט; ס׳האָט אין איהם געקאָכט דער צאָרן וואָס מ׳אינ־טערעסירט זיך אַזוי מיט איהם, בעת ער קימערט זיך גאָר־ניט וועגען אַנדערע. ס׳איז איהם גאָר ניט איינגעפאַלען, אַז די חוצפה׳דיגע נייגעריגקייט איז מעהר געריכטעט אויף זיין באַגלייטערין ווי אויף איהם — און אויף אַ מעהר פאַרלע־צענדען שטייגער. כדי זיי צו ווייזען זיין פאָלשטענדיגע

גלייכגילטיגקייט צו אַלץ וואָס זיי דענקען אָדער רעדען, האָט ער זיך צוגעבויגען צו זיין שכנה און אָנגעהויבען מיט איהר צו פאַרפיהרען אַ געשפּרעך. זי איז געווען אַזוי דערשראָקען פון דעם וואָס ער רעדט צו איהר, אַזוי אומבאַהאָלפען וואָס זי דאַרף איהם ענטפערען און אַזוי שווער איז איהר אָנגעקומען אַרויסצוזאָגען אַ „יאָ“, אָדער אַ „ניין“—, כאָטש זי האָט אויף איהם ניט געקוקט, — אַז ער האָט פּשוט רחמנות גע־האָט אויף איהר און זיך צוריק אַריינגערוקט אין זיין ווינ־קעל. צום גליק האָט זיך די פאָרשטעלונג אָנגעהויבען.

קריסטאָף האָט פאַר׳ן אַריינגעהן ניט געזעהן די טעאַ־טער־אַפישע און ס׳האָט איהם ווייניג־וואָס געאַרט וואָס פאַר אַ ראָלע די גרויסע אַקטריסע שפּיעלט. ער איז געווען פון די נאַיווע מענשען וואָס קומען אין טעאַטער זעהען דאָס שטיק און ניט די אַקטיאָרען. די פראַגע האָט זיך איהם גאָר ניט געשטעלט: צי די באַוואוסטע שפּילערין וועט זיין אָפעליאַ אָדער די קעניגין. ווען די פראַגע זאָל איהם געווען איינפאַ־לען, וואָלט איהם בעסער געפעלען אַז זי זאָל שפּילען די ראָלע פון דער קעניגין — וואָרום לויט׳ן עלטער איז זי געווען דער־צו בעסער צוגעפּאַסט. אָבער ס׳האָט איהם קיינמאָל ניט גע־קאָנט איינפאַלען, אַז זי וועט גאָר שפּיעלען האַמלעט׳ן. ווען ער האָט האַמלעט׳ן דערזעהן, געהערט דעם מעכאַנישען קול, האָט איהם גענומען אַ ביסעל צייט, ביז ער האָט אָנגעהויבען גלויבען, אַז ס׳איז אמת. ס׳האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער חלומ׳ט.

— אָבער, ווער איז דאָס? וואָס איז דאָס? — האָט ער צו זיך שטיל געמורמעלט. — ס׳קאָן דאָך ניט זיין...

ווען ער האָט אָבער „דאָך“ געמוזט צוגעבען, אַז ס׳איז האַמלעט, האָט ער כעס׳דיג אַרויסגעבורמט אַ זידול־וואָרט,

וואָס די שכנה האָט צום גליק, אַלס אויכלענדעריז, ניט פאַר־שטאַנען. אין דער דערבייגער לאָזשע האָט מען עס אָבער גאַנץ גוט פאַרשטאַנען און מ'האָט איהם גלייך צאַרנדיג גע־הייסען שטיל שווייגען. ער האָט זיך נאָך טיעפער אַריינ־געדרוקט אין ווינקעל, כדי צו קאָנען זידלען וויפיעל ער האָט געוואָלט. ער האָט זיך ניט געקאָנט בארוהיגען. ווען ער וואָלט געווען זיין אומפּאַרטייאיש, וואָלט ער געווען באוואונדערט די עלעגאַנץ און די קינסטלערישע און נאַטירליכע פעהיג־קייט פון דער זעכציג־יעהריגער פרוי, וואָס האָט איהר געגע־בען די מעגליכקייט זיך צו באווייזען אין דעם קאָסטום פון א יונגען בחור און נאָך אויסצוזעהן שעהן. — ווענינגסטענס פאַר מענשען וואָס פאָדערען ניט פיעל. ער האָט אָבער פיינט געהאַט די געקינסטעלקייט און די פאַלשע נאָכאַהמונג פון דער נאַטור. ער האָט ליעב געהאַט, אַז א פרוי זאָל זיין א פרוי און א מאַן — א מאַן: — (הייגט איז דאָס שוין א זעל־טענע זאַך) — דאָס קינדערשע און לעבערליכע פון בעטהאָ־ווען'ס לעאָנאָרא איז איהם אויך ניט שטאַרק געפעלען, אָבער ביי האַמלעט'ן איז עס שוין אריבער די אומעגליכסטע גרענע־צען, און צו מאַכען פון דעם פעטסען, פעטען, בלייכען, בעס'־דיגען, דורכגעטריבענעם, פילאָזאָפישען און פאַר'חלום'טען דענער א פרוי — און קיין פרוי אפילו ניט; ווארום א פרוי וואָס שפּילט א ראָלע פון א מאַן וועט אַלע מאָל זיין א פאַרזעהעניש — צו מאַכען פון האַמלעט'ן א יעוונוד, אַן אַנדרוגינוס — דערויף פאָדערט זיך א געוויסענלאָזע געזעל־שאַפט, אַן אידיאָטישע קריטיק. ווארום נאָר דערמיט קאָן מען ערקלעהרען דאָס, וואָס אַזא עקעלהאַפטע אידיאָטסטוואָ ווערט געדולדעט איין טאָג אפילו, און ווערט ניט אויסגע־פייפט! — דער אַקטריסע'ס קול האָט קריסטאָף'ן אריינגע־

בראכט אין א מורא'דיגען כעס. איהר דיקציע איז געווען פארצויגען און האמעטנע — ווי די מאנאטאנע „מעלא־פען", וואס דער אומפּאעטישער עולם האט ליעב זייט די צייטען פון שאנמעלע אין דעם האטעל דע בורגהאן. קריס־טאף איז דערפון אזוי אויפגעבראכט געווען, אז ס'האט זיך איהם געוואלט נעהמען קריכען אויף אלע פיער. ער האט זיך אויסגעדרעהט מיט דעם רוקען צו דער ביהנע און געמאכט שרעקליך־כעס'דיגע גרימאסען אנטקעגען דער וואנט פון דער לאזשע, ווי א קינד וואס ווערט באשטראפט צו שטעהען אין ווינקעל. צום גליק האט זיין באגלייטעריין ניט געוואגט צו קוקען אין זיין זייט; — ווײַל ווען זי וואלט איהם גע־ווען זעהן, וואלט זי איהם געוויס אנגענומען פאר א משוגע'־נעם.

פלוצלונג האט קריסטאף אויפגעהערט צו מאכען די העויות. ער איז געבליבען זיצען, שטיל און אומבעוועגליך. א יונגע מוזיקאלישע שטים, א יונגע, זיסע און ערנסטע פרויען־שטים האט זיך נאר וואס דערהערט. קריסטאף האט צוגעשפּיצט די אויערן. וואס מעהר זי האט גערעדט, אלץ מעהר האט ער זיך א פארוואונדערטער אומגעדרעהט אויף זיין שטול, כדי בעסער צו הערען דאס זינגענדע פויגעלע. דאס איז געווען אפעליא — אבער נישט שעקספּיער'ס אפע־ליא! דאס איז געווען א שעהנע, פעסט־געבויטע, הויכע, שלאנקע מיידעל, עהנליך צו א גריכישער סטאטוע: — אן עלעקטרא אדער א קאסאנדרא. זי האט געשטורמט מיט לע־בען. כאטש זי האט זיך אנגעשטרענגט צו האלטען אין די ראמען פון איהר ראלע, האט איהר פרייד און יוגענד־קראפט ארויסגעשטראלט פון איהר קערפּער, פון איהרע באוועגונ־גען, פון איהרע זשעסטען און פון איהרע טונקעל־ברוינע אוי־

נען, וועלכע האבען, ווי גענגען איהר ווילען. — געלאכט. די קראַפט פון א יונגען קערפער איז אזא, אז אַט דעם אומבאַר־רחמנות'דיגען קריסטאַף'ן וועלכער האט מיט א רגע פריהער ניט געקאַנט פארליידען די פאַלשע אינטערפּרעטאַציע פון האמלעט'ן, איז גאר ניט איינגעפאלען באנג צו טאָן וואס די אפעליע איז אויף קיין האר ניט עהנליך צו דער וואס ער האט זיך פארגעשטעלט; — און ער האט לייכט פארגעסען אין יענער. אומבאוואוסטזיניג ניט אויסגעהאלטען, ווי אַלע ליידענשאַפטליכע נאטורען, האט ער גאר געפונען א טיע־פען אמת אין דעם יוגענדליכען פייער וואס האט געשטורמט אין די הארץ־טיפעניסען פון דער ריינער און ליידענשאפט־ליכער יונגפרוי. איהר ריין־צאַרטע, ווארימע, סאַמעטענע שטים האט נאך פארגרעסערט דעם כשוף: יעדעס וואָרט האַט געקלונגען ווי א שעהנער אקאָרד; און ארום די ווערטער האט געטאַנצט, געשוועבט דער דרום־דיגער, לאַכענדיגער, ריטמישער שפּראַך־קלאַנג, ווי די דופט פון טימיאן און וויל־דער מיאטע. א זאַנדערבאַרע אַפעליא — א טאָכטער פון דעם זוניגען דרום־פראַנקרייך! זי האָט מיט זיך מיטגע־בראַכט א ביסעל פון איהר גאלדענער זון, פון איהר ווילדען שטורם־ווינט — דעם מיסטראַל.

פארגעסענדיג אַז זיין שכנה, האט ער זיך פּלוצלונג ארומגעזעהן, אז ער זיצט נעבען איהר, אין דער פאדערשטער רייהע פון דער לאַזשע; ער האט די אויגען ניט אראַפּגענו־מען פון דער שעהנער אקטריסע, וועמעס נאָמען ער האַט ניט געוואוסט. אבער דאָס פּובליקום, וואָס איז ניט געקומען הערען קיין אומבאַקאַנטע, האט איהר קיין אויפמערקזאַמ־קייט ניט געשאַנקען און געוואָלט אפּלאַדירען ניט אנדערש ווי דאַמאַלט, ווען דער פארוויינטער האמלעט האט גענומען

רעדען. דאָס האָט קריסטאָף'ן אויפגערעגט און ער האָט זיי גערופען: „חמורים!" מיט אַ שטילען קול וואָס מען האָט געקאָנט הערען אויף צעהן טריט.

ערשט ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזען, האָט ער זיך דערמאָנט אַן דער עקסיסטענץ פון זיין לאָזשע־קאָמפּאַניאָנקע; און זעהענדיג ווי זי זיצט נאָך אַלץ אַנגעשראָקען, האָט ער שמייכלענדיג אַ טראַכט געטאָן וועגען זיין פריהערדיגער מאָדנער באַנעמונג און די ווירקונג וואָס דאָס האָט אויף איהר געמוזט מאַכען. ער האָט דערמיט קיין טעות ניט געמאַכט: דאָס מיידעל מיט וועלכער ער איז צופעליג באַקאַנט געוואָרען אויף אַ פּאָר שטונדען, איז געוועזען כמעט קרענקליך באַשיידען און נאָר איהר אויסערגעוועהנליך אויפגערעגטער נערוועזער צושטאַנד האָט געווירקט אַזוי ווייט, אַז זי זאָל וואַגען אַנצונעהמען קריסטאָף'ס איינלאַדונג. באַלד נאָכדעם האָט איהר דערויף באַנג געטאָן און זי וואָלט ווער ווייסט וואָס געוועזען אַבי זיך אַרויסצודרעהען, צו געפינען אַ תירוץ און צו אַנטלויפען. זי האָט נאָך ערגער געפיהלט אַ ביסעל שפּעטער, זעהענדיג ווי אַלע קוקען אויף איהר נייגעריג; און איהר אומרוהיגקייט איז נאָך גרעסער געוואָרען, ווען זי האָט הינטער זיך געהערט — זי האָט ניט געזמייעט זיך אויסצודרעהען — איהר באַגלייטער ברומענדיג און זידלענדיג מיט כעס. זי האָט שוין ווער ווייסט וואָס ערוואַרט פון איהם; און ווען ער האָט זיך נעבען איהר אַוועקגעזעצט, איז זי פּשוט דערפאַראַרען געוואָרען פאַר שרעק: וואָס נאָך פאַר אַ ווילדע שטיק וועט ער באַווייזען? עס האָט זיך איהר געוואָלט ליעבער איינזינקען הונדערט קלאַפטער אין ד'ערד. זי האָט זיך אינסטינקטיוו צוריקגעצויגען; זי האָט מורא געהאַט איהם אַנצוריהרען.

איהר גאנצער שרעק איז אבער פלוצלונג פארשוואונ־
דען, ווען זי האט בעת'ן אנטראקט געהערט ווי ער האט גע־
זאגט צו איהר גוטמוטיג:

— „איך בין ניט קיין אנגענעהמער שכן, איא? ענט־
שולדיגט מיר, איך בעט אייך.“

דאן האט זי איהם אנגעקוקט און געזעהן זיין מילדען
שמייכעל — דעם שמייכעל וואס האט זי צוערשט געמאכט
זיך צו אנטשליסען מיט איהם ארייננצוגעהן.

ער האט ווייטער גערעדט:

—„איך קאן ניט באהאלטען דאס וואס איך דענק...
און דער אמת איז, אז ס'איז געווען איבער די כחות איבער־
צוטראגען... די פרוי, די אלטע פרוי...“

ער האט נאכאמאל מיט עקעל פארקרימט דעם פנים.

זי האט געשמייכעלט און שטיל געזאגט:

„כאטש אזוי, איז עס דאך שעהן.“

ער האט באמערקט איהר פרעמדען אקצענט:

—„איהר זייט אן אויסלענדערין?“

„יא,“ — האט זי געענטפערט.

ער האט באקוקט איהר באשיידען, ארים קליידעל.

— „א לעהרערין?“ — האט ער א זאג געטאן.

זי איז רויט געווארען און געענטפערט:

„יא.“

— „פון וואס פאר א לאנד?“

זי האט געענטפערט:

„איך בין א פראנצויזין.“

ער האט געמאכט א פארוואונדערטע מינע:

— „א פראנצויזין? איך וואלט עס קיינמאל ניט גע־
גלויבט.“

„פאַרוואָס?" — האָט זי פאַרשעהמט געפרעגט.

— „איהר זיים אזוי... אזוי ערנסט!" — האָט ער גע־זאָגט.

(זי האָט זיך געטראַכט, אז דאָס איז ניט אין גאַנצען קיין קאָמפּלימענט).

„פאַראַן אזעלכע אויך אין פראַנקרייך" — האָט זי, ווי צוטומעלט, געענטפערט.

ער האָט געקוקט אויף איהר אָרענטליך פּנים'על, מיט'ן הויכען שטערן, מיט דעם גלייכען נעזעל, מיט דער געטאַקטער מויל און די אויסגעצעהרטע באַקען, וועלכע זיינען אומגע־ראַמט געווען מיט טונקעל־ברוינע האָר. ער האָט זי אבער ניט געזעהן: ער האָט געטראַכט פון דער שעהנער אַקטריסע און איבערגע'חזר'ט:

— „מאָדנע, איהר זאָלט זיין א פראַנצויזין! זיים איהר טאַקע באמת פון דעם זעלבען פאָלק ווי אַפּעליא? ס'איז גאָר ניט צום גלויבען."

ער האָט א ווײַלע געשוויגען, און צוגעלעגט:

— „ווי שעהן זי איז!"

ער האָט זיך ניט ארומגעזעהן, אז עס זעהט אויס ווי ער וואָלט געמאַכט א פאַרגלייך צווישען דער אַקטריסע און זיין שכנה — א באַליידיגענדען פאַרגלייך פאַר זיין באַגלייטערין. זי אבער האָט עס יאָ געפיהלט, און דאָך איז זי אויף איהם ניט אין כעס געוואָרען. זי האָט געהאַט דיזעלבע מיינונג. ער האָט געפּרוואווט זי אויספרעגען א פּאָר איינצעלהייטען ווע־גען דער אַקטריסע; זי האָט אבער גאָר ניט געוואוסט: מ'האָט געקאָנט זעהן, אז זי ווייס ווייניג־וואָס וועגען דער טעאַטער־וועלט.

— „איהר מוזט אידאי הנאה האָבען צו הערען רעדען פראַנצויזיש?" האָט ער געפרעגט.

ער האָט עס געזאָגט שפּאַסענדיג; ער האָט אָבער אָנגע־ריהרט אַן אַנגעווייטאָגט אָרט אין איהר האַרצען.

"אָה!" — האָט זי אויסגערופען מיט אַזאַ אויפריכטי־גען טאָן, אַז ער איז גערירט געוואָרען — דאָס דערקוויקט מיך פּשוט! איך וואָלט דאָ דערשטיקט.

דאָס מאָל האָט ער זיך צו איהר בעסער צוגעקוקט. זי האָט לייכט צונויפגעדריקט די הענט און האָט אויסגעזעהן ווי פאַרטרויערט. באַלד אָבער האָט זי אַ טראַכט געטאָן און פאַרשטאַנען, אַז איהר באַמערקונג איז באַליידיגענד פאַר איהם:

„אָה! ענטשולדיגט," — האָט זי געזאָגט, — „איך ווייס ווירקליך ניט וואָס איך רעד.

ער האָט האַרציג געלאַכט:

— „ענטשולדיגט זיך ניט! איהר האָט באמת רעכט. ניט נאָר פראַנצויזען פיהלען דאָ ווי דערשטיקט צו ווערען. אוף!...."

ער האָט אַ הויב געטאָן די אַקסלען און אָפּגעאָטעמט.

זי האָט זיך אָבער געשעהמט וואָס זי האָט אַזוי אַנט־בלויזט איהר נשמה; און איז ווייטער שטיל געבליבען. חוץ דעם האָט זי זיך אַרומגעזעהן, אַז פון די דערבייאיגע לאָזשען הערט מען זיך צו צו זייער געשפּרעך; און ער האָט עס אויך מיט כעס באַמערקט. זיי האָבען זייער שמועס אונטערבראָ־כען, און ער איז דערווייל, ביז צום סוף פון'ם אַנטראַקט, אַרויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר פון טעאַטער. דער מיידעל'ס וואַרעמער האָבען איהם אָפּגעקלונגען אין די אויערען. ער איז אָבער געווען פאַר'חלום'ט: אַפּעליאַ'ס געשטאַלט איז איהם

ארויף געשוואומען אין געדאנק. אין די ווייטערדיגע אקטען האָט דאָס איהם נאָך מעהר פארכאפּט, און ווען די שעהנע אקטריסע האָט דערגרייכט די סצענע פון משוגעת, האָט איהר שטים געהאט אזעלכע ריהרענדע טענער אין די אומעטיגע ליעבע־ און טויט ליעדער, אז זיין הארץ איז ווי צובראָכען געוואָרען: ער האָט געפיהלט, אז ער וועט באלד אויסברע־כען אין א שטאַרקען געוויין. ער איז אויף זיך אין כעס געוואָרען: ווארום דאָס האָט איהם אויסגעזעהן ווי א שוואַכ־קייט פון זיין זייט, (ער האָט זיך ניט געוואָלט מודה זיין, אַז אַן אמת'ער קינסטלער מעג וויינען;) און ניט וועלענדיג אַז אַנדערע זאָלען אויף איהם אויסשטעלען די אויגען, איז ער פּלוצלונג ארויסגעגאַנגען פון דער לאָזשע. דער קארידאָר און דער טעאַטער־סאלאָן זיינען געווען ליידיג. ער איז א צו־טומעלטער אראָפּ די טרעפּ פון טעאַטער און, ווי ניט ווי־סענדיג, ארויס אויף דער גאַס. ער האָט געהאט א פּארלאַנג איינצואַטעמען די קאַלטע נאַכט־לופט, צו געהען און מאַכען גרויסע שפּרייזען אויף די טונקעלע, האַלב־פּוסטע גאַסען. ער האָט זיך ערשט ארומגעזעהן וואו ער איז, ווען ער איז שוין געשטאַנען ביים ברעג פון א קאַנאַל אַנגעשפּארט אַן א פּאַ־רענטשע און קוקענדיג אויפ'ן שטילען וואסער, וואו די ליכט פון לאַמטערנס האָבען זיך אין שאָטען אָפּגעשטעלט און גע־טאַנצט. זיין נשמה איז אויך אַזוי געווען: זי איז געווען ווי פאַרטונקעלט און ציטערענדיג; ער האָט אין איהר גאַר ניט געקאָנט זעהן א חוץ א גרויסען פריידר. וואָס האָט ווי געטאַנצט אויף דער אויבערפלאַך. די שטאָט־זייגערס האָבען געקלונגען. ער האָט געפיהלט אז ס'איז איהם אומעגליך צור־ריקצוגעהן אין טעאַטער און הערען דעם סוף פון דער שטיק. זעהן פאַרטענבראַ'ס ערפאָלג? ניין, דאָס איז פאר איהם קיין

נסיון ניט געווען... א שעהן שטיקעל ערפאָלג! ווער טראַכט עס מקנא צו זיין דעם זייגער? ווער וואָלט עס וועלען זיין אויף זיין פּלאַץ, נאָכדעם ווי מ'איז שוין אַנגעשטאָפּט געוואָרען מיט דעם לעבענ'ס גרויזאַמקייטען און טעמפּע נאַרישקייטען? דאָס גאַנצע ווערק איז א מורא'דיגע אנקלאַגע געגען דעם לעבען. עס ליגט אָבער דערין אזא לעבענסקראַפט, אז דער טרויער ווערט פרייד, און די ביטערקייט פאַרשכור'ט...

קריסטאָף איז אהיים געקומען און מעהר גאָר אפילו ניט א טראַכט געטאָן וועגען דער אומבאַקאַנטער מיידעל, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין דער לאָזשע, און וועמעס נאָמען ער האָט אפילו ניט געוואוסט.

דעם צווייטען פריהמאָרגען איז ער געגאַנגען זעהן די אַקטריסע אין דעם דריט־קלאַסיגען האָטעל, וואו דער אימ־פּרעסאַריאָ האָט זי אָראָפּגעוואָרפען צוזאַמען מיט איהרע אַנדערע חברים, בעת די גרויסע אַקטריסע איז איינגעשטאַנען אין דעם בעסטען האָטעל פון שטאָט. מ'האָט איהם אַריינגעפיהרט אין אַ קליינעם אָפּגעלאָזטען סאַלאָן, וואו דאָס פּאַרבליבענע פון'ם פריהשטיק האָט זיך אַרומגעוואַלגערט אויף אַן אָפּענער פּיאַנאָ, צוזאַמען מיט האָר־נאָדלען און צו־ריסענע און שמוציגע מוזיק־בלעטער. אין דעם דערבייגען צימער האָט אָפעליאַ געזונגען אויפ'ן קול, ווי אַ קינד וואָס וויל סתם מאַכען אַ רעש. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע בעת מ'האָט איהר אָנגעזאָגט, אַז עמיצער וויל זי זעהן, פרעגענדיג מיט אַ הויכער, לוסטיגער שטים און זיך ניט קימערענדיג, אַז מ'קאָן זי הערען אויף יענער זייט וואַנט:

וואָס וויל ער אַזוינס? ווי אַזוי הייסט ער?... קריס־טאָף... וואָס פאַר אַ קריסטאָף?... קריסטאָף קראַפט?... ס'אַרא נאָמען!

זי האָט צוויי־דריי מאָל איבערגע'חזר'ט, שאַרף אַרויס־ריידענדיג די „ריש'ען").

עס קלינגט ווי אַ זידעל־וואָרט...

(זי האָט אַ זידעל געטאָן).

— איז ער יונג, אָדער אַלט?... שעהן, אָנגענעהם... נו גוט, איך געה שוין.

און די דאַמע האָט ווידער גענומען זינגען:

— „נ י ט אַ ק י י ן ז י ס ע ר ע ז אַ ד ו ו י מ י י ן ל י ע ב ע".

ארומלויפענדיג איבער׳ן צימער און שרייענדיג וואס זי דערזעהט ניט די ביינערנע האר־נאדעל וועלכע זי האט ניט באלד געקאנט געפינען צווישען די אנגעווארפענע זאַכען. זי האט פארלאָרען די געדולד און אָנגעהויבען זיך צו קרימען און ברומען ווי אַ לייב. כאַטש קריסטאף האט זי ניט געזעהן, האט ער ווי נאכגעפאלגט אלע איהרע העויות אויף יענער זייט וואנט און געלאכט צו זיך אליין. ענדליך האט ער געהערט ווי איהרע טריט דערנעהענטערען זיך. די טיר איז שטורמיג אויפגעעפענט געווארען און אפעליא האט זיך באוויזען.

זי איז געווען האלב־אנגעטאן — אַ שלאף־ראק האט ארומגעבונדען איהר קערפער און דעם קאנטור פון דער טאַ־ליע. ברייטע ארבעל האבען פארדעקט איהרע נאקעטע ארעמס, די האר זיינען געווען נאכלעסיג פארקאמט, און די לאקען זיינען אראפגעפאלען איבער די אויגען און איבער די באקען. איהרע טונקעל־ברוינע אויגען האבען געלאכט, דאָס מויל האט געלאכט, די באקען האבען געלאכט, און אַ שעהן חן־גריבעלע האט אויך געלאכט. מיט איהר ערנסט־מעלאדי־שער שטים האט זי זיך ענטשולדיגט וואס זי זעהט אזוי נאכ־לעסיג אויס. זי האט געוואוסט אז זי האט ניט וואס זיך צו ענטשולדיגען און אז ער דארף איהר נאך מעהר דאנקבאר זיין וואס זי נעהמט איהם אזוי אויף. זי האט געמיינט אז ער איז אַ זשורנאליסט וואס וויל מיט איהר האבען אן אינ־טערוויאו. אנשטאט ענטוישט צו ווערען, ווען ער האט איהר געזאגט, אז ער קומט פשוט צוליעב איהר אליין, ווייל ער באוואונדערט זי, איז זי גאר דערפון ענטציקט געווארען. זי

איז געווען א וואויל, ליעבליך מיידעל; — זי האָט ליעב גע־האַט יעדען צו געפעלען און האָט דאָס אָפען ארויסגעוויזען. קריסטאָף׳ס באַזוך און זיינע ענטוזיאַסטישע שבחים האָבען זי שטאַרק דערפרעהט: — (זי איז נאָך ניט פאַרדאָרבען גע־ווען פון חניפה). איהר באַנעהמונג, איהרע באַוועגונגען, אפילו איהר גאוה און דאָס נאַיווע פאַרגעניגען וואָס זי האָט ארויסגעוויזען, אז זי וויל געפעלען ווערען זיינען געווען אזוי איינפאַך, אז ער האָט זיך גלייך מיט איהר געפיהלט היי־מיש. זיי זיינען באַלד געוואָרען ווי צוויי אַלטע גוטע פריינד. ער האָט גערעדט אַ ביסעל פראַנצויזיש — זי האָט געקענט עטליכע דייטשע ווערטער. ס׳איז נאָך איין שעה ניט אוועק און זיי האָבען זיך שוין דערצעהלט זייערע סודות. זי האָט גאַר ניט געקלערט איהם משלח צו זיין. די געזונטע און לוסטיגע, אינטעליגענטע און רעדעוודיגע, זור־ניג־זידליכע טאָכטער, וועלכע וואָלט פשוט געפּלאַצט פון לאַנגווײלע צווישען טעמפּ־נאַרישע מענשען אין אַ לאַנד, וואו זי האָט ניט געקענט די שפּראַך, וואו ס׳האָט געפעהלט איהר אמת׳ע נאַטור־פרייד, — האָט זיך געפיהלט גליקליך וואָס זי האָט געפונען עמיצען מיט וועמען זיך דורכצורעדען. וואָס אַנבאַלאַנגט קריסטאָף׳ן האָט ער געהאַט אַ באַזונדערס־גרויסען פאַרגעניגען צו געפינען דאָס פרייע, לעבעדיגע פאָלקס־קינד צווישען די געקינצעלטע און היפּאָקריטישע בירגער־טעכטער. ער האָט נאָך ניט געוואוסט אז די מענשען — ניט ווי די דייטשען — האָבען באמת מעהר ניט אין קאָפּ און אין האַרצען ווי וויפיעל זיי ווייזען ארויס — און אָפט האָבען זיי דאָס אויך ניט. זי איז אבער, ווענינגסטענס, געווען יונג, האָט געהאַט לעבען אין זיך און אָפען ארויסגעזאָגט וואָס ס׳איז איהר נאָר איינגעפאַלען: זי האָט איבער אַלצדינג געהאַט א

פרייע מיינונג, און אַ פרישען, לעבעדיגען קוק; איהר אָטעם האָט איז זיך געהאָט עטוואָס פון דעם פראַנצויזישען דרום־ווינט — פונ׳ם מ י ס ט ר א ל — פון דעם שטורם־ווינט וועלכער פאַרטרייבט די וואָלקענס. די נאַטור האָט זי רייך באַשאָנקען. לייכטזיניג און אומגעבילדעט, האָט זי אויפ׳ן שטעל געקאָנט דערפיהלען מיט׳ן גאַנצען הארצען, און מיט אַ טיעפען עמפינדונגס־געפיהל דאָס שעהנע און גוטע; — און מיט אַ מינוט שפּעטער אויסברעכען אין אַ האַרציגען געלעכטער.

זי איז געווען אַ קאָקעטקע און געדרעהט מיט די אויגען. ס׳איז איהר געפעלען געווען צו ווייזען איהרע נאַקעטע אָרעמס און האַלז פון אונטער׳ן האַלב־געעפענטען שלאָף־ראָק; זי האָט אפשר געוואָלט פאַרדרעהען דעם קאָפּ קרים־טאָף׳ן, ס׳איז אָבער געווען פּשוט אינסטינקטיוו. זי האָט דערביי ניט געהאָט קיין שום אויסגערעכענטען פּלאַן; זי האָט בעסער ליעב געהאָט צו לאַכען, פּלוידערען לוסטיג, זיין אַ וואוילער יונג, אַ גוטער חבר — גאַנץ איינפאַך און אָהן קונצען. זי האָט איהם דערצעהלט איינצעלהייטען פונ׳ם הינטער־די־קוליסען־לעבען, איהרע צרות, די נאַרישע עמ־פינדליכקייט פון איהרע קאַמעראַדען, יעזאַבעלאַ׳ס אייפער־זוכט — (יעזאַבעל האָט געהייסען די גרויסע אַקטריסע)— וואָס גיט גוט אַכטונג אַז זי זאָל ניט אויפשיינען. און ער האָט זיך באַקלאָגט אויף דעם וואָס ער האָט אויסצושטעהן פון די דייטשען: זי האָט געקלאַפּט מיט די הענט און געזאָגט, אַז זי שטימט מיט איהם איין. זי איז געווען אַ גוטע און ניט געוואָלט קיינעם באַרעדען, נאָר דאָך האָט זי עס געטאָן. ווען זי פלעגט פון עמיצען אָפּלאַכען, פלעגט זי זיך באַשולדיגען, אַז זי האָט אַ בייזוויליגע נאַטור. דער אמת איז אָבער גע־

ווען, אַז זי האָט אין זיך געהאַט אַ מין סאַטירישען הומאָר און די רעאַליסטישע, וויציג־שאַרפע באַאָבאַכטונגס פעהיג־קייט וואָס כאַראַקטעריזירט כמעט אַלע מענשען פון די דרום לענדער. דאָס איז געווען שטאַרקער ווי איהר ווילען און זי פלעגט מוזען פון צייט צו צייט אַפּמאָלען עמיצען מיט שאַרפע, שניידענדע שטריכען. זי האָט לעבעדיג געלאַכט מיט איהרע בלייכע ליפּען, ווייזענדיג איהרע יונג־הינטישע ציין, און שוואַרצע אויגען האָבען געבליסטשעט אין איהר בלייכליך און פון פאַרב־אָפּגעבלאַקירטען פּנים.

זיי האָבען זיך פּלוצלונג ארומגעזעהן, אַז זיי רעדען שוין צווישען זיך איבער אַ שטונדע. קריסטאָף האָט קאַ־רינע'ן — (דאָס איז איהר טעאַטער־נאָמען געווען) — פאַר־געשלאָגען זיי זאָלען ארויסשפּאַצירען נאָכמיטאָג כדי ער זאָל איהר ווייזען די שטאָט. דער געדאַנק איז איהר שטאַרק גע־פעלען און זיי האָבען אָפּגערעדט זיך צו באַגעגנען אין האָ־טעל גלייך נאָך מיטאָג.

צו דער באַשטימטער שטונדע איז ער דאָרט געווען. קאַרינע איז געזעסען אין דעם קליינעם האָטעל־סאַלאָן און געהאַלטען אַ ביכעל וואָס זי האָט הויך געלייענט. זי האָט איהם אויפגענומען מיט איהרע לאַכענדיגע אויגען און ניט אָפּגעשטעלט דאָס לייענען ביז זי האָט ניט פאַרענדיגט די פראַזע. דאַן האָט זי איהם געבעטען זיך זעצען אויף דער קאַנאַפּע נעבען איהר:

— „זעצט זיך דאָ, און שווייגט שטיל“ — האָט זי גע־זאָגט, — „איך לערן מיין ראָלע. ס'וועט בלויז נעהמען אַ פערטעל שעה.“

זי האָט געטייטעלט מיט'ן נאָגעל אויף די שורות אין מאַנוסקריפּט און געלייענט זעהר שנעל, כאַפּענדיג, אַזוי ווי

א קליין מיידעלע וואָס איילט זיך. ער האָט איהר פאַרגע־שלאָגען זי צו פאַרהערען. זי האָט איהם געגעבען דאָס ביכעל און איז אויפגעשטאַנען איבערצוזאָגען. זי האָט געשטאַמעלט און פריהער אָנגעפאַנגען צו פאַרענדיגען איין זאַץ איידער זי איז צוגעקומען צו א צווייטען. זי האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, דעקלאַמירענדיג איהר ראָלע. איהרע האָר־נאָדלען זייַנען איהר פונ׳ם קאָפּ אַראָפּגעפאַלען איבער דער גאַנצער לענג פון צימער. ווען זי האָט א וואָרט בשום אופן ניט גע־קאָנט אריינגעהמען אין זכרון, איז זי געוואָרען אומגעדול־דיג ווי א שלעכט, פאַרשייט קינד. צייטענווייז פלעגט זיך ביי איהר ארויסכאַפּען פון מויל א מיאוס, קאָמיש וואָרט— אָדער גלאַט א גראָב וואָרט, איבער וועלכען זי האָט אויף זיך אליין שטאַרק אָנגעשריען. דער געמיש פון טאַלאַנט און קינ־דישקייט האָט קריסטאָף׳ן איבעראַשט. זי האָט געהאַט א ריכטיגע און ריהרענדע באַטאָנונג; אָבער אין רעכטען מי־טען מאָנאָלאָג, אין וועלכען זי האָט ווי אריינגעלעגט איהר גאַנץ האַרץ, פלעגט זי פּלוצלונג אריינפאַלען מיט ווערטער וואָס האָבען קיין זינען ניט געהאַט. זי האָט דעקלאַמירט איהר לעקציע ווי א פּאַפּוגאַי, זיך ווייניג־וואָס קימערענדיג וואָס דאָס מיינט: דערפון פלעגען ארויסקומען נאַריש־קאָמישע וויצען. דאָס האָט זי אָבער ניט געאַרט; און ווען זי האָט זיך ענדליך אָן דעם געכאַפּט, איז זי אויסגעשאָסען מיט א גע־לעכטער. צום סוף האָט זי אויסגעשריען „זיט! זיט!“ ארויסגעריסען דאָס ביכעל פון זיינע הענט און עס אַוועקגע־שלײַדערט אין א ווינקעל פון צימער, זאָגענדיג דערביי:

— „גענוג! פריי! דער זייגער האָט שוין געקלונגען!

— מיר געהען שפּאַצירען!“

ער איז אביסעל אומרוהיג געווען איבער איהר ראָלע און זי געפרעגט:

„ווי דענקט איהר, איהר'ט קענען די ראָלע?"

זי האָט פעסט און מיט א זיכערען קול געענטפערט:

— „אודאי. און דער סופליאָר, צו וואָס איז ער באַשאַפען געוואָרען?"

זי איז אַריינגעגאַנגען אין איהר צימער זיך אַנטאָן די הוט. קריסטאָף האָט, וואַרטענדיג, זיך אַוועקגעזעצט ביי דער פיאַנא און אַנגעהויבען אויסקלאַפּען אויף די ביינדלער א פּאָר אקאָרדען. פון דעם צווייטען צימער האָט זי אויסגעשריען:

— „אה! וואָס איז דאָס? וועמעס איז עס? שפּיעלט נאָך, ווי שעהן דאָס איז!"

זי איז אריינגעלאָפען, זיך צושפּילענענדיג די הוט אויפ'ן קאָפּ. ער האָט ווייטער געשפּיעלט. ביים סוף האָט זי געוואָלט, ער זאָל נאָך שפּיעלען. זי איז גאָר באַגייסטערט געוואָרען און פון צייט צו צייט אויסגעשריען ליעבליך און חנ'עוודיג, ווי שעהן זיין מוזיק איז, — ווי אַלע פראַנצויזישע פרויען וואָס קאָנען פונקט אזוי נתפעל ווערען פון א טאָם שאָקאָלאַד, ווי פון  ט ר י ס ט אַ ן. דאָס האָט קריסטאָפ'ן אמוזירט; דאָס האָט געביטען די לופט ארום איהם, ס'האָט איהם געמאַכט פארגעסען אַן דעם אומגעלומפּערטען, שרייענדען ענטוזיאזם פון די דייטשען. ביידע זיינען געווען איבערטריבען; די דייטשען האָבען אַלצדינג אומגעלומפּערט פארגרעסערט, די פראַנצויזען האָבען אַלצדינג איידעל און צאַרט פארקלענערט. זיי זיינען ביידע געווען נאַריש און לעכערליך. דאָס פראַנצויזישע האָט איהם אבער דערווייל אויסגעזעהן ליעבליכער, מחמת די ליפּען

פון וואַנען די ווערטער זיינען ארויס זיינען איהם שטאַרק געפעלען געוואָרען. — קאַרינע האַט געוואָלט וויסען וועמעס מוזיק ער שפּיעלט, און ווען ער האָט איהר געזאָגט, אז דאָס איז זיין אייגענע, האָט זי ארויסגעלאָזען א געשריי. ער האָט איהר אפילו פארמיטאָג געזאָגט, אז ער איז א קאָמפּאזיטאָר. זי האָט זיך אבער דאַמאָלסט דערצו כמעט ניט צוגעהערט. זי האָט זיך אוועקגעזעצט נעבען איהם און געפאָדערט ער זאָל שפּיעלען אלץ וואָס ער האָט ביז דאַמאָלט אָנגעשריבען. אָז שפּאַציר האָט מען פארגעסען. פון איהר זייט איז עס ניט געווען קיין פראַגע פון העפליכקייט: זי האָט באמת שטאַרק ליעב געהאַט מוזיק. איהר מוזיקאַלישער אינסטינקט האָט איהר ארויסגעהאָלפען דאָרט, וואו עס האָט איהר געפעהלט די נויטיגע קענטעניסען. צוערשט האָט ער זי ניט גענומען ערנסט און איהר געשפּיעלט די איינפאַכסטע מעלאָדיען. צו־פעליג איז ער אבער אין זיין שפּיעלען דערגאַנגען צו א שטי־קעל מוזיק פון וועלכען ער האָט מעהר געהאַלטען. און דאָ האָט ער דערזעהן, אז כאָטש ער האָט איהר גאָרניט געזאָגט, געפעלט עס איהר אויך בעסער. דאָס האָט איהם דערפרייט און איבעראַשט. מיט דער נאַיווער פארוואונדערונג וועלכע מ׳זעהט ביי די דייטשען ווען זיי באַגעגנען א פראַנצויז וואָס איז א גוטער מוזיקער, האָט ער איהר געזאָגט:

— „מאָדנע! ס׳איז גוטען געשמאַק איהר האָט אין מוזיק! כ׳וואָלט עס קיינמאָל ניט געגלויבט...

קאַרינע האָט איהם געלאַכט אין פּנים אריין.

דאַן האָט ער, זיך אמוזירענדיג, גענומען אויסקלייבען וואָס א מאָל אלץ שווערערע מוזיק, כדי צו זעהן ווי ווייט זי פארלירט זיך ניט אין דער קאָמפּליצירטער מוזיק. און נאָך וועט איהם קאָנען נאָכגעהן. ס׳האָט אבער אויסגעזעהן אז זי

דעם ווי ער האָט פאַר איהר געשפּיעלט אַ באַזונדערס נייע מעלאָדיע — איבער וועלכער ער האָט אַליין כמעט געצוויי־פעלט, ווארום אין דייטשלאַנד אי עס בשום אופן קיינעם ניט געפעלען — איז ער שטאַרק דערשטוינט געבליבען וואָס קאַרינע האָט איהם געבעטען נאָכאַמאָל אנצופאנגען און איז דערביי אויפגעשטאַנען און גענומען זינגען די נאָטען אויס־וועניג אָהן אַ שום פעהלער. ער האָט זיך צו איהר אויס־געדרעהט, און איהר ענטוזיאַסטיש אָנגעכאַפּט פאַר די הענט:

— „איהר זייט דאָך אַז אמת'ע מוזיקערין!" — האָט ער אויסגעשריען.

זי האָט זיך צולאַכט און איהם ערקלערט, אַז זי האָט איהר קאַריערע צוערשט אָנגעהויבען אַלס אַ זינגערין אין אַ פּראָווינציעלען אָפּערא־הויז, אַז אַ פאַרבייפאַהרענדער אימ־פּרעסאַריאָ האָט גראַד געזעהען אַז זי האָט פעהיגקייטען פאַר דער ביהנע און זי צוגערעדט זיך צו נעהמען דאַפיר. ער האָט אויסגערופען:

— „ס'איז אַ שאָדען!"

„פאַרוואָס?" — האָט זי געפרעגט. — „די פּאָעזיע איז אויך אַ מין מוזיק".

זי האָט איהם געבעטען, ער זאָל איהר ערקלערען דעם זין פון זיינע ל י ע ד ע ר. ער האָט געזאָגט די דייטשע ווערטער און זי האָט זיי אקוראַט נאָך געזאָגט, נאָכמאַכענדיג דערביי אַפילו די קנייטשען פון זיין מויל און אויגען, בעת ער האָט די ווערטער ארויסגערעדט. ווען זי האָט זיי נאָכ־דעם געוואָלט אויסוועניג זינגען, האָט זי געמאַכט די קאָ־מישסטע פעהלערען; און ווען זי האָט עס אין גאַנצען פאַר־געסען, האָט זי אויסגעטראַכט אייגענע ווערטער, מיט היי־זעריגע האַלז־קלאַנגען, וואָס האָבען ביי זייביידען ארויסגע־

רופען א געלעכטער. זי איז גארניט מיעד געווארען פון זיין שפיעלען, און איהם האט זיך געוואלט וואס מעהר שפיעלען, וואס מעהר הערען איהר שעהנע שטים, וועלכע האט נאך ניט געוואוסט פון די פראפעסיאנעלע קונץ־שטיק און געזונגען אביסעל פונ׳ם האלז ווי די קליינע מיידאלאד, נאר מיט א שטארק ריהרענדען און צארטען טאן. זי האט איהם גאנץ אפען געזאגט איהר מיינונג. כאטש זי האט איהם ניט געקאנט ערקלעהרען פארוואס א זאך געפעלט איהר אדער ניט, איז אין איהר מיינונג שטענדיג געוועזן א באהאלטענער זין. און מאדנע, גראד די קלאסישסטע און באליעבסטע ווערק אין דייטשלאנד האבען ביי איהר ניט אויסגענומען: זי האט אויס העפליכקייט געמאכט א פאר קאמפלימענטען, אבער מ׳האט געקאנט זעהן, אז זיי האבען פאר איהר קיין באדייטונג ניט. אזוי ווי זי האט קיין מוזיקאלישע ערציהונג ניט געהאט, האט זי אויך ניט געהאט דעם אומבאוואוסטען אמאטארישען און קינסטלערישען פארגעניגען פון דעם *שוין געהערטען*, פון די פארמען פון א נייע ווערק, וועלכע דערמאנען אן פארמען און פארמולען וואס זיינען דעם קינסטלער ליעב געוועזן אין פריהערדיגע ווערק. זי האט אויך ניט געהאט קיין געשמאק פאר מעלאדישע סענטימענטאליטעט; — (אדער איהר סענטימענטאליטעט איז, ווייניגסטענס, געוועזן אנדערש און ער האט נאך ניט געוואוסט די חסרונות דערפון) — זי איז ניט נתפעל געווארען פון דער ווייכער, פאר׳חלומ׳טער, זיס־אפגעשמאקטער מוזיק וואס איז באליעבט געוועזן אין דייטשלאנד; זי האט זיך אויך ניט אפגעשטעלט אויף א געוויסען *ליעד* זיינס — א מעלאדיע וואס איהם האט זיך געוואלט פארניכטען, נאר דערפאר וואס זיינע פריינד, וועלענדיג דאך לויבען וועל־

כע עס איז פון זיינע קאָמפּאָזיציעס, האָבן שטענדיק דער־
פון גערעדט. קאַרינע׳ס דראַמאַטישער אינסטינקט האָט איהר
געזאָגט, אַז די מעלאָדיען וועלכע שילדערען אויפריכטיג אַ
געוויסע ליידענשאַפט זיינען די בעסטע; און קריסטאָף האָט
אויך די זעלבע אָפּ־מייסטען געשעצט. דאָך האָט זי אָפט
אַרויסגעוויזען, אַז געוויסע רויהע האַרמאָניען, וואָס האָבען
קריסטאָף׳ן אויסגעוויזען גאַנץ נאַטירליך געפעלען איהר ניט;
זיי האָבען אין איהר אויער ווי געגרילצט און זי פלעגט זיך
אָפּשטעלען. זי פלעגט דאַן פרעגען: „צי דאַרף דאָס טאַקע
אַזוי זיין?" און ווען ער פלעגט איהר זאָגען אַז „יאָ", פלעגט
זי דאָס איבערשפּרינגען, מאַכענדיג דערביי אַ גרימאַסע
מיט׳ן מויל, וואָס קריסטאָף פלעגט גאַנץ גוט זעהן. אָפט
האָט זי אַזאַ שטעל אין גאַנצען ניט געזונגען. דאַן פלעגט ער
זיך אָפּשטעלען און עס נאָכאַמאָל שפּיעלען אויף דער פּיאַ־
נאָ.

— „דאָס געפעלט אייך ניט?" — פלעגט ער פרעגען.

זי פלעגט פאַרדרעהען די נאָז.

„ס׳איז פאַלש!" — פלעגט זי איהם ענטפערן.

— „ניין," — פלעגט ער לאַכענדיג אויסרופען, —
„ס׳איז ריכטיג. טראַכט זיך נאָר אַריין אין דעם וואָס דאָס
מיינט. איז דען דער ריטם ניט ריכטיג, דאַ?"

(ער האָט אָנגעוויזען אויפ׳ן האַרץ.)

זי האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ:

„אפשר דאָרט; אָבער דאָ איז עס פאַלש."

(און זי האָט זיך געצויגען ביים אויער).

דאָס דעקלאַמאַטאָרישע און די וואָקאַלישע שפּרונגען
אין דער דייטשער מוזיק זיינען איהר אויך ניט שטאַרק גע־
פעלען געוועז.

— „פאַרוואָס רעדט ער אַזוי הויך?" — האָט זי גע־פרעגט. — „ער איז דאָך גאַנץ אַליין. צי האָט ער דען נישט קיין מורא, אַז די שכנים וועלען איהם הערען? עס זעהט אויס... זייט מיר מוחל! איהר זאָלט ניט ברוגז ווערען—עס זעהט אויס אַזוי ווי ער וואָלט געשריען צו אַ שיף מ'זאָל זי אָפּשטעלען".

ער איז ניט ברוגז געוואָרען: ער האָט גוטהאַרציג גע־לאַכט און מודה געווען, אַז ס'איז פאַראַן אַ שטיקעל אמת אין דעם וואָס זי זאָגט. איהרע באַמערקונגען האָבען איהם אַמוזירט: קיינער האָט זיי איהם ביז איצט נאָך ניט גע־מאַכט. זיי האָבען איינגעשטימט, אַז דאָס דעקלאַמאַטאָרישע זינגען פאַרדאַרבט גאַנץ אָפט דאָס נאַטירליך־איינפאַכע וואָרט — פּונקט ווי אַ פאַרגרעסערונגס־גלאָז... קאַרינע האָט קריסטאָף'ן געבעטען, ער זאָל פאַר איהר שרייבען די מוזיק פאַר אַ טעאַטער־שטיק, וואו זי וועט רעדען לויט דעם אָר־קעסטער'ס אַקאָמפּאַנימענט, זינגענדיג דערביי דאָ און דאָרט אַ פּאָר פראַזען. ער איז נתפעל געוואָרען פון דעם געדאַנקען, טראָץ די ביהנע־שוועריגקייטען, וועלכע קאַרינעס מוזיקאַ־לישע שטים וועט — ווי איהם האָט זיך געדאַכט — ביי־קומען. און זיי האָבען געמאַכט פּלענער פאַר דער צוקונפט.

ס'איז שוין געווען באַלד זייגער פינף, ווען זיי האָבען אַ קלער געטאָן אַביסעל אַרויסצוגעהן. די נאַכט האָט גע־האַלטען ביים אַראָפּפאַלען. מ'האָט שוין ניט געקאָנט טראַכ־טען פון אַ לאַנגען שפּאַציר. אין אָבענט האָט קאַרינע געהאַט אַ רעפּעטיציע אין טעאַטער; קיינער האָט דערביי ניט גע־קאָנט זיין. זי האָט איהם געבעטען, און ער האָט איהר באַ־שטימט צוגעזאָגט, אַז ער וועט אויף מאָרגען נאָכמיטאָג קו־מען צו איהר אום צו מאַכען דעם געפּלאַנטען שפּאַציר.

אויף מאָרגן — שיעור די זעלבע כּצענע ווי דעם פֿרי־הערינגן טאָג. ער האָט געפֿונען קאַרינע׳ן פֿאַר׳ן שפּיגעל, אויף א הויכען שטול, די פּיס אַראָפּהענגענדיג. זי האָט אָנגעפּרו־בירט אַ פּארוק. איהר אָנקליידערין איז דאָרט געווען און מיט איהר אַ פּריזירער פֿון שטאָט, וועמען זי האָט אָנגעוויזען ווי אזוי ער זאָל איהר פֿאַרקאַמען אין דער הויך א פּאָר לאָקען. קוקענדיג אין שפּיגעל, האָט זי אויך געקוקט אויף קריס־טאָף׳ן, וועלכער איז געשטאַנען שמייכלענדיג הינטער איהר רוקען. זי האָט איהם אַרויסגעשטעקט די צונג. דער פּריזי־רער איז אַוועקגעגאַנגען מיט׳ן פּאַרוק און זי האָט זיך מונ־טער אויסגעדרעהט צו קריסטאָף׳ן:

— „גוטען טאָג, מיין פֿריינד!“ — האָט זי געזאָגט. זי האָט צו איהם אויסגעצויגען דעם פּנים ער זאָל איהר א קוש געבען. ער האָט ניט דערוואַרט אַזאַ אינטימיטעט, נאָר ער האָט זיך דאָך ניט געלאָזט בעטען... ביי איהר איז דאָס ניט געווען קיין גרויסע זאַך — ס׳איז פּשוט געווען א מין באַגריסונג.

„אַה! איך בין גאַנץ צופֿרידען!“ — האָט זי געזאָגט.

— „ס׳וועט שוין געהן גוט היינט אבענט“ — (זי האָט גע־רעדט פֿונ׳ם פּאַרוק.) — „איך בין געווען אזוי פֿאַרצוויי־פֿעלט. ווען איהר קומט פֿאַרמיטאָג וואָלט איהר מיך געפֿונען אַ פֿאַרוויינטע.

ער האָט געפֿרעגט פֿאַר:וואָס.

ווייל דער פּאַריזער פּאַריקמאַכער האָט אַ טעות געמאַכט

ביים פּאַרפּאַקען און אַריינגעלעגט אַ פּאַרוק וואָס האָט ניט געפּאַסט צו דער ראָלע.

— „אַ פלאַכען פּאַרוק," — האָט זי געזאָגט, — „וואָס פאַלט פּשוט גלייך אַראָפּ. ווען איך האָב דאָס דערזעהן, האָב איך געוויינט און געוויינט ווי אַ מאַגדאַלינאַ. זאָגט שוין איהם, מאַדאַם דעזירע!"

„ווען איך בין אַריינגעקומען" — האָט יענע געזאָגט, — „האָב איך זיך פאַר דער מאַדאַם דערשראָקען. די מאַדאַם איז געווען בלייך און האָט אויסגעזעהן ווי אַ טויטע."

— „איהר לאַכט דערפון, רוצח איינער," — האָט זי געזאָגט מיט כעס, — און באַלד האָט זי אויך אָנגעהויבען לאַכען.

ער האָט זי געפרעגט, ווי אַזוי ס'איז איהר געגאַנגען ביי דער רעפּעטיציע, דעם פריהעריגען אָבענט.

— „אַלץ איז גלאַט אָפּגעגאַנגען. זי האָט נאָר איין זאַך געוואָלט: מ'זאָל וואָס מעהר אויסשניידען פון די אַנדערע ראָלען און אפילו ניט אָנריהרען איהרע. זיי האָבען צווישען זיך אַזוי לאַנג געריעדט, אַז אַ האַלבער נאָכמיטאָג איז מיט דעם אוועק. זי האָט זיך פּאַמעלעך אָנגעטאָן, געשטיפּט מיט קריסטאָף'ן, פרעגענדיג זיין מיינונג איבער איהר טואַלעט. קריסטאָף האָט געלויבט איהר עלעגאַנץ, און איהר נאַיוו גע־זאָגט אויף זיין פראַנצויזיש־דייטשען זשאַרגאָן, אַז ער האָט נאָך זינט ער לעבט קיינעם ניט געזעהן אַזוי „לוקסעדיג".— זי האָט אויף איהם געקוקט, ווי פאַרוואונדערט, אַ מינוט, און דאַן אויסגעשאָסען אין אַ הילכיגען געלעכטער.

— „וואָס האָב איך געזאָגט? ניט אַזוי דאַרף מען זאָ־גען?"

„יאַ! יאַ!" — האָט זי געשריען זיך קייקלענדיג פאַר געלעכטער. — „אַקוראַט אַזוי."

זיי זיינען ענדליך ארויסגעגאַנגען. איהר שרייענדיגע קליי־דונג און דאָס הויכע רעדען האָבען צוגעצויגען די אויפמערק־זאַמקייט פון די פאַרבייגעהער. זי האָט אויך אַלצדינג גע־קוקט מיט פרייע אַפּלאַכענדע אויגען און זיך ניט געקימערט צו פאַרבאַרגען איהר איינדרוק. זי האָט זיך געשטיקט פון גע־לעכטער פאַר די פענסטער פון די מאָדע־געוועלבען אָדער פון די געשעפטען וואו עס זיינען געווען אויסגעשטעלט אילוס־טרירטע פּאָסט־קאַרטען פון אַלע מינים: סענטימענטאַלע סצענעס, קאָמישע און אוממאָראַלישע סצענעס, די שטעטי־שע קאַקעטקעס, די קייזערליכע פאַמיליע, דער קייזער, אַנ־געטאָן אין אַ רויטען ראָק און אין אַ גרינעם, דער קייזער אַלס שיפס־קאַפּיטאַן שטעהענדיג ביים רודער מיט אַן אויפ־פאַדערענדען בליק צום הימעל. זי האָט געלאַכט פון אַ טיש־געשיר וואו די טעלער זיינען באַצירט געווען מיט וואַגנער'ס אומגעלומפּערטען קאָפּ, אָדער פון אַ פריזירער'ס פענסטער וואו ס'איז געשטאַנען אַ מענשען־קאָפּ פון וואַקס. זי האָט ארויסגעוויזען אַ ווייניג־וואָס אַנשטענדיגע לוסטיגקייט אי־בער דעם פּאַטריאָטישען מאָנומענט פון'ם אַלטען קייזער, וועלכער איז געשטאַנען אַנגעטאָן אין אַ רייזע־מאַנטעל מיט אַ שפּיץ אויפ'ן העלם און מיט איהם די דייטשע שטאַטען און אַ נאַקעטער קריגס־געניוס. פון אַלץ און אַלעמען האָט זי פאַרבייגעהענדיג געמאַכט וויציג שאַרפע באַמערקונגען — באַזונדערס פון די מענשען, פון זייער גאַנג און ריידען. איה־רע קרבנות האָבען דאָס גוט געקאָנט זעהן נאָך איהר פאַר־שייטע און ביטערע בליקען. איהר אינסטינקטיווע מימיק האָט זי טיילמאָל, ניט טראַכטענדיג אַפילו, געטריבען נאָכצומאַ־

כען מיט דער נאַז און מיט די ליפּען זייערע לוסטיגע אָדער
אַנגעכמורעטע גרימאַסען. זי האָט אַנגעבלאָזען די באַקען און
איבערגעזאָגט שטיקלעך פראַזען און ווערטער וואָס זי האָט
פאַרביילויפענדיג אויפגעכאַפּט, און וואָס האָבען איהר לויט'ן
קלאַנג אויסגעזעהן קאָמיש. ער האָט דערפון געלאַכט מיט'ן
גאַנצען הארצען. איהר חוצפה האָט איהם ניט געאַרט, ווייל
ער איז אויך אַזוי געווען. אַזאַ שפּאַציר האָט געקאָנט אַ תל
מאַכען פון זיין רעפּוטאַציע ; — צום גליק האָט ער אָבער
שוין ווייניג־וואָס געהאַט צו פאַרלירען.

זיי האָבען באַזוכט די קאַטעדראַלע. קאָרינע האָט גע־
וואָלט אַרויפגעהן ביז אויפ'ן שפּיץ, כאָטש זי האָט געהאַט
הויכע קנאַפּעל און אַ צו לאַנגע קלייד. וואָס האָט אַפּגע־
קעהרט די טרעפּ און זיך צום סוף פאַרטשעפּעט אין אַ ווינ־
קעל פון די טרעפּ. זי האָט זיך אָבער ניט דערשראָקען, האָט
אַ שלעפּ געטאָן דעם שטאָף וואָס האָט זיך דערביי געפּלאַצט
און איז ווייטער געקראָכען אויפהויבענדיג וואוילינגעריש
די קלייד. זי האָט שיעור ניט גענומען קלינגען אין די גלאָקען.
אויפ'ן שפּיץ טורם האָט זי דעקלאַמירט וויקטאָר הוגאָ —
(ער האָט דערפון גאָרניט פאַרשטאַנען) — און געזונגען אַ
פראַנצויזיש פאָלקס־ליעד. און נאָך דעם האָט זי נאָכגעמאַכט
די מאַכעמאַדאַנישע מ ו ע ז י נ ע ר. — ס'איז געוואָרען
שפּעט ; די נאַכט האָט געהאַלטען ביים אַראָפּפאַלען. זיי זיינען
אַראָפּגעגאַנגען אין דער קירך אַריין. די געדיכטע שאָטענס
האָבען זיך דאָרט באַוועגט אויף די ריזיג־גרויסע ווענט און
די פענסטער האָבען געשיינט ווי כשופ'דיגע אויגען. קרים־
טאָף האָט דערזעהן אויף די קניה, אין איינע פון די זייטיגע
קירכען־חדרים דאָס מיידעל, וואָס איז מיט איהם געווען אין
דער לאָזשע ביי דער פאַרשטעלונג פון האַמלעט. זי איז גע־

ווען אזוי פאַרטיפט אין איהר תפילה, אז זי האָט איהם ניט געזעהן. ער איז פאַרוואונדערט געוואָרען פון איהר אומעטי־גען און אויסגעמאַטערטען אויסזעהן. ער האָט געוואָלט מיט איהר רעדען א פּאָר ווערטער, זי, ווענינסטענס, באגריסען; קאָרינע האָט איהם אבער מיטגעשלעפּט ווי א שטורם־ווינט.

זיי האָבען זיך צושיידט שפּעטער אביסעל. זי האָט זיך געמוזט צוגרייטען צו דער פאָרשטעלונג, וואָס האָט זיך גע־דאַרפט אנהויבען פריה לויט'ן מנהג אין דייטשלאַנד. א פּאָר מינוטען נאָך זיין אהיים קומען האָט ער געהערט ווי מ'קלינגט ביי דער טיר. מ'האָט איהם געבראַכט א בריוועל פון קאָ־רינען:

„מזל טוב! יעזאבעלא קראַנק! קיין פאָרשטעלונג! פריי!... קומט, פריינד! מיר עסען צוזאַמען!
פריינדין! „קאָרינעט".
„נ. ב. ברענגט מיט א סך מוזיק!"

ס'איז איהם שווער אָנגעקומען צו פאַרשטעהן. ווען ער האָט אבער פאַרשטאַנען, איז ער פּונקט אזוי צופרידען גע־ווען ווי קאָרינע, און איז באַלד אוועק אין האָטעל. ער האָט מורא געהאַט, אז ער וועט געפינען די גאַנצע טרופּע עסענ־דיג צוזאַמען. קיינער איז אבער דאָרט ניט געווען. ער האָט אפילו קאָרינען ניט געזעהן. ענדליך האָט ער דערהערט פון הינטער'ן הויז איהר רוישיגע און לאַכענדיגע שטיק. ער האָט זי געפונען זוכען און זי צום סוף געפונען אין קיך. זי האָט זיך פאַרגענומען צוצוגרייטען א מאַלצייט אויף איהר אייגע־נעם שטייגער, פון די דרום'דיגע מאכלים, וואָס זייער גע־שמאַקער ריח פאַרשפּרייט זיך איבער גאַנצע גאַסען ארום און קאָן אויפוועקען דערמיט אפילו די שטיינער. זי איז גע־

ווען גוט באַפריינדעט מיט דער גראַבער בעל־הבית'טע פונ'ם האָטעל, און זיי האָבען צווישען זיך גערעדט אַ שרעקליכען מיזן זשאַרגאָן, אַ געמיש פון דייטש, פראַנצויזיש, נעגעריש, וואָס מ'קאָן גאַרנישט באַשרייבען אין קיין שפּראַך. זיי האָבען ביידע געלאַכט אויפ'ן קול און איינער דער אַנדערער גע־געבען צו פאַרזוכען זייערע מאכלים. קריסטאָף'ס אַנקומען האָט פאַרגרעסערט דעם טומעל. מ'האָט איהם געוואָלט אַרויסשטופּען; ער האָט זיך אָבער ניט געלאָזט און ס'האָט זיך איהם ענדליך איינגעגעבען אויך צו פאַרזוכען דעם באַ־ריהמטען מאכל. ער האָט געמאַכט אַ זויערע מינע. קאַרינע האָט איהם דערפאַר גערופען ווילדער טעווטאָנער און גע־זאָגט, אַז ס'איז באמת אַן עבירה זיך אַזוי פיעל מיה צו גע־בען צוליעב זיינטוועגען.

זיי זיינען צוזאַמען אַרויפגעגאַנגען אין דעם קליינעם סאַלאָן, וואו דער טיש איז שוין געווען געגרייט פאַר איהם און פאַר קאַרינען. ער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען זי צו פרעגען, וואו איהר טעאַטער־קאַמעראַדען זיינען. קאַרינע האָט גלייכגילטיג אַ מאַך געטאָן מיט'ן האַנט.

— „איך וויים ניט."

„איהר עסט ניט צוזאַמען?"

— „קיינמאָל ניט! ס'איז שוין גענוג וואָס מען מוז זיך זעהן אין טעאַטער!... נו, נו, ווען מ'זאָל נאָך דאַרפען עסען צוזאַמען ביי איין טיש!..."

דאָס איז געווען פונקט פאַרקעהרט ווי ביי די דייטשען און ס'איז איהם שטאַרק געפעלען געוואָרען. כאָטש ס'האָט איהם אויך פאַרוואונדערט.

— „איך האָב געדעכענט" — האָט ער זיך אָפּגערופען

— „אַז איהר זייט אַ געזעלשאַפטליך פאָלק!"

„נו, בין איך דען ניט געזעלשאַפטליך?“ — האָט זי געענטפערט.

— „געזעלשאַפטליך מיינט: לעבען מיט דער געזעל־שאַפט. מיר, דייטשען, מיר מוזען זיך זעהן איינער מיט׳ן צווייטען! מענער, פרויען, קינדער, — אַלע מוזען געהערען צו פאַראיינען, געזעלשאַפטען, פון׳ם טאָג אַז וואָס זיי ווע־רען געבאָרען ביז צום טויט. אַלץ ווערט געטאָן בחברותא: מ׳עסט, מ׳זינגט, מ׳דענקט „אין געזעלשאַפט“. ווען די גע־זעלשאַפט ניסט, ניסט מען מיט איהר; און מ׳טרינקט אפילו ניט א גלאָז ביער אָהן דער געזעלשאַפט.“

„א שעהנער תענוג!...“ — האָט זי אויסגערופען. — „פאַרוואָס כאָטש ניט פון׳ם זעלבען גלאָז!“

„ס׳איז ברידערליך! עה?“

— „צום טייוועל מיט דער ברידערליכקייט! א „ברו־דער“ וויל איך טאָקע זיין צו די וואָס געפעלען מיר, אבער ניט צו די אַנדערע... פו! דאָס איז ניט קיין מענשען־געזעלשאַפט — ס׳איז א קופּע מיט מוראַשקעס.“

„פאַרשטעהסט־זשע שוין, ווי גוט איך קאָן מיך פיהלען דאָ — איך, וואָס האָט דיזעלבע מיינונג ווי איהר.

— „טו קומט־זשע צו אונז.

קיין בעסערס האָט ער זיך ניט געוואונשען. ער האָט זי אויסגעפרעגט איבער פּאַריז און איבער די פראַנצויזען. די ידעות וואָס זי האָט איהם געגעבען זיינען ניט געווען זעהר פּינקטליך. צו דער באַרימערייע איז נאָך צוגעקומען דער אינסטינקטיווער פאַרלאַנג דורך זיך איהם צו באַצויבערען מיט אַלעם פראַנצויזישעס. — לויט איהר איז אויסגעקומען, אַז אַלע געניסען אין פּאַריז פאָלשטענדיגע פרייהייט, און אַזוי ווי אַלע פּאַריזער זיינען דאָך אינטעליגענט, נוצט יע־

דערער אוים די פרייהייט ווי עס דאַרף צו זיין — און ניט פאַרקעהרט; יעדער טוט וואָס איהם געפעלט, דענקט, גלויבט, ליעבט, אָדער האָט פיינט דאָס וואָס ער וויל. קיי־נער האָט ניט בדעה געגען דעם זיך צו שטעלען. דאָרט מישט זיך קיינער ניט אין אַ צווייטענ'ס גלויבען, שפּיאָנירט ניט יענעמ'ס געוויסען, הערשט ניט איבער זיינע געדאַנקען. דאָרט גיבען זיך פּאָליטיקער ניט אָפּ מיט ליטעראַטור אָדער קונסט, און צוטיילען ניט קיין מעדאַלען, שטעלעס, אָדער געלט צו זייערע פריינד אָדער קונדען. דאָרט שאַפען ניט די קליינע קליקעס די רעפּוטאַציע אָדער דעם ערפאָלג פון אַ קינסטלער; זשורנאַליסטען ווערען ניט אָפּגעקויפט; שריפטשטעלער שלאָגען זיך ניט צווישען זיך, און חנפ'ע־נען זיך אויך ניט. דאָרט דערשטיקט ניט די קריטיק די אומ־באַקאַנטע טאַלאַנטען און פאַלט ניט קורעים פאַר די אָנער־קענטע טאַלאַנטען. דאָרט באַרעכטיגט ניט דער ערפאָלג — דער ערפאָלג אום יעדען פרייז — צו אַלע מיטלען און רופט ניט ארוים די פאַרגעטערונג פונ'ם פּובליקום. דאָס לע־בען, די מנהגים זיינען גוטע, ליעבליכע, האַרציגע. קיין קנאה אין די פערזענליכע באַציהונגען, קיין רכילות. יעדער העלפט דעם צווייטען. יעדער איינוואָנדערער וואָס האָט עפּעס איז פאַר אַ ממשות, ווערט פריינדליך אויפגענומען, און האָט אַ גלאַטען וועג פאַר זיך. די ריינע ליעבע צו דאָס שעהנע לעבט אין די הערצער פון די ריטערליכע און ברייטזיניגע פראַנצויזען; און זייער איינציגע נאַרישקייט איז דער אי־דעאַליזם, וואָס גיט אַנדערע פעלקער, (כאָטש זיי, די פראַנ־צויזען, זיינען גוט באַקאַנט מיט זייער שאַרפזין) די מעגליכ־קייט זיי אָפּצונאַרען.

קריסטאָף האָט זיך צוגעהערט מיט אַן אָפענעם מויל; —

און ס׳איז באמת געווען פון וואָס פאַרוואונדערט צו ווערן. קאַרינע איז אַליין פאַרוואונדערט געבליבן, זיך צוהערענדיג ווי זי רעדט. זי האָט גאָר פאַרגעסען וואָס זי האָט מיט אַ טאָג פריהער דערצעהלט קריסטאָף׳ן וועגען איהרע אַמאָליגע צרות; און איהם איז דאָס אויך ניט געלעגען אין זין.

און דאָך האָט קאַרינע געוואָלט ניט נאָר מ׳זאָל ליעב האָבען פראַנקרייך, נאָר זי אַליין אויך. אַ גאַנצען אָבענט אָהן אַ „פלירט" האָט איהר אויסגעזעהן כמעט גרויזאַם און נאַרישלאַך. זי האָט מיט קריסטאָף׳ן קאָקעטירט, אָבער עס איז געווען אַן אומזיסטיגע מיה. ער האָט עס גאָרניט באַמערקט. קריסטאָף האָט ניט געוואוסט וואָס „פלירטען" איז אַזוינס. ער האָט געליעבט, אדער ניט געליעבט. ווען ער האָט ניט געליעבט איז זיין מחשבה גאָר ווייט געווען פון ליעבען. צו קאַרינען האָט ער געפיהלט אַ גרויסע פריינדשאַפט. איהר לעבעדיגער טעמפּעראַמענט, — אַזוי ניי פאַר איהם! — איהר ליעבליכקייט, איהר שאַרפזין, איהר פרייע און עמפּפינדליכע אינטעליגענץ האָבען איהם צוגעצויגען. מיט די אַלע אייגענשאַפטען האָט זי אודאי געקאָנט געליעבט ווערען. „דער גייסט בלאָזט אָבער ווי איהם ווילט זיך", ער האָט אין דעם פאַל ניט „געבלאָזען"; און וואָס אַנבאַלאַנגט „שפּיעלען אין ליעבע", איז דאָס איהם קיינמאָל ניט איינגעפאַלען.

קאַרינען האָט זיין קאַלטקייט אַמוזירט. זיצענדיג נעבען איהם פאַר דער פּיאַנאָ, האָט זי איהם אַרומגענומען דעם האַלז מיט איהר אָרעם, בעת ער האָט געשפּיעלט די מוזיק וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, און, אום בעסער נאָכצופאָלגען די נאָטען, האָט זי זיך איינגעבויגען צום קלאַוויר, כמעט אָנריהרענדיג איהר באַק אַן זיינער. ער האָט געפיהלט די באַריה-

רונג פון איהרע ברעמען, און געזעהן דאָרט ביי זיין פּנים איהר שטיפעריש־אַפּלאַכענדיג אויג, איהר שעהן, לעבעדיג מיילכעל און דעם לייכטען פוך פון איהר פאַרדרעהטע לי־פעלע. זי האָט געוואָרט שמייכלענדיג, — געוואַרט. קריס־טאָף האָט ניט פאַרשטאַנען די איינלאַדונג. קאַרינע האָט איהם געשטערט ביים שפּיעלען — דאָס איז אַלעס וואָס ער האָט געטראַכט. אויטאָמאַטיש האָט ער זיך אַרויסגעדרעהט פון איהרע הענט און אָפּגערוקט זיין שטול. זיך אויסדרעהענ־דיג מיט א מינוט שפּעטער צו קאַרינען, כדי מיט איהר צו רעדען, האָט ער געזעהן ווי זי חלש'ט ממש אויסצושיסען אין אַ געלעכטער; דאָס חן־גריבעלע פון איהר באַק האָט גע־לאַכט, די ליפּען האָט זי צונויפגעקוועטשט, און זי האָט זיך ווי איינגעהאַלטען מיט אַלע כחות ניט אויסצופּלאַצען.

— „וואָס איז מיט אייך?“ — האָט ער פאַרוואונדערט געפרעגט.

זי האָט איהם אָנגעקוקט און האָט אויסגעבראָכען אין אַ הילכיגען געלעכטער.

ער האָט עס ניט פאַרשטאַנען:

— „וואָס לאַכט איהר?“ — האָט ער געפרעגט, — „האָב איך עפּעס קאָמישעס אָפּגעטאָן?“

וואָס מעהר ער איז צוגעשטאַנען מיט פראַגען אַלץ מעהר האָט זי געלאַכט. א בליק אויף זיין צוטומעלטען פּנים, ווען זי האָט שוין געהאַלטען ביים אָפּשטעלען זיך, — איז גענוג געווען זי זאָל אויף'ם ניי אויסשיסען און נאָך שטאַר־קער ווי פריהער. זי האָט זיך אויפגעהויבען, איז צוגעלאָ־פען צו דער קאַנאַפּע אין אנדערען עק צימער און זיך דאָרט איינגעגראָבען דעם פּנים אין קישען, כדי זיך גוט אויס־צולאַכען; איהר גאַנצער גוף האָט געלאַכט. דער געלעכטער

האָט איהם אויך אָנגעכאַפּט, ער איז צו איהר צוגעקומען און זי גוט־ברודעריש געקלאַפּט אַן דער פּלייצע. נאָכדעם ווי דער געלעכטער איז ביי איהר אריבער, האָט זי אָפּגעאָטעמט, אויסגעווישט די טרערען אין די אויגען און איהם געגעבען ביידע הענט:

— „ניט ערנסט די פּראָנצויזינס?“ — האָט זי אויס־געררופען.

„איהר לאַכט פון מיר“ — האָט ער געזאָגט גוטמוטיג.

זי האָט איהם ליעבליך אָנגעקוקט, און איהם שטאַרק טרייסלענדיג די הענט, געזאָגט:

— „גוטע פריינד?“

„גוטע פריינד!“ — האָט ער געענטפערט, איהר אויך דריקענדיג די האַנט.

— „ער וועט טראַכטען פון קארינעטען ווען זי וועט דאָ ניט זיין? ניט זיין אין כעס אויף איהר וואָס זי איז ניט ערנסט?“

„און זי, קארינעטע וועט ניט זיין אין כעס אויפ׳ן ווילדען טעווטאָנער וואָס ער איז אַזוי נאַריש?“

— „דערפאַר האָט מען דאָך איהם האָלט... עס וועט זי קומען זעהן אין פּאַריז?“

„יאָ, אָפּגעמאַכט... און זי, זי וועט מיר שרייבען?“

— „איך שווער... זאָגט אויך: איך שווער.

„איך שווער.“

— „ניין, ניט אַזוי, מ׳מוז אויפהויבען די האַנט. ער האָט נאָכגעמאַכט די שבועה פון די רוימישע האָראַציער. ער האָט איהר אויך געמוזט צוזאָגען, אַז ער וועט פאַר איהרט־וועגען שרייבען אַ טעאַטער־שטיק, אַ מעלאָדראַמע, וואָס מ׳וועט איבערזעצען אויף פראַנצויזיש און זי וועט שפּיע־

לען אין פּאַריז. זי האָט געדאַרפט אויף מאָרגען אָפּפאָהרען מיט דער טרופּע, ער האָט איהר צוגעזאָגט צו קומען זי זעהן אויף איבערמאָרגען אין פראַנקפורט, וואו זיי האָבען גע־דאַרפט געבען אַ פאָרשטעלונג. זיי זיינען נאָך פאַרבליבען אַ שטיקעל צייט, פּלוידערענדיג. זי האָט קריסטאָף'ן געשאַנקען אַ פאָטאָגראַפיע, וואו מ'האָט זי געזעהן האַלב נאַקעט. פאַר־דעקט בלויז מיט אַ שטיק טול אונטער די אָרעמס. זיי האָבען זיך מונטער צושיידט און זיך געקושט ווי אַ שוועסטער און ברודער. און אין אמת'ן האָט קאָרינע, ווען זי האָט זיך ארומ־געזעהן, אַז קריסטאָף האָט זי האָלט אָבער איז ניט פאַר־ליעבט, איהם אויך ליעב געקראָגען — אָהן ליעבע — ווי מ'האָט ליעב אַ גוטען חבר.

יעדער פון זיי איז דעריבער גאַנץ רוהיג געשלאָפען. ער האָט ניט געקאָנט קומען זיך געזעגנען מיט איהר דעם צוויי־טען פריהמאָרגען, ווייל ער איז פאַרנומען געווען מיט אַ רע־פּעטיציע. דעם קומענדען טאָג האָט ער אָבער אויסגעפיהרט, לויט זיין צוזאָג צו פאָהרען קיין פראַנקפורט. ס'איז געווען אַ רייזע פון אַ צוויי־דריי שטונדען מיט'ן באַהן. קאָרינע האָט ניט שטאַרק געגלויבט אין זיין צוזאָג, ער אָבער האָט עס גע־נומען זעהר ערנסט. און ווען די פאָרשטעלונג האָט זיך אָנ־געהויבען איז ער שוין דאָרט געווען. ווען ער האָט אין אַנטראַקט אָנגעקלאַפּט אָן דער טיר פון איהר טואַלעט־צי־מער, האָט זי ארויסגעלאָזט אַ געשריי פאַר פרייד און איּ־בעראַשונג, און זיך אויף זיין האַלז אַרויפגעוואָרפען אויף איהר געוועהנליך־איבערטריבענעם שטייגער. זי איז איהם באמת דאַנקבאַר געווען פאַר זיין קומען. צו זיין באַדויערען האָבען די רייכע, אינטעליגענטע אידען פון דער שטאָט איהר געשאַנקען זעהר פיעל אויפמערקזאַמקייט; — זיי

האָבען געוואוסט ווי אַפּצושאַצען איהר איצטיגע שעהנקייט און קונפטיגען ערפאָלג. יעדע מינוט האָט מען אַנגעקלאַפּט אין איהר טיר און מענשען מיט שווערע פּנים׳ער און שאַרפע אויגען זיינען אריינגעגאַנגען, רעדענדיג מיט א רוי־האַרטער באַטאָנונג. קאָרינע האָט, נאַטירליך, מיט זיי אַלעמען קאָקע־טירט; דאָן האָט זי מיט דעם זעלבען געקינצעלטען און רייצענדען טאָן גערעדט מיט קריסטאָף׳ן, און דאָס האָט איהם אויפגערעגט. א חוץ דעם האָט ער קיין פאַרגעניגען ניט געהאַט צו זעהן ווי זי טוט זיך אָן פאַר איהם מיט א רוהיגער אומ׳צנוע׳דיגקייט און די פאַרב און די פעטס מיט וואָס זי האָט זיך געשמירט די אָרעמס, די האַלז און דעם פּנים האָבען אין איהם ארויסגערופען א געפיהל פון טיעפען עקעל. ער האָט שוין בדעה געהאַט אוועקצופאָהרען און זי ניט ווידער צו זעהן נאָך דער פאָרשטעלונג; ווען ער האָט זיך אָבער מיט איהר געזעגענט, בעטענדיג זי זאָל איהם ענטשולדיגען וואָס ער קאָן ניט בייוואוינען די וועטשערינקע, וועלכע מ׳האָט באַדאַרפט לכבוד איהר געבען נאָך דעם ארויסגעהן פון טעאַטער, האָט זיך אין איהר באַדוירונג אַזוי פיעל צאַרטקייט און ליעבליכקייט געפיהלט, אַז זיין באַשלוס איז צו־נישט געוואָרען. זי האָט זיך געהייסען ברענגען א באַהן־צייט־טאַבעלע, כדי איהם צו דערוויייזען אַז ער קאָן — אַז ער מוז נאָך פאַרבלייבען א גאַנצע שעה מיט איהר. מעהר האָט ער ניט טאַקע ניט געוואָלט און ער איז געבליבען צום באַנקעט׳ל; און עס האָט זיך איהם אפילו איינגעגעבען ניט ארויסצואוויייזען ווי ער לאַנגווייַלט זיך פון׳ם נאַרישען פּלוי־דערען ארום טיש, — ווי ער ווערט אויפגערעגט פון קאָרינעס קאָקעטירען מיט אַבי וועמען. זי איז געווען א וואויל מיידעל, אָהן א שום מאָראַלישען פּרינציפּ, און דערצו פויל,

תאוה'דיג, א ליעבהאַבעריין פון פארנעניגען און קינדיש קאָ־
קעטיש; זי איז אבער צו דער זעלבער צייט געווען אזוי אי־
בערגעבען און גוט, און אלע איהרע חסרונות זיינען געווען
אזוי נאַיוו און איינפאַך, אז מ'האט בלויז געקאַנט שמייכלען
פון זיי, און זיי כמעט ליעב קריגען. קריסטאָף האָט, זיצענ־
דיג אנטקעגען איהר, באַטראַכט איהר פארפלאַמטען פנים,
איהרע שטראַלענדע, שעהנע אויגען, איהרע פליישיגע ליפען
מיט'ן איטאַליענישען שמייכעל — דער שמייכעל איז וועל־
כען מ'זעהט גוטסקייט, שארפזין און א מין גראָבע זשעד־
נעקייט. ער האָט זי געזעהן פיעל בעסער און קלאָרער ווי ביז
דאַמאָלסט. געוויסע געזיכטס־צוגען האָבען איהם דערמאָנט
אַן אדאַ'ן, געוויסע זשעסטען, געוויסע בליקען, געוויסע קער־
פערליכע באַוועגונגען און גראָבליכע קונצען: — אַן דעם
אייביג ווייבליכען. געפעלען אבער איז איהם אין איהר דער
פּראָדוקט פון דער דרום־נאַטור, די פרייע, ברייטע נאַטור
וואָס שפּאָרט ניט איהר מתנות, וואָס גיט מיט דער פולער
מאָס, וואָס פארווייזט זיך ניט אין שאפען סאלאָן־שעהנקייט
און ביכער־אינטעליגענץ, נאָר הארמאָנישע באַשעפענישען
מיט א קערפּער און גייסט וואָס לעבען־אויף פון לופט און
זונען־ליכט. ביי זיין אוועקגעהן האָט זי זיך אויפגעהויבען
פון טיש, כדי זיך צו געזעגענען מיט איהם ניט פאַר אַלעמען
אין די אויגען. זיי האָבען זיך ווידער געקושט און ארומ־
גענומען און באַנייט זייער צוזאָג זיך צו שרייבען און ווידע־
דער זעהן.

ער האָט זיך ארויפגעזעצט אויפ'ן לעצטען צוג אהיימ־
צו פאָהרען. אויפ'ן וועג ביי א וואַקזאַל איז געשטאַנען דער
צוג וואָס איז געקומען פון דער אַנדערער זייט. פּונקט אין
דעם וואַגאָן אנטקעגען איהם—אין א דריטען קלאַס וואַגאָן—

האָט ער געזעהן די פּראָנצויזין וואָס איז מיט איהם געוועזן ביי דער פאַרשטעלונג פון  ה א מ ל ע ט.  זי האָט אויך געזעהן קריסטאָף'ן און איהם דערקענט.  ביידע זיינען גע־וועזן פאַרוואונדערט.  זיי האָבען זיך שטילשווייגענד באַ־גריסט און געבליבען זיצען אומבאַוועגליך, ניט וואַגענדיג צו קוקען איינער אויפ'ן אַנדערען. אונטערדעסען האָט ער באַ־מערקט, אַז זי טראָגט אַ קליינע רייזע־הוט, און האָט אַ רענצעל נעבען זיך.  ס'איז איהם ניט איינגעפאַלען, אַז זי פאַרלאָזט דייטשלאַנד. ער האָט ניט געוואוסט, צי ער דאַרף מיט איהר רעדען. ער האָט זיך געקווייקעלט, באַטראַכט אין קאָפּ וואָס ער זאָל איהר זאָגען. פּלוצלונג, בעת ער האָט שוין געהאַלטען ביים אַראָפּלאָזען דאָס וואַגאָן־פענסטער, האָט ער געהערט דעם סיגנאַל, אַז דער צוג פאָהרט אָפּ. ער איז גע־בליבען זיצען שטיל. עטליכע רגעות זיינען פאַרביי, איידער דער צוג האָט זיך גערוהרט.  זיי האָבען זיך גוט אָנגעקוקט, יעדער פון זיי איז געוועזן אַליין אין וואַגאָן, מיט די פּנים'ער צו די פענסטער, איינגראָבענדיג דורך דער פינסטערניש די בליקען איינער אין דעם אַנדערען. אַזוי נאָהענט. אַזוי ווייט. די וואַגאָנען האָבען זיך שווער אַ טרייסעל געטאָן. ביים אָפּ־פאָהרען האָט זי זיך שוין ניט געשעהמט און אַלץ געקוקט אויף איהם. זיי זיינען ביידע אין דעם אַזוי פאַרטיפט גע־וועזן, אַז ס'איז זיי גאָר ניט איינגעפאַלען זיך צו באַגריסען צום לעצטען מאָל.  זי האָט זיך לאַנגזאַם דערווייטערט; ער האָט געזעהן ווי זי פאַרשווינדעט, ווי דער צוג וואָס פיהרט זי רייסט זיך דורך דער נאַכט. ווי צוויי וואַנדערענדע פּלאַ־נעטען זיינען זיי אויף אַ רגע פאַרביי איינער נעבען אַנדערען, אין דעם אומענדליכען רוים, און זיך דערנאָך ווידער דער־ווייטערט — אויף אייביג אפשר.

דער צוג איז מיט איהר אוועק. ער האָט דערפיהלט די פוסטקייט וואָס איהרע אומבאַקאַנטע אויגען האָבען אין איהם געלאָזען. ער האָט ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס: אָבער די פוסטקייט איז דאָרט געלעגען. דרעמלענדיג, מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגען און אָנגעשפּאַרט אַן ווינקעל פון וואַגאָן, האָט ער ווי געפיהלט אויף זיינע אויגען די באַריהרונג פון איהרע אויגען; אַלע אַנדערע געדאַנקען זיינען ווי שטיל געבליבען, כדי ער זאָל דאָס בעסער דערפיהלען. קאַרינעס געשטאַלט האָט געפלאַטערט אַרום זיין האַרץ ווי אַ פויגאַלע אין דרויסען אַרום אַ פענסטער; — ער האָט עס אָבער ניט אַריינגעלאָזען.

די געשטאַלט האָט נאָך פאַר איהם געשוועבט ביים אָנ־קומען, ביים אַרויסגעהן פון וואַגאָן, ווען די פרישע נאַכט־לופט און זיין געהן איבער די גאַסען פון דער אַנטשלאָפענער שטאָט האָבען איהם דערוואַכט. ער האָט געשמייכעלט, זיך דערמאָנענדיג אַן דער ליעבליכער אַקטריסע. ער האָט גע־טראַכט מיט פאַרגעניגען פון איהרע ליעבליכע צאַרט־האַר־ציגע מאַניערען, מיט כעס געטראַכט פון איהר וואָלגאַרער קאָקעטסטוואָ.

— מאָדנע מענשען, די פראַנצויזען! — האָט ער גע־מורמעלט מיט אַן איינגעהאַלטענעם געלעכטער, זיך שטיל אויסטאָענדיג, כדי ניט אויפצוּוועקען זיין מאַמע, וואָס איז געשלאָפען אין דערבייִגען צימער.

אַ וואָרט וואָס ער האָט געהערט אין דער לאָזשע מיט אַ פּאָר אָבענטען פריהער, איז איהם געקומען אויף דער מחשבה:

— פאַראַן אַנדערע אויך.

פונ׳ם ערשטען באַגעגניש מיט פראַנקרייך, איז די רע־

טעניש פון איהר צווייפאכען כאראקטער פאר איהם ערשי־
נען. אבער ווי אלע דייטשען האָט ער זיך אויך ניט געקי־
מערט דאָס צו דערגעהן ביז'ן גרונט. ער האָט דוהיג איבער־
גע'חזר'ט, טראַכטענדיג פון דער מיידעל אין וואגאָן: —
זי זעהט ניט אוים ווי א פראַנצויזין.

ער האָט ניט פארשטאַנען, אז א דייטש ווייסט ניט וואָס
עס איז יאָ און וואָס עס איז ניט פראַנצויזיש...

ווי עס זאָל ניט זיין, אַ פּראַנצויזין, אָדער ניט — זי איז איהם פון דער מחשבה ניט ארוים. אין מיטען דער נאַכט האָט ער זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ קלעמעניש אין האַרצען. ער האָט זיך נאָר־וואָס דערמאָנט אָן דעם רענצעל וואָס איז אין וואַגאָן געלעגען אויף דער באַנק נעבען דער מיידעל; און פּלוצלונג איז איהם דער געדאַנק דורכגעפלויגען, אַז זי איז אויף אייביג אַוועק. אין אמת'ן איז איהם אָט דער גע־דאַנק באַלד איינגעפאַלען. ער האָט זיך אָבער דאַן אויף איהם ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט געהויבען די אַקסלען מיט אַ מאָדנעם אומעט און זיך געטראַכט:

— נו, וואָס מאַכט עס מיר אוים? ס'איז ניט מיין עסק.

ער איז ווידער איינגעשלאָפען.

אויף מאָרגען איז דער ערשטער מענש וועמען ער האָט באַגעגענט געווען מאַנהיים. ער האָט קריסטאָף'ן גערופען „בליכער" און איהם געפרעגט, צי ער האָט בדעה צו ערא־בערען גאַנץ פראַנקרייך? פון אָט דעם פּלוידערזאַק האָט ער זיך דערוואוסט, אַז די מעשה מיט דער לאָזשע האָט געמאַכט אַ פוראָר — אַ גרעסערען נאָך ווי מאַנהיים האָט ווען עס איז דערוואַרטעט.

— „אַ שעהנעם דאַנק דיר! אַ שעהנעם דאַנק דיר! דו ביסט אַ זשעני. איך בין אַ גאָרניט אַנטקעגען דיר."

„וואָס האָב איך אַזוינס געטאָן?" — האָט קריסטאָף געפרעגט.

— „דו ביסט אַ וואונדערבאַרער מענש!" — האָט

מאַנהיים ווייטער געזאָגט — „איך בין דיר מקנא. צוצוקוקן־
מען די לאָזשע ביי די גרינבאומס און נאָך דערצו איינצו־
לאַדן אויף זייער פּלאַץ זייער אייגענע לעהרעריןן — דאָס...
דאָס איז אמת'דיג געניאַל... ס'וואָלט מיר גאָר קיינמאָל ניט
איינגעפאַלען !...״

„דאָס איז געווען די גרינבאומס לעהרערין ?״ — האָט
קריסטאָף, א צוטומעלטער, אויסגערופען.

— „נו, יאָ, מאַך זיך כלומר'שט ניט וויסענדיג, שפּיעל
די ראָלע פון'ם נאַיווען בחור'ל... פּאַפּאַ איז אויסער זיך פון
כעס, און די גרינבאומס ווערען פּשוט משוגע !... קיין סך
האָט עס ניט גענומען : זיי האָבען די מיידעל באַלד ארויס־
געיאָגט...״

„וואָס !״ — האָט קריסטאָף אויסגעשריען, — „זי האָט
פאַרלאָרען איהר שטעל ?... פאַרלאָרען צוליעב מיר ?״

— „דו האָסט עס ניט געוואוסט ?״ — האָט מאַנהיים
געענטפערט, — „זי האָט עס דיר ניט דערצעהלט ?״

קריסטאָף איז געוואָרען א פאַרצווייפעלטער :

„נעהם עס ניט אַזוי ערנסט ! עס דיר ניט אָפּ דאָס
האַרץ !״ — האָט מאַנהיים געזאָגט. — „ס'איז ניט אַזאַ
וויכטיגער עסק. און, נאָך אַלעמען, פאַרשטעהסטו דאָך, אז
די גרינבאומס וואָלטען פריהער אָדער שפּעטער זיך דער־
וואוסט, אז...

— „וואָס ?״ — האָט קריסטאָף אויסגעשריען — „זיך
דערוואוסט וואָס ?

„וואָס ? — אז זי איז דיין מעטרעסע !״

— „איך קען זי אפילו ניט ; איך וויים ניט ווער זי
איז.

מאַנהיים האָט א שמייכעל געטאָן, ווי איינער רעדט :

„דו האָלסט מיך הפנים פאַר א גרויסען נאַר!"

קריסטאָף איז אין כעס געוואָרען און מיט שטאָלץ באַפוילען מאַנהיימ'ען, אַז ער מוז איהם גלויבען. מאַנהיים האָט געענטפערט.

— „אויב אַזוי איז די זאַך נאָך מאָדנער, נאָך קאָמישער."

קריסטאָף איז שטאַרק אויפגערעגט געווען, געזאָגט אַז ער וועט געהן זעהן די גרינבאָומס, זיך מיט יי אויס'טענה'ן, און ריינוואַשען די מיידעל. מאַנהיים האָט איהם דערפון אָפגערעדט:

„מיין ליעבער קריסטאָף" — האָט ער זיך צו איהם אָפּגערופען — „וואָס דו זאָלסט זיי ניט זאָגען, וועט זיי דאָס נאָך מעהר דערווייזען, אַז זיי האָבען רעכט. און סיי־ווי־סיי איז די זאַך שוין פאַרפאַלען. די מיידעל איז דאָך שוין ווייט פון דאַנען".

קריסטאָף האָט מיט א ביטערן און שטאַרק־פאַרטרויערטען האַרצען געזוכט צו דערגעהן א שפּור פון דער יונגער לעהרערין. ער האָט איהר געוואָלט שרייבען, בעטען זי זאָל איהם מוחל זיין. קיינער האָט אָבער פון איהר ניט געוואוסט. די גרינבאָומס — צו וועמען ער האָט זיך געווענדט — האָבען איהם משלח געווען. זיי האָבען אויך ניט געוואוסט, וואוהין זי איז אַוועק, און זיך אין דעם ניט אינטערעסירט.

דער געדאַנק, אַז פון דער טובה איז גאָר אַרויס א רעה האָט קריסטאָף'ן געמאַטערט. ס'איז געוואָרען א שטענדיגער געוויסענס־ביס. דערצו איז נאָך צוגעקומען דער געהיימניס־פולער רייץ פון איהרע פאַרשוואונדענע אויגען, וואָס האָבען אויף איהם שטיל אָפּגעשיינט. דער לעבענס־שטראָם און די נייע מחשבות האָבען פון אויבענאויף ווי פאַרדעקט און

צו־נישט געמאכט דעם רייץ און די געוויסענס־ביסען; טיעף ביי איהם אין הארצען אבער האבען זיי געלעבט. קריס־טאָף האָט ניט פארגעסען די, וועמען ער האט גערופען „זיין קרבן‟. ער האָט זיך געשווארען, זי נאָך אמאָל צו זעהן. און כאָטש ער האט געוואוסט, אז ער האָט דערצו ווייניג־וואס מעגליכקייטען, איז ער דאָך זיכער געווען, אז ער וועט זי נאָך אמאָל זעהן.

וואס אנבאלאנגט קארינען, — האט זי קיינמאָל ניט געענטפערט אויף די בריעף, וואס ער האט איהר געשריבען. ערשט אין דריי חדשים ארום, ווען ער האט שוין פון איהר גארינט ערווארט, האט ער פון איהר דערהאלטען א דעפעש פון פערציג ווערטער, וואו זי האט זיך אויף איהר שטייגער צולאָזט, איהם אָנגערופען מיט אלע ליעבליכע פאמיליארנע נעמען און איהם געפרעגט: „צי מ'האט זיך נאָך אלץ ליעב?‟ דאָן, — קיין איין ווארט א גאנצען יאהר; און פלוצלונג— א קורץ בריוועל, מיט איהר גרויסער, קינדערשער און פאר־דרעהטער האנט־שריפט, אין וועלכען זי האט כלומר'שט גע־וואלט שפיעלען די ראלע פון דער גרויסער דאמע, — א פאָר ליעבליכע, קאָמישע ווערטער, — און דערביי איז זי געבלי־בען. זי האָט אָן איהם ניט פאָרגעסען; זי האט אבער קיין צייט ניט געהאט צו טראכטען פון איהם.

קאַרינעס רייצענדיג געשטאַלט האָט פאַר קריסטאָף'ן נאָך געשוועבט ; ער איז פול געווען מיט די געדאַנקען, וואָס זיי האָבען אויסגעטוישט איבער קונסט און געטרוימט פון שרייבען די מוזיק פאַר א טעאַטער־שטיק, וואו קאַרינע זאָל שפּילען און זינגען א פּאָר ליעדער, — א מין פּאָעטישע מעלאָדראמא. דער זשאַנר פון קונסט וואָס איז אמאָל אַזוי באַליעבט געווען אין דייטשלאַנד און איז שטארק באוואונדערט געווען פון מאָצאַרט'ן און פּראַקטיצירט געוואָרען פון מענדעלזאָהן, שומאן, בעטהאָווען, וועבער, פון אלע גרויסע קלאַסיקער — איז אין גאַנצען געפאלען זינט דער וואַגנעריזם, וועלכער האָט באַהויפּטעט, אז ער האָט געפונען די באַשטימטע מוזיק און ביהנע פּאָרמולע, האָט טריומפירט. די וואַגנער־פּעדאַנטען האָבען זיך ניט צופּרידענגעשטעלט מיט דעם וואָס זיי האָבען ארויפגעצוואונגען זייער סטיל אויף יעדער נייער מעלאדראמא. זיי האָבען נאָך געוואָלט איבעראַנדערשען, איבערקליידען אלע פריהעריגע מעלאָדראמאס און אַפּעראס. זיי האָבען אפּגעווישט יעדען שפּור פון דעם גערעדטען דיאַלאָג, און געשריבען פּאר מאָצאַרט, בעטהאָווען אדער וועבער, רעציטאַטיווען אויף זייער אייגענעם שטייגער. ארויף לעגענדיג מיט א פרומער מינע זייער שמוץ אויף די מייסטער־ווערק, זיינען זיי איבערצייגט געווען, אז זיי פּאַרגרעסערען דעם רוהם פון די גרויסע מייסטער, אז זיי פּארפאָלקאָמען זייערע געדאַנקען.

קריסטאָף, וועלכער האָט, א דאנק קאָרינעס קריטיק, בעסער דערפיהלט די שווערקייט, די האמעטנעקייט און

אפּט די מיאוסקייט פון די וואַגנערישע דעקלאַמאַציעס, האָט זיך שוין אַ צייט לאַנג געשטעלט די פראַגע: צי דאָס צו־נויפבינדען און צונויפשפּאַנען פון דעם „גערעדטען" דיאַ־לאָג און דעם געזאַנג איז ניט אַן אומזין, אַן אומנאַטירליכע זאַך? דאָס וואָרט און דער געזאַנג האָבען דאָך באַזונדערע ריטמען. מ'קאָן נאָך פאַרשטעהן, אַז אַ קינסטלער זאָל צו־ליעב איין קונסט — וואָס איז איהם ליעבער — מקריב זיין די אַנדערע; אָבער צו זוכען אַ קאָמפּראָמיס צווישען זיי, מיינט דאָך ביידע מקריב צו זיין: דאָס מיינט וועלען, אַז דאָס וואָרט זאָל מעהר קיין וואָרט ניט זיין, און דער געזאַנג — קיין געזאַנג ניט; אַז מען וויל אריינשפּאַרען דעם גרויסען געזאַנג־שטראָם אין אַ מאַנאָטאָנעם קאַנאַל; באַ־וואָרפען די שעהנע נאַקעטע גלידער פונ'ם וואָרט מיט שווע־רע, רייכע שטאָפען, וואָס זאָלען פּאַראַליזירען זייערע זשעס־טען און באַוועגונגען. פאַרוואָס ניט לאָזען ביידע זייערע נאַ־טירליכע, אינסטינקטיווע, פרייע באַוועגונגען? — פּונקט ווי אַ שעהנע מיידעל, וואָס געהט זיך מונטער, מיט אַן עלאַס־טישען טריטביים ברעג פון אַ טייכעל: דאָס פרייליכע מורמ־לען פונ'ם וואַסער פאַרוויגט איהרע חלומות, און, אומבאַ־וואוסט, בּיסלאַכוויין, פאַלט דער ריטם פון איהרע טריט און געדאַנקען אין איינקלאַנג מיט'ן טייכעל'ס געזאַנג.

און אזוי וועלען די מוזיק און די פּאָעזיע, ביידע פריי, געהען איינע נעבען דער אַנדערער חלומ'ענדיג, צונויפגיי־סענדיג זייערע חלומות. — נאַטירליך, ניט יעדע מוזיק האָט געטויגט פאַר דער פאַראייניגונג, און ניט יעדע פּאָעזיע. די געגנער פון מעלאָדראַמע זיינען מיט רעכט ארויסגעטראַטען געגען די גראָבע פּראָבעס, וואָס מ'האָט ביז דאַמאָלסט גע־מאַכט און געגען די דאַרשטעלער. קריסטאָף האָט אַ לאַנגע

צייט אויך געהאַט דיזעלבע געגנערישע שטעלונג. די טעמפּע
נאַרישקייט פון די אַקטיאַרען, וואָס האָבען דעקלאַמירט די
רעציטאַטיווען מיט אַן אינסטרומענט־אַקאָמפּאַנימענט, זיך
ניט קימערענדיג נאָכצופאָלגען דעם אַקאָמפּאַנימענט און
צונויפצוגיסען זייער שטים מיט׳ן אַקאָמפּאַנימענט, נאָר,
פאַרקעהרט, זיך אַנשטרענגענדיג מ׳זאָל בלויז זיי הערען—
האָט געמוזט אויפרייצען און גרילצען אין יעדען מוזיקאַלי־
שען אויער. זינט ער האָט אָבער געהערט קאָרינעס האַרמאָ־
נישע שטים — די פליסענדיגע און ריינע שטים, וואָס האָט
דורכגעשטראַלט דורך די מוזיק, ווי אַ ליכט־שטראַל דאָס
וואַסער, וואָס האָט אַרומגענומען די קאָנטורען פון דער מע־
לאָדישער פראַזע און זי געמאַכט פליסענדיגער און פרייער
האָט ער פּלוצלונג דערזעהען די שעהנקייט פון אַ נייער קונסט.
אפשר האָט ער רעכט געהאַט; ער האָט אָבער ניט גע־
האָט גענוג ערפאַרונג זיך איינצולאָזען אָהן געפאַר אין
דעם מוזיק־זשאַנר, וואָס — אויב מ׳וויל ער זאָל זיין שעהן
און באמת קינסטלעריש — איז דער שווערסטער פון אַלע
אַנדערע. אַט דער קונסט־צווייג פאָדערט באַזונדערס איין
הויפּט־באַדינג: אַ פאָלקאָמע האַרמאָניע צווישען די קונסט־
שטרעבונגען פונ׳ם דיכטער, פונ׳ם מוזיקער און פון די אַק־
טיאָרען. — קריסטאָף האָט זיך וועגען דעם ניט געזאָרגט:
ער האָט זיך בלינד אַריינגעוואָרפען אין אַן אומבאַקאַנטען
קונסט־זשאַנר, פון וועלכען נאָר ער אַליין האָט געוואוסט,
אָדער געפיהלט די גרונד־רעגלען.

זיין גאָר ערשטער געדאַנק איז געווען צו באַקליידען
מיט מוזיק אַ פעען־פאַנטאַזיע פון שעקספּיר אָדער איין אַקט
פון צווייטען טייל פון פאַוסט. די טעאַטערס זיינען אָבער
ווייניג־וואָס געניינט געווען צו מאַכען אַזאַ פּראָבע — דער־

צו וואַלט עס געווען אַ צו טייערע פּראָבע און זי האָט די דיר־
רעקטאָרען פּשוט אויסגעזעהן נאַריש. אַלע האָבען צוגעגעבען
און געגלויבט אין קריסטאָף'ס קאָמפּעטענץ אין מוזיק;
אָבער דאָס, וואָס ער ערלויבט זיך צו האָבען אייגענע באַ־
גריפען איבער דער פּאָעזי און טעאַטער, האָט ביי זיי אַלע־
מען ארויסגערופען אַ שמייכעל: מ'האָט איהם ניט גענומען
ערנסט. די מוזיק־וועלט און די פּאָעזיע־וועלט זיינען געווען
ווי צוויי פרעמדע און געהיים־פיינדליכע מלוכות. כדי אריינ־
צודרינגען אין דער פּאָעטישער מלוכה האָט קריסטאָף גע־
מוזט האָבען אַ פּאָעט אַלס מיטאַרבייטער; און מען האָט
איהם ניט געלאָזט ער זאָל זיך אַליין אויסקלייבען דעם פּאָעט.
ער וואָלט זיך דאָס אַליין אויך ניט ערלויבט; ער האָט קיין
צוטרויען ניט געהאַט צו זיין אייגענעם געשמאַק אין פּאָ־
עזיע. מ'האָט איהם איינגערעדט, אַז ער פאַרשטעהט ניט
קיין פּאָעזיע, און אין אמת'ן האָט ער טאַקע ניט פאַרשטאַנען
די פּאָעזיע, וואָס אַלע ארום איהם האָבען באַוואונדערט. מיט
זיין געוועהנליכער ערליכקייט און עקשנות האָט ער טייל־
מאָל זיך שטאַרק אנגעשטרענגט דורכצופיהלען די שעהנקייט
פון אַ טייל פון די דאָזיגע פּאָעטישע ווערק; ער איז אָבער
אַלע מאָל ארויס ווי אַ צוטומעלטער און פאַרשעמטער:
ניין, קיין פּאָעט איז ער זיכער ניט געווען. אין אמת'ן האָט
ער ליידענשאַפטליך ליעב געהאַט געוויסע אַמאָליגע פּאָע־
טען; און דאָס האָט איהם אביסעל געטרייסט. נאָר מסתמא
האָט ער זיי ניט ליעב געהאַט ווי עס באַדאַרף צו זיין. האָט
ער דען איין מאָל ניט אויסגעדריקט דעם משונה'דיגען גע־
דאַנק, אַז דער גרויסער דיכטער בלייבט גרויס אפילו ווען מען
איבערזעצט איהם אין פּראָזע, און אפילו אין דער פּראָזע
פון אַ פרעמדער שפּראַך און אַז דער ווערט פון די ווערטער

שטעהט ניט העכער ווי די נשמה פון דעם וואָס דריקט זיי
אוים? זיינע פריינד האָבען פון איהם דאָך געמאַכט מאַ־
היים האָט איהם געזאָגט, אַז ער האָט אַ קדעכאַדישע נשמה,
און ער האָט זיך ניט געבראוכט פאַרטיידיגען. זעהענדיג
טאָג־טעגליך ווי ליטעראַטען רעדען וועגען מוזיק און דאָס
ליבערליכע דערפון, האָט ער אָנגענומען — כאָטש מיט אין
האַרצען האָט ער געצווייפעלט — אַז ער איז אומקאָמפּע־
טענט אין פּאָעזיע. און מיט פאַרמאַכטע אויגען געגלויבט די,
וועלכע זיינען לויט זיין מיינונג געווען מעהר באַהאַווענט
אין דער פראַגע. דערפאַר האָט ער טאַקע געלאָזט זיינע
פריינד פון דער צייטשריפט אויף איהם אַרויפצווינגען אַ
געוויסען סטעפאַן פאָן העלמוט, אַ פּאָעט פון דעם דעקאַדענ־
טישען חדר, וועלכער האָט איהם געבראַכט אַן ע פּ י ג ע־
נ י ע, געשריבען אויף זיין שטייגער. צו יענער צייט האָ־
בען די דייטשע פּאָעטען — (פונקט ווי זייערע קאָלעגען אין
פראַנקרייך) — געהאַלטען אין איבערמאַכען אַלע גריכישע
טראַגעדיעס. סטעפאַן פאָן העלמוט'ס ווערק איז געווען איי־
נע פון די מאָדנע גריכיש־דייטשע טעאַטער־שטיק, וואו
מ'האָט צונויפגעמישט איבסען מיט האָמער'ן, מיט אָס־
קאַר ווייל[ד] — און דערצו נאָך, זעלבסטפאַרשטענדליך, אַ
פּאָר טעקסט־ביכער איבער אַרכעאָלאָגיע. אַגאַמעמנאָן איז
געווען אַ נערוואַסטעניקער און אַכילעס אַן אומפעהיגער...
זיי האָבען זיך געהאַלטען אין איין באַקלאָגען אויף זייער
אומגליק און דערביי זיינען זיי געבליבען מיט זייע׳ע גע־
שרייען. די גאַנצע קראַפט פון דער דראַמאַ איז קאָנצענט־
רירט געווען אויף עפיגעניע'ס ראָלע, — אַ נערוועזע, היס־
טערישע און פּעדאַנטישע עפיגעניע, וועלכע האָט מוסר גע־
זאָגט די העלדען, מיט כעס דעקלאַמירט, אַנטפּלעקט פאַר'ן

פובליקום איהר ניטשיאַנישען פעסימיזם, — און בענקענדיג נאָכ'ן טויט, זיך אַליין דערוואַרגען מיט אַ הילכיגען געלעכ־טער...

אַט דער מין פּרעטענציעזע, דעגענערירטע כלומרשט גריכישע ליטעראַטור איז געווען אין אַבסאָלוטען ווידערשפּרוך מיט קריסטאָף'ס גייסט. אַרום איהם האָט מען אָבער געשריען, אַז דאָס איז אַ מייסטער־ווערק. ער איז אַ שווינדלינג געוואָרען און זיך געלאָזט איבעררעדען. אין אמת'ן האָט די מוזיק אין איהם געשטורמט און ער האָט דערפון מעהר געטראַכט ווי פון'ם טעקסט. דער טעקסט איז בלויז פאַר איהם געווען אַ מיטעל ווי אויסצודריקען, צוברייטען דעם שטראָם פון זיינע ליידענשאַפטען. ער האָט אין זיך קיין אַהנונג ניט געהאַט פון דער אינטעליגענטער אָביעקטיוויטעט און זעלבסט־פאַרלייקענונג, וועלכע זיינען נויטיג פאַר דער מוזיקאַלישער דאַרשטעלונג פון אַ פּאָעטיש ווערק. ער האָט דאָס אָבער ניט געוואָלט מודה זיין. אַ חוץ דעם האָט ער זיך פון דער פּאָעמע געשאַפען אַ פאַלשע אילוזיע: ער האָט דערין געזעהן וואָס איהם האָט זיך געוואָלט, — פּונקט ווי ער פלעגט בעת זיין קינדהייט זעהן ניט דאָס שטיק וואָס מען האָט געשפּיעלט אויף דער ביהנע, נאָר דאָס וואָס ער האָט זיך אין מח פאַרגעשטעלט

ערשט בעת די רעפּעטיציעס האָט ער זיך אַרומגעזעהן וואָס די פּאָעמע מיינט אייגענטליך. אין אַ געוויסען טאָג, בשעת ער האָט זיך צוגעהערט צו אַ סצענע, האָט איהם דאָס ווערק אויסגעזעהן אַזוי נאַריש, אַז ס'האָט זיך איהם געדוכט אַז די אַקטיאָרען צוקאַליעטשען עס. ער האָט דערביי געגר־מען זיי ערקלערען ווי אַזוי מ'דאַרף דאָס שפּיעלען — און ניט נאָר זיי, נאָר דעם דיכטער אַליין אויך, כאָטש יענער האָט

זיך אָנגענומען פאַר די אַקטיאָרען. דעם פּראָפעסאָר האָט עס פאַרדראָסן. און ער האָט מיט אַ בייסענדען טאָן געזאָגט, אַז ער ווייסט מסתמא וואָס ער האָט געוואָלט שרייבען. קריסטאָף איז ניט אָפּגעשטאַנען און גע'טענה'ט מיט העל־מוט'ן, אַז ער ווייסט ניט. דער געלעכטער פון אַלעמען אַרום האָט איהם געוויזען, אַז ער מאַכט זיך לעכערליך. ער איז שטיל געבליבען, צוגעבענדיג אַז נאָך אַלעמען זיינען דאָך די פּערזען ניט זיינע. דאַן האָט ער דערזעהן די געוואַלטיגע ווערטלאָזיגקייט פון דעם טעאַטער־שטיק און איז דערפון ווי דערשלאָגען געבליבען. ער האָט זיך געשטעלט די פראַגע: ווי אַזוי האָט ער געקאָנט אַזאַ טעות מאַכען? ער האָט זיך גערופען „אידיאָט", און זיך ממש אויסגעריסען די האָר. ער האָט געפּרואווט זיך באַרוהיגען, איבער'חזר'ענדיג אין זיך: „דו פאַרשטעהסט ניט די זאַך: ס'איז ניט דיין עסק. דו גיב זיך נאָר אָפּ מיט דער מוזיק!" — ער האָט זיך אָבער אַזוי געשעהמט מיט די נאַרישע שטעלען, מיט דעם פּרעטענציע־זען פּאַטאָס, מיט דער בולט'ער פאַלשקייט פון די ווערטער. מיט די זשעסטען און העוויות, אַז צייטענווייז האָט ער, ביים דיריגירען דעם אָרקעסטער, געפיהלט, אַז ער האָט ניט קיין כח אויפצוהויבען דאָס שטעקעל; ער האָט זיך ווי געוואָלט באַהאַלטען אין דעם סופליאָר'ס קעסטעל. ער איז געווען צו אָפּענהערציג, ניט גענוג פּאָליטיקער און ניט געקאָנט פאַר־מאַסקירען זיינע געדאַנקען. יעדער האָט געזעהן וואָס ער טראַכט: זיין פריינד, די אַקטיאָרען און דער פּראָפעסאָר העלמוט האָבען איהם מיט אַ שעלמישען שמייכעל געפרעגט:

— „דאָס האָט אייך ניט דאָס גליק ביי אייך נושא־חן צו זיין?"

קריסטאָף האָט איהם איינפאַך געענטפערט:

„דעם אמת גערעדט, ניין. איך פאַרשטעה ניט."

— „האָט איהר עס ניט געלייענט, בעת איהר האָט דער־צו געשריבען די מוזיק?"

„יאָ," — האָט קריסטאָף נאַיוו געענטפערט. — „כ'האָב אָבער אַ טעות געהאַט. כ'האָב אַנדערש פאַרשטאַנען."

— „אַ שאָד וואָס איהר האָט אַליין ניט געשריבען דאָס וואָס איהר האָט פאַרשטאַנען!"

„אַה! ווען איך זאָל קאָנען!" — האָט קריסטאָף גע־זאָגט.

דעם דיכטער האָט דאָס פאַרדראָסען און אום זיך נוקם צו זיין, האָט ער קריטיקירט די מוזיק. ער האָט זיך באַ־קלאָגט, אַז זי איז צו שווער, אַז זי דערשטיקט די פערזען.

אויב דער דיכטער האָט דעם מוזיקער ניט פאַרשטאַנען און דער מוזיקער ניט דעם דיכטער, האָבען אָבער די אַקטיאָ־רען ביידע ניט פאַרשטאַנען, און דאָס האָט זיי ווייניג־וואָס געאַרט. זיי האָבען נאָר געזוכט פראַזען דאָ און דאָרט וואו אויסצודריקען זייערע געוועהנליכע עפעקטען. ס'איז ביי זיי גאָר קיין פראַגע ניט געווען פון צו פּאַסען די דעקלאַמאַ־ציע צו דעם געבוי פון דעם שטיק און צום מוזיקאַלישען ריטם: זיי זיינען געגאַנגען אין איין זייט און די מוזיק אין אַן אַנדערער. ס'האָט אויסגעזעהן אַז זיי זינגען כסדר אין אַ פאַלשען טאָן. קריסטאָף האָט דערביי געקריצט מיט די ציין און איז הייזעריג געוואָרען שרייענדיג צו זיי די ריכטיגע טענער. זיי האָבען איהם געלאָזען שרייען און ווייטער רו־היג געזונגען: זיי האָבען אפילו ניט פאַרשטאַנען וואָס ער וויל פון זיי.

קריסטאָף וואָלט די גאַנצע זאַך געווען אָפּגעלאָזען, ווען ניט די פיעלע רעפּעטיציעס וואָס מ'האָט שוין ביז דאַן גע־

מאַכט און די מורא פאַר א פּראָצעס. מאַנהיים, וועמען ער האָט פאַרטרויט זיין אומצופרידענהייט, האָט פון איהם אָפּגעלאַכט:

— „וואָס איז?“ — האָט ער געפרעגט — „ס'געהט גאַנץ גוט. אי וואָס, איהר פאַרשטעהט זיך ניט איינער דעם אַנדערען! נו, וואָס מאַכט עס אויס? ווער פאַרשטעהט דען א צווייטענ'ס ווערק א חוץ דעם פאַרפאַסער? — און אויב ער פאַרשטעהט עס, איז נאָך אויך גוט!...“

קריסטאָף האָט געליטען פון דער פוסטקייט און טעמפּקייט פון דער פּאָעמע און געזאָגט, אז דורך דעם וועט זיין מוזיק אויך ניט אויסנעהמען. מאַנהיים האָט טאַקע איינגעשטימט, אז די פּאָעמע איז נאַריש, און אז העלמוט איז א גולם, אָבער דאָס האָט איהם ווייניג־וואָס געאַרט: מען האָט ביי איהם אין הויז גוט פאַרבראַכט און ער האָט געהאַט א שעהנע פרוי. וואָס נאָך האָט די קריטיק באַדאַרפט?

קריסטאָף האָט געהויבען די אַקסלען און געזאָגט, אז ער האָט ניט קיין צייט צו הערען נאַרישקייטען.

— „דאָס איז ניט קיין נאַרישקייטען!“ — האָט מאַנהיים געזאָגט — „אַט האָסטו מיר די וואוילע עהרליכע מענשען! זיי האָבען גאָר קיין באַגריף ניט פון דעם וויכטיגסטען אין לעבען.“

און ער האָט קריסטאָף'ן אַן עצה געגעבען ער זאָל זיך ווייניגער אָפּגעבען מיט העלמוט'ס עסקים און טראַכטען בעסער פון זיינע אייגענע. ער האָט איהם אויך דערמאַנט, אז ער זאָל ניט פאַרגעסען צו מאַכען א ביסעל רעקלאַמע. קריסטאָף האָט זיך דערפון מיט כעס אָפּגעזאָגט. צו א רעפּאָרטער וואָס איז געקומען איהם אינטערוויוארען מכח זיין לעבען האָט ער געזאָגט צאָרנדיג:

— „דאָס געהט אייך ניט אָן!“

און ווען מ׳האָט ביי איהם געבעטען זיין פאָטאָגראַפיע פאַר אַ מאָנאַט־שריפט, איז ער אויפגעשפּרונגען פון כּעס, און אויסגעשריען, אַז ער איז אַ דאַנקען גאָט, ניט קיין קייזער. וואָס ער זאָל דאַרפען ווייזען זיין בילד די פאַרביייגעהער. — ער האָט ניט געענטפערט אויף די איינלאַדונגען וואָס ער האָט געקראָגען; און ווען ער האָט שוין דורך אַ צופאַל איינע אָנגענומען, האָט ער ערשט פאַרגעסען צו געהן, אָדער אַמאָל פלעגט ער יאָ געהן נאָר מיט אַ ווידערווילליגער מינע, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט אומיסנע וועלען אַלעמען אַרויסווייזען זיין אומפריינדליכקייט.

אָבער דער קלימאַקס צו אַלעם דעם איז געקומען ווען ער האָט זיך צוקריגט מיט זיין צייט־שריפט, צוויי טעג פאַר דער פאָרשטעלונג.

וואָס ס׳מוז פּאַסירען, פּאַסירט. מאַנהיים האָט געהאַל־
טען אין איין „קאָריגירען“ קריסטאָף׳ס אַרטיקלען: ער האָט
שוין איצט זיך ניט געשעהמט אויסצומעקען גאַנצע שורות
און אַריינשטעלען אויף זייער פּלאַץ קאָמפּלימענטען.

איין מאָל האָט קריסטאָף, באַזוכענדיג אַ פאַמיליע, באַ־
געגענט אַ געוויסען ווירטואָז — אַ פראַנט, אַ פּיאַניסט, וועַ־
מען ער האָט אַנגעגריפען. דער פּיאַניסט איז צוגעקומען און
איהם געדאַנקט, שמייכלענדיג זעהר פריינדליך. ער האָט
איהם ברוטאַל געענטפערט, אַז ער האָט ניט פאַרוואָס איהם
צו דאַנקען. דער אַנדערער האָט אָבער געענטפערט, אַז יאָ
און ווייטער גענומען אויסדריקען זיין דאַנקבאַרקייט. קריס־
טאָף האָט איהם קורץ איבערגעהאַקט די רייד, זאָגענדיג אַז
אויב ער איז אַזוי צופרידען מיט׳ן אַרטיקעל איז דאָס זיין
געשעפט — נאָר ער, קריסטאָף, האָט געוויס ניט געשריבען
דעם אַרטיקעל איהם צופרידענצושטעלען. און ער האָט זיך
צו איהם אויסגעדרעהט מיט׳ן רוקען. דער ווירטואָז האָט
איהם אַנגענומען פאַר אַ גוטהאַרציגען „מאַניאַק“, און איז
לאַכענדיג אַוועקגעגאַנגען. קריסטאָף האָט זיך אָבער דערביי
דערמאָנט, אַז ער האָט צוריק מיט אַ צייט ערהאַלטען אַ
דאַנקזאַגונגס־קאַרטע פון נאָך איינעם פון זיינע קרבנות;
און פּלוצלונג איז איהם אַ חשד דורכגעפלויגען דורכ׳ן מח.
ער איז אַרויסגעגאַנגען און ניט ווייט פון דאָרט געקויפט ביי
אַ צייטונגס־הענדלער אַ קאָפּיע פון דער צייטשריפט׳ס לעצ־
טער אויסגאַבע. ער האָט געזוכט זיין אַרטיקעל, און געלע־
זען... דעם ערשטען מאָמענט האָט זיך איהם געדוכט, אַז ער

איז משוגע. באַלד האָט ער אָבער פאַרשטאַנען, און מיט אַ ווילדען כעס זיך אַ לאָז געטאָן לויפען צו דער רעדאַקציע פון׳ם „ד י אַ נ י ז אַ ס“.

וואַלדהאַוז און מאַנהיים זיינען דאָרט געוועזן און אָנגעפיהרט אַ געשפּרעך מיט איינער פון זייערע באַקאַנטע אַקטריסעס. זיי האָבען שוין קריסטאָף׳ן ניט געדאַרפט פרעגען וועגען וואָס ער קומט. אָנידערוואַרפענדיג די צייטשריפט אויפ׳ן טיש האָט קריסטאָף מיט אַ פאַרכאַפּטען אָטעם שרעקליך זיך אַ וואַרף געטאָן אויף זיי: ער האָט מורא׳דיג געשריען און זיי גערופען, אויסוואָרפען, שאַרלאַטאַנעס, פעלשערס און געטופּעט און געקלאַפּט מיט אַ שטול אין די פּאָדלאָגע. מאַנהיים האָט געפּרואווט לאַכען. קריסטאָף האָט איהם געוואָלט געבען אַ בריק פון הינטען. מאַנהיים איז אַנטלאָפען הינטער׳ן טיש און זיך געקייקעלט פון געלעכטער. וואַלדהאַוז האָט דאָס אָבער גענומען אויף אַ גאַר אַנדער שטייגער. שטייף און שטאָלץ האָט זיך זיין שטים געלאָזט הערען דורכ׳ן געטומעל אַז ער וועט ניט דערלויבען מ׳זאָל מיט איהם רעדען אין אַזאַ טאָן; און ער האָט איהם דערלאַנגט זיין קאַרטע; קריסטאָף האָט איהם געוואָרפען אין פּנים אַריין:

— „באַלוואַן!... געהט נאַר, איך דאַרף ניט אייער קאַרטע צו ווייסען ווער איהר זייט... איהר זייט אַ שווינדלער, אַ פעלשער! און איהר דענקט אפשר, אַז איך וועל מיך שלאָגען, דועלירען מיט אייך?... גוט אָפּשמייסען, דאָס פּשוט קומט אייך!...“

פון גאַס האָט מען געהערט זיין קול. די מענשען האָבען זיך אָפּגעשטעלט זיך צוצוהערען. מאַנהיים האָט פאַר־

מאַכט די פענסטער. די באַזוכעריןַ האָט אַ דערשראָקענע געוואָלט אַנטלויפן: קריסטאָף האָט אָבער פאַרשטעלט די טיר. וואָלדהאַוז איז געווען בלייך ווי אַ טויטער און ניט געקאָנט בעת'ן רעדען כאַפּען דעם אָטעם. מאַנהיים האָט שטאַמלענדיג און לאַכענדיג געזוכט עפּעס צו ענטפערען. קריסטאָף האָט זיי אָבער ניט געלאָזט אַרויסרעדען אַ וואָרט. ער האָט זיי באַוואָרפען מיט די ערגסטע זילזולים וואָס ער האָט נאָר געקאָנט אויסטראַכטען און איז צום סוף אַהין אַ אָטעם אַרויס פון צימער. וואָלדהאַוז און מאַנהיים האָבען זייער לשון צוריק געקראָגען ערשט ווען ער איז שוין געווען אין דרויסען. מאַנהיים האָט שנעל ווידער אַנגענומען זיין העזה'דיגע האַלטונג: די באַליידיגונגען האָבען זיך צו איהם צוגעקלעפּט ווי אַן אַרבעס צום וואַנט. וואָלדהאַוז אָבער איז געבליבען אַן אַנגעווייטאַגטער: זיין ווירדע איז פאַרלעצט געוואָרען; און די באַליידיגונג איז נאָך געווען שמערצליכער מיט דעם וואָס אַ צווייטער איז דערביי געווען. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט איהם קיינמאָל ניט מוחל זיין און זיינע קאָלעגען אין דער רעדאַקציע האָבען מיט איהם איינגעשטימט.

מאַנהיים איז געבליבען דער איינציגער וואָס איז ניט אין כעס געווען אויף קריסטאָף'ן: ער האָט זיך פון דער גאַנצער זאַך פּשוט אַמוזירט, און גערעכענט אַז נאָך אַלעמען וואָס פאַר אַ ווערט האָבען עס די „האַרבע" פאַר ווערטער וואָס ער האָט געהערט? ס'איז געווען אַ געלונגענער וויץ, און כאָטש עס איז געווען אויף זיין חשבון, האָט ער דערפון האַרציג געלאַכט. דערפאַר טאַקע איז ער גרייט געווען קריסטאָף'ן צו געבען די האַנט, ווי קיין זאַך וואָלט גאָר ניט געשעהן. קריסטאָף האָט אָבער ניט געקאָנט פאַרגעסען און

מעהר ניט געוואָלט זיך פריינדלען מיט איהם. מאַנהיימ׳ען האָט עס ניט געאַרט: ער האָט זיך שוין פון קריסטאָף׳ן אַלס שפּיעלצייג גענוג אַמוזירט. עס האָט זיך איהם גענומען גלוסטען נאָך אַן אַנדער מאַריאָנעטקע. פון דעם טאָג אָן איז אַלץ צווישען זיי איבערגעשניטען געוואָרען. דאָס האָט אָבער מאַנהיימ׳ען ניט געשטערט ווייטער צו זאָגען, בעת מ׳האָט פאַר איהם גערעדט פון קריסטאָף׳ן, אַז זיי זיינען אינטימע פריינד, און אפשר האָט ער עס טאַקע געגלויבט.

צוויי טעג נאָך דער קריגערייַ איז פאָרגעקומען די ערש־טע פאָרשטעלונג פון ע פ י ג ע נ י ע. ס׳איז געווען אַ שרעקליכער דורכפאַל. וואַלדהאַוז׳ס צייטשריפט האָט גע־לויבט די פּאָעמע און פאַרשוויגען אין גאַנצען די מוזיק. די אַנדערע זשורנאַלען האָבען זיך איבער דער זאַך לוסטיג גע־וויצעלט. מ׳האָט געלאַכט און געפייפט. בלויז דריי מאָל האָט מען דאָס שטיק געשפּיעלט; דאָס אַפּלאַכען האָט זיך אָבער ניט אַזוי גיך אָפּגעשטעלט. דעם עולם האָט פּשוט הנאה גע־טאָן וואָס ער האָט די געלעגענהייט אַ ביסעל חוזק צו מאַכען פון קריסטאָף׳ן; און וואָכען־לאַנג איז ע פ י ג ע נ י ע געבליבען אַן אומערשעפּליכער עניין, זיך צו וויצלען. מ׳האָט געוואוסט, אַז קריסטאָף האָט מעהר ניט קיין געוועהר מיט וואָס זיך אנטקעגען צו שטעלען; און מ׳האָט דאָס אויסגע־נוצט. די איינציגע זאַך וואָס האָט נאָך אַביסעל צוריקגע־האַלטען דעם עולם איז געווען זיין שטאַנד אין גרויספּירשט׳ס שלאָס, און כאָטש קלאַנגען האָבען זיך אַ צייט־לאַנג פאַר־שפּרייט, אַז דער גרויספירשט באַציהט זיך צו איהם קאַלט, צוליעב דעם וואָס קריסטאָף האָט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט צוהערען צו זיינע עצות — דאָך פלעגט ער פון צייט צו צייט געהן אין שלאָס אריין און דאָס פּובליקום האָט פאַר איהם

דורך אַרץ געהאַט צוליעב דער אָפיציעלער פּראָטעקציע —
אַ איינגעבילדעטע פּראָטעקציע, מעהר ווי אַ אמת'דיגע.

אויך אַט דעם לעצטען אַנשפּאַר האָט ער זיך אויך אונ־
טערגענומען צו פאַרניכטען.

ער האָט פון דער קריטיק געליטען. מ'האָט ניט נאָר אַנגעגריפען זיין מוזיק, נאָר אויך זיינע באַגריפען איבער דעם נייען זשאנר — וואָס מ'האָט זיך אפילו ניט גענומען די מיה צו פאַרשטעהן. עס איז גרינגער געווען אויסצולאַכען די נייע אידעען. קריסטאָף איז נאָך ניט געווען גענוג קלוג צו וויסען אַז דער בעסטער ענטפער פאַר אַן אומעהרליכען קריטיקער איז איהם ניט צו ענטפערען און ווייטער צו שאַפען. זינט עטליכע חדשים האָט ער זיך געמאכט די שלעכטע געוואוינטהייט ניט דורכצולאָזען קיין אומגערעכטען אנגריף אָהן אַן ענטפער.

ער האָט געשריבען אַן אַרטיקעל אין וועלכען ער האָט גאָר ניט געשאַנעוועט געוויסע געגנער זיינע. די צוויי „אַנשטענדיגע" צייטונגען, צו וועלכע ער האָט דעם אַרטיקעל געבראַכט, האָבען זיך ענטזאגט עס צו פאַרעפענטליכען, זיך ענטשולדיגענדיג מיט אַן איראָנישער העפליכקייט. קריסטאָף האָט זיך איינגע'עקשנ'ט. ער האָט זיך דערמאַנט, אַז דער רעדאַקטאָר פון דער שטאָטישער סאָציאַליסטישער צייטונג האָט אַ צייט־לאַנג געזוכט זיך צו דערנעהענטערען צו איהם. ער האָט איהם געקענט און פלעגט צייטענווייז מיט איהם פאַרפיהרען אַ געשפּרעך. קריסטאָף האָט הנאָה געהאט צו טרעפען אַ מענשען וואָס רעדט פריי איבער דער רעגירונג, איבער דער אַרמיי, איבער דער אַלגעמיינער אונטערדריקונג פון געדאַנק און איבער די אַלטע פאַרשימעלטע פאַראורטיילען. דער געשפּרעך פלעגט זיך אָבער קיינמאָל ניט קאָנען ווייט פאַרציהען, וואָרום באַלד פלעגט דער סאָציאַליסט דער־

געהן צו קאַרל מאַרקס — און מיט מאַרקס'ן האָט זיך קריסטאָף גאַרניט אינטערעסירט. א חוץ דעם האָט קריס־טאָף געזעהן אין אַט דעם פּרייזיניגען מענשען'ס רייך — אויסער דעם מאַטעריאַליזם וואָס איז איהם ניט שטאַרק גע־פעלען, — א מין פּעדאַנטישע שטרענגקייט, אַ גערדאַנקען־דעספּאָטיזם, און א מין היפּוך'דיגען מיליטאַריזם וואָס האָ־בען איהם געקלונגען כמעט עהנליך צו דעם, וואָס ער האָט יעדען טאָג געהערט אין דייטשלאַנד

דאָך האָט ער זיך אַן איהם און אין זיין צייטונג דער־מאָנט, ווען ער האָט געזעהן אַז די טירען פון אַלע רעדאַק־ציעס בלייבען פאַר איהם פאַרמאַכט. ער האָט געוואוסט, אַז דער טריט זיינער וועט אַרויסרופען א סקאַנדאַל: — וואָרום די צייטונג איז שטענדיג שאַרף און גיפטיג אַרויס־געטראָטען און איז פון אַלעמען כמעט פאַרדאַמט געוואָרען. אזוי ווי קריסטאָף האָט זי אָבער קיינמאָל ניט געלייענט, האָט ער נאָר געטראַכט פון איהרע געוואַגטע אידעען וואָס האָבען איהם ניט אָפּגעשראָקען און ניט פון איהר נידעריג־געמיינעם טאָן, וואָס וואָלט איהם געוויס אָפּגעעקעלט. אי־בעריגענס וואָלט ער אפשר, וויסענדיג אפילו דעם טאָן פון דער צייטונג, אויף דעם זיך איצט ניט אָפּגעשטעלט, אזוי אויפגעקאָכט איז ער געווען געגען די אנדערע זשורנאַלען פאַר זייער כיטרען, שטילען אָפּמאַך איהם צו דערשטיקען. ער האָט געבראַכט דעם אַרטיקעל אין דער סאָציאַליסטישער רע־דאַקציע און איז אויפגענומען געוואָרען מיט אָפענע אָרעמס. אויף מאָרגען איז דער אַרטיקעל ערשינען; און די צייטונג האָט מיט גרויסע אותיות אַנאָנסירט, אַז זיי האָבען צוגע־קראָגען אַלס מיטאַרבייטער דעם יונגען און טאַלאַנטפולען מוזיקער, דעם בירגער זשאַן־קריסטאָף קראַפט, וועמעס וואַרי־

מע סימפּאַטיען פאַר דעם אַרבייטער־קלאַס און זייער אי־דעאַל זיינען גוט באַקאַנט.

קריסטאָף האָט ניט געלייענט די אַנאָנס און ניט דעם אַרטיקעל, וואָרום ס'איז גראַד געווען אַ זונטאָג און ער איז גאַנץ פריה אַרויס אויף אַ שפּאַציר איבער די פעלדער אַרום דער שטאָט. ער איז געווען זעהר גוט אויפגעלעגט. זעהענ־דיג דעם זונען־אויפגאַנג, האָט ער גענומען שרייען, לאַכען, יאָדלען, שפּרינגען און טאַנצען. ניטאָ מעהר קיין ציימונג, קיין קריטיק צו שרייבען! דער פריהלינג איז ווידער דאָ און מיט איהם אויך די שעהנסטע מוזיק — די מוזיק פון'ם הימעל און פון דער ערד! אַ סוף איז געקומען צו די קאָנ־צערט־זאַלען מיט זייערע שטיקענדע און שווערע גערוכען! ניטאָ מעהר דאָס אַפּשטויסענדע פּובליקום און די לאַנגוויי־ליגע ווירטואָזען! דער געזאַנג פון די מורמלענדע וועלדער האָט זיך געהויבען, און איבער די פעלדער האָבען פון דער ערד און די קברים געצויגען, ווי כוואַליעס, די בּאַרוישענדע לעבענס־כחות.

ווען ער איז צוריק געקומען פון'ם שפּאַציר מיט אַ קאָפּ וואו עס האָט געזשומט ליכט און מוזיק, האָט איהם זיין מאַמע דערלאַנגט אַ בריעף וואָס מ'האָט פון הויף גע־בראַכט אין זיין אַבוועזענהייט. דער בריעף איז געווען גע־שריבען אין אַ אומפּערזענליכער פאָרם און געהייסען קריס־טאָף'ן ער זאָל זיך מעלדען דעם פריהמאָרגען אין שלאָס.— דער פריהמאָרגען איז שוין געווען פאַריבער: ס'איז געווען באַלד אַזייגער איינס. קריסטאָף איז געבליבען רוהיג, און געזאָגט:

— „ס'איז שוין צו שפּעט איצט. כ'וועל שוין געהן מאָרגען."

זיי מאַמע איז אבער, פאַרזאָרגט, צו איהם צוגעשטאַ־נען:

„ניין, ניין," — האָט זי געזאָגט, — „אז דער פירשט הייסט קומען, געהט מען, מ'לעגט ניט אָפּ. דו דאַרפסט שוין געהן. אפשר איז עס עפּעס א וויכטיגע זאַך!"

— „א וויכטיגע זאַך? פּונקט ווי די לייטע וואָלטען ווען עפּעס וויכטיגעס געהאַט צו זאָגען!... ער וועט מיר מסתמא אויסרעכענען זיינע באַנריפען איבער מוזיק... אינ־טערעסאַנט!... אבי ס'זאָל איהם נאָר ניט איינפאַלען צו קאָנקורירען אויף דעם געביט מיט זינפריעד מייער'ן, אָדער ער זאָל מיר ניט האָבען צו ווייזען א הימן צום גניר! איך שווער דיר אז כ'וועל איהם ניט שאַנע־ווען. כ'וועל איהם זאָגען: „גיט אייך אָפּ מיט פּאָליטיק. דאָרט זייט איהר א מייסטער, און איהר וועט שטענדיג האָ־בען רעכט. אָבער היט זיך פון קונסט! אין דער קונסט זעהט מען אייך אַהן פעדערען, אַהן א העלם, אַהן אן אוני־פאָרם, אַהן געלט, אַהן טיטלען, אַהן אייערע בכבוד'יגע אבות, אַהן זשאַנדאַרמען... און באַטראַכט נאָר, וואָס פאַר־בלייבט פון אייך אַהן דעם אַלעמען?"

די גוטע לואיזע — וועלכע האָט אַלצדינג גענומען ערנסט, האָט אויפגעהויבען די אָרעמס צום הימעל:

— „דו וועסט עס ניט זאָגען!... ביסט משוגע, משוגע..."

ער פלעגט זיך שטענדיג אַמוזירען זי אַנצושרעקען. ער פלעגט אבער אזוי ווייט דערגעהן מיט זיינע איבערטריבענע רייד, אז לואיזע פלעגט זיך סוף כל סוף אַרומזעהן אז ער לאַכט פון איהר. דאַן פלעגט זי הויבען די אַקסלען און זאָ־גען:

„אוי, ביזטו נאַריש, קינד מיינס!"

ער האָט זי געקושט לאַכענדיג. ער איז געווען זעהר גוט אויפגעלעגט, ווייל ער האָט בעת'ן שפּאַציר געפונען אַ שעהנע מוזיקאַלישע טעמאַ, און ער האָט געפיהלט אַז זי וואַרפט זיך אין איהם ווי אַ פיש אין וואַסער. ער האָט ניט געוואָלט געהן אין שלאָפען אדיין פאַר'ן עסען; ער איז געווען הונגעריג ווי אַ וואָלף. לואיזע האָט נאָכדעם געמוזט אויפפּאַסען אויף זיין טואַלעט, וואָרום ער האָט זיך ווידער גענומען רייצען מיט איהר און טענה'נען, אַז ער איז גענוג אויסגעפּוצט מיט זיינע אָפּגענוצטע קליידער און זיינע פאַרשטויבטע שיך. ער האָט זיך אָבער דאָך איין גאַנצען איבערגעטאָן, אליין אָפּגעפּוצט די שיך און געפּייפט דערביי ווי אַ שטיגלעץ אָדער נאָכגע־מאַכט אַלע אינסטרומענטען פון דעם אָרקעסטער. ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען האָט איהם די מאַמע איבערגעקוקט און אויפ'ם ניי מיט אַן ערנסטער מינע, איבערגעמאַכט דעם שלייף פון קראַוואַט. ער איז דאָס מאָל געווען זעהר געדולדיג, ווייל ער איז געווען צופרידען מיט זיך — און צו־פרידען מיט זיך איז ער זעלטען ווען געווען. ער איז אַוועק־געגאַנגען, זאָגענדיג אַז ער וועט אַנטלויפען מיט דער פּרינ־צעסין אדעלאַאידע — דעם גרויספירשט'ס אַ טאָכטער, אַ גאַנץ שעהנע פרוי, וואָס איז געווען פאַרהייראַט צו אַ דייי־טשען פּרינצעל און איז גראָדע דאַן געקומען פאַרברענגען אַ פּאָר וואָכען מיט איהרע עלטערען. זי האָט אַמאָל, בעת קריסטאָף איז נאָך געווען אַ קינד, איהם אַרויסגעוויזען אַ ביסעל סימפּאַטיע און קריסטאָף האָט זי ניט פיינט געהאַט. לואיזע פלעגט טענה'נען, אַז ער איז אין איהר פאַרליעבט, און קריסטאָף פלעגט כלומרשט אויף אַ שפּאַס מודה זיין אַז ס'איז אמת.

ער האָט זיך ניט געאיילט. ער האָט, פאַרביינעהענדיג

די געוועלבען, אַריינגעקוקט אין די פענסטער, זיך אָפּגע־שטעלט אויף'ן גאַס אַ גלעט צו טאָן אַ הינטעל, וואָס האָט, ווי ער, געמיטליך אַרומשפּאַצירט און פון צייט צו צייט זיך אויף אַ זייט אַנידערגעלעגט און געגענעצט צו דער זון. ער איז אַריבערגעשפּרונגען די נידעריגע פּאַרענצע אַרום דעם שלאָס־הויף — אַ גרויס פּיערקאַנטיג פּלאַץ, מיט הייזער אַרום, מיט צוויי פאַנטאַנען־שפּריצערס און צוויי שעהנע בלומען־בעטען, אָפּגעטיילט איינע פון דער אַנדערער מיט אַ שמאָלער באַזאַמדעטער שטעזשקע און אַרומגעזעצט מיט אָראַנזשען־ביימעלאַך אין קעסטלאַך. אין מיטען איז גע־שטאַנען אַ בראָנזענע סטאַטוע פון'ם גרויספירשט, אָנגע־טאָן מיט אַ קאָסטום אַ לאַ לואי פיליפּ אויף אַ פּעדעסטאַל, באַצירט אויף אַלע פיער ווינקלען מיט אַלעגאָרישע פיגורען פון די טוגענדען. אויף אַ באַנק איז געזעסען אַ מענש אַליין און געדרעמעלט איבער זיין צייטונג. ביים טויער פון'ם שלאָס זיינען די גוואַרדיע סאָלדאַטען געשלאָפען. הינטער דער טעראַסע פון'ם שלאָס זיינען ווי אויף אַ שפּאַס גע־שטאַנען צוויי אַנטשלאָפענע קאַנאָנען און געגענעצט צו דער אַנדרעמעלטער שטאָט. קריסטאָף האָט זיך פון דעם אַלעמען אויסגעלאַכט.

ער איז אַריין אין שלאָס און זיך אפילו ניט געקימערט, צי ער דאַרף אָנעהמען אַ מעהר אָפיציעלע האַלטונג. ער האָט בלויז אויפגעהערט צו זינגען; אין איהם אבער האָבען זיינע געדאַנקען ווייטער געטאַנצט. ער האָט אַנידערגעוואָרפען זיין קאַפּעלוש אויף אַ טיש אין פאָרהויז, אַ רוף טוענדיג דעם אַלטען שווייצער, וועמען ער האָט געקענט זינט זיין קינד־הייט. — (דער אַלטער איז שוין דאָרט געווען בעת קריס־טאָף האָט מיט זיין זיידען געמאַכט דעם ערשטען באַזוך אין

שלאָס און געזעהן צו דער זעלבער צייט ה אַ ס ל ע ר'ן)— דער אַלטער, וועלכער פּלעגט שטענדיג גוטמוטיג ענטפערען אויף קריסטאָף'ס שטיפערישע און פאַרשייטע ווערטלאַך, האָט איהם אבער דעם מאָל באַגעגענט מיט אַ שטאָלצער מינע. קריסטאָף האָט זיך אויף דעם ניט אומגעקוקט. ווייטער אַ ביסעל האָט ער אָנגעטראָפען אַ געריכט־באַאַמטען — אַ פּלוידערזאַק, וועלכער פּלעגט איהם שטענדיג ארויסווייזען גרויס פריינדשאַפט. ס'האָט איהם פאַרוואונדערט וואָס דער פאַרשוין איז אַזוי איילינג איהם פאַרבייגעגאַנגען און ווי אויסגעמידען מיט איהם אַ שטיקעל שמועס צו פאַרפיהרען. די איינדרוקען האָבען אבער אויף איהם ניט געווירקט, ער איז זיך ווייטער געגאַנגען און ענדליך פאַרלאַנגט מ'זאָל איהם אריינפיהרען צום גרויספירשט.

ער איז אריינגעגאַנגען. מ'האָט נאָר־וואָס געענדיגט מיטאָג־עסען. דער פירשט איז געזעסען אין איינעם פון די סאַלאָנען. ער האָט גערויכערט און גערעדט מיט די געסט. צווישען זיי האָט קריסטאָף באַמערקט ז י י ן פּרינצעסין, וועלכע האָט אויך גערויכערט. זי איז געזעסען געמיטליך אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטול און שטאַרק הויך גערעדט מיט אַ פּאָר אָפיצירען וועלכע האָבען זיך גרופּירט ארום איהר. די פאַרזאַמעלטע זיינען געווען מונטער און לוסטיג, און קריסטאָף האָט אריינקומענדיג געהערט דעם גרויספירשט'ס גראָבען געלעכטער. אבער זיין געלעכטער איז איבערגעהאַקט געוואָרען, ווען ער האָט דערזעהן קריסטאָף'ן. ער האָט אַ ברום געטאָן און זיך געלאָזט גלייך צו איהם.

— „אַה! איהר זייט שוין דאָ!“ — האָט ער אויסגעשריען, — „איהר לאָזט אייך ארונטער און קומט מיד

באַזוכען? ווי לאַנג נאָך דענקט איהר וועט איהר פון מיר חוזק מאַכען? איהר זייט אַן אויסוואורף... מיין הער!"

קריסטאָף איז אַזוי צוטומעלט געבליבען פון'ם פּלוצ־לונדיגען אַנגריף, אַז ער איז אַ ווײַלע געבליבען אָהן לשון. ער האָט געדעכענט אַז דער גרויספירשט איז אין כּעס אי־בער זיין פאַרשפּעטיגען זיך; אָבער דאָך האָט דאָס ניט באַרעכטיגט אַזאַ ווילדען צאָרן. ער האָט אַרויסגעשטאַ־מעלט:

— „אייער הויכקייט! וואָס האָב איך געטאָן?"

דער פירשט האָט אָבער ניט געהערט און האָט ווייטער געשטורמט:

„שווייגט! איך וועל ניט ערלויבען אַזאַ אויסוואורף מיך צו באַליידיגען".

קריסטאָף איז שטאַרק בלייך געוואָרען; דער האַלז איז איהם געווען קראַמפּפהאַפט צונויפגעצויגען און איהם ניט געלאָזט ריידען. ער האָט זיך אָנגעשטרענגט און אויסגע־שריען:

— „אייער הויכקייט! איהר האָט ניט דאָס רעכט... איהר האָט קיין רעכט ניט מיך צו באַליידיגען, איידער איהר זאָגט מיר וואָס איך האָב געטאָן."

דער גרויספירשט האָט זיך אויסגעדרעהט צו זיין סעק־רעטאַר, וועלכער האָט אַרויסגענומען אַ צייטונג פון זיין קע־שענע און זי איהם דערלאַנגט. שולדיג אין זיין גרויסער אויפרעגונג איז ניט געווען בלויז דער כּעס: דער שטאַרקער וויין האָט אין דעם אויך אַ חלק געהאַט. ער האָט זיך אַוועק־געשטעלט פאַר קריסטאָף'ן ווי אַ טאָרעאַדאָר מיט זיין הי־טעל, וואַרפענדיג ווילד פאַר איהם די צונומענע און צו־קנייטשטע צייטונג און שרייענדיג:

„אייער שמוץ, מיין הער!... איהר זייט ווערט מ׳זאָל עס אייך ווארפען אין פּנים אריין!״!

קריסטאָף האָט דערקענט די סאָציאַליסטישע צייטונג:

— „איך זעה ניט די עולה,״ — האָט ער געזאָגט.

„וואָס! וואָס!״ — האָט דער גרויספירשט געקוויטשעט. — „איהר האָט די חוצפה!... די נידערטרעכטיגע צייטונג וואָס באַליידיגט מיך טאָג־טעגליך, וואָס וואַרפט אויף מיך אַרויף אַ באַרג מיט שמוץ!...״

— „הויכקייט!״ — האָט קריסטאָף אויסגערופען. — „איך האָב די צייטונג ניט געלייענט.״

„איהר זאָגט אַ ליגען!״ — האָט דער גרויספירשט געשריען.

— „איך וויל ניט איהר זאָלט מיך רופען ליגנער. איך האָב זי ניט געלייענט; איך גיב מיך בלויז אָפּ מיט מוזיק. און אַ חוץ דעם האָב איך דאָס רעכט צו שרייבען וואו איך וויל.״

„איהר האָט נאָר אַ רעכט צו שווייגען. איך בין געווען צו גוט צו אייך. מיין הארץ האָט פאַר אייך קיין זאַך ניט געקאַרגט, — ניט פאַר אייך און ניט פאַר אלע אייערע. כאָטש אייער אויפפיהרונג און אייער פאָטער׳ס האָבען מיר אַ רעכט געגעבען איך זאָל פון אייך ניט וועלען וויסען. איך פאַרווער אייך ווייטער צו שרייבען אין אַ צייטונג, וואָס איז מיר אַ שונא. אויסער דעם פאַרווער איך אייך אין אַל־געמיין וואָס־עס־איז ווייטער צו שרייבען אָהן מיין הסכמה. אייער מוזיק־פּאָלעמיק האָט מיר שוין דערעסען. איך קאָן ניט ערלויבען אַ מענשען וואָס שטעהט אונטער מיין שוץ, ער זאָל פאַרברייינגען זיין צייט אַנגרייפענדיג דאָס וואָס איז טייער די מענשען וואָס האָבען געשמאַק און געפיהל

— אַדער בעסער געזאָגט אַלע אמת'ע דייטשען. שרייבט בעסער גוטע מוזיק און אויב איהר קאָנט עס ניט, פּראַקטיצירט מעהר אייערע גאַמען אַדער אייערע איבונגען. איך וויל ניט קיין מוזיקאַלישען בעבעל וואָס אמוזירט זיך אָפּלאַכענדיג פון אַלע אונזערע נאַציאָנאַלע באַריהמטהייטען. אַדער צוטומלענדיג די קעפּ פון דער באַפעלקערונג. מיר ווייסען, אַ דאַנק גאָט! וואָס גוט הייסט. מיר האָבען ניט געוואַרט אַז איהר זאָלט אונז לערנען. נעהמט אייך אַלזאָ צו אייער פּיאַנאָ, און לאָזט אונז צו רוה!"

שטעהענדיג גלייך אנטקעגען קריסטאָף'ן, האָט איהם דער פירשט אָנגעקוקט מיט באַליידיגענדע בליקען. קריסטאָף, אַ טויט־בלייכער, האָט געפּרואווט ריידען; זיינע ליפּען האָבען זיך באַוועגט; ער האָט אַרויסגעשטאַמעלט:

— „איך בין ניט אייער שקלאַף, איך וועל זאָגען וואָס איך וויל, איך וועל שרייבען וואָס איך וויל..."

עס האָט איהם געשטיקט, ער האָט געהאַלטען ביים וויינען פון שאַנד און כעס: די פיס האָבען איהם געציטערט. ער האָט אַ דרעה געטאָן דעם עלענבויגען און איבערגעקערט אַ סטאַטועטקע אויף אַ דערבייאיגען טישעל. ער האָט געפיהלט אַז ער זעהט אויס לעכערליך און טאַקע געהערט ווי עמיצער לאַכט. אַ קוק טוענדיג אין אַ צווייטען עק פון סאַלאָן, האָט ער געזעהן ווי דורך אַ טומאַן, די פּרינצעסין, זיצענדיג, נאָכפאָלגענדיג די סצענע און אויסטוישענדיג מיט די אַרומיגע איראָניש־רחמנות'דיגע באַמערקונגען. פון דעם מאָמענט אַז האָט ער ווי פאַרלאָרען דעם פולען באַוואוסטזיין פון דעם וואָס עס קומט אַרום איהם פאָר. דער גרויספירשט האָט געשריען. קריסטאָף האָט נאָך העכער געשריען און ניט געוואוסט וואָס ער זאָגט. דעם פּרינץ'ס סעקרעטאַר און נאָך

א באַאמטער זיינען צו איהם צוגעקומען און איהם געוואָלט מאכען שווייגען: ער האָט זיי אָפּגעשטופּט; ער האָט רעדענדיג געפּאַכט מיט אַ אַש־טעצעל וואָס ער האָט ניט־ווי־סענדיג אָנגעכאַפּט אויפ'ן טיש, אַז וועלכען ער איז געווען אָנגעשפּארט. ער האָט געהערט ווי דער סעקרעטאר זאָגט:

— „נו, לאָזט אָפּ, לעגט עס אוועק!...“

און ער האָט געהערט ווי ער אַליין שרייט ווערטער אָהן אַ טאַלק, און קלאַפּט מיט'ן טעצעל אויפ'ן ברעג פון טישעל.

„אַרויס!“ — האָט דער גרויספירשט געברומט מלא רציחה. — „אַרויס געהט! אַרויס, אָדער איך הייס אייך אַרויסוואַרפען!“

די אָפיצירען זיינען צוגעקומען צום פּרינץ און גע־פּרוּווט איהם באַרוהיגען. דער גרויספירשט, אַז אַפּאָפּלעק־טיקער, האָט מיט אויסגעשטאַרצטע אויגען געשריען, מ'זאָל דעם חוצפּה'ניק אַרויסוואַרפען. קריסטאָף איז געוואָרען צו־ווילדעט, ער האָט שיעור ניט דערלאַנגט מיט דער פויסט דעם גרויספירשט אין מאָרדע; ער איז אָבער פאַרטרונקען געוואָרען פון אַ כאַאָס מיט געמישטע, ווידערשפּרעכענדע געפיהלען. עס האָט אין איהם געשטורמט, די שאַנד, דער צאָרן, די פאַרבליבענע שעמעוודיגקייט, די דייטשע לאָיאַ־ליטעט, דער טראַדיציאָנעלער רעספּעקט און די איינגע־וואוינטע עניוות פאַר'ן פּרינץ. ער האָט געוואָלט ריידען און ניט געקאָנט; ער האָט זיך געוואָלט באַוועגען און ניט גע־קאָנט; ער האָט ניט געזעהן פאַר זיך, ניט געהערט. ער האָט זיך געלאָזט אוועקשטופּען און איז אַרויסגעגאַנגען.

ער איז דורכגעגאַנגען צווישען די גלייכגילטיגע דינער, וואָס זיינען בעת דעם געטומעל צוגעקומען ניט ווייט פון דער

טיר און אלצדינג געהערט. די דרייסיג טריט וואָס ער האָט געדאַרפט מאַכען דורכצוגעהן דעם פאָדער־צימער האָבען איהם אויסגעזעהן אַז אייביגקייט. וואָס מעהר ער איז געגאנגען, אַלץ לענגער איז דער קאָרידאָר געוואָרען. וועט ער שוין קיינמאָל ניט ארויס!... די דרויסענדיגע ליכט וואָס האָט געשיינט אונטען דורך דער גלעזערנער טיר איז געוועזן זיין רעטונג, זיין גליק... ער איז וואַקלענדיג אראָפּ די טרעפּ. ער האָט פארגעסען אַז ער איז מיט הוילען קאָפּ; דער אַלטער שווייצער האָט איהם צוריקגערופען, ער זאָל נעהמען דעם קאַפּעלוש. ער האָט געמוזט אַנשטרענגען אלע זיינע כחות ארויסצוגעהן פונ'ם שלאָס, דורכצוגעהן דעם הויף, און אַנקומען אהיים. די ציין האָבען איהם געקלאַפּט, ווען ער האָט אויפגעעפענט די טיר, און זיין מאַמע האָט זיך דערשראָקען זעהענדיג זיין פּנים און זיין ציטערען. ער האָט זי אָפּגעשטופּט אַז א זייט און ניט געוואָלט ענטפערען אויף איהרע פראגען. ער איז ארויף אין זיין צימער, זיך אָפּגעשלאָסען און אַנידערגעלעגט. ער האָט אזוי געציטערט, אַז ער האָט בשום אופן זיך ניט געקאָנט אויסטאָן. ער האָט שווער געאָטעמט און דער גאנצער גוף איז איהם געוועזן ווי צעבראָכען... אה! ווען ער זאָל נאָר קאָנען אויפהערען זעהען און פיהלען, ניט דאַרפען מעהר שלעפּען דעם אויסגעמאַטערטען קערפּער, קעמפען געגען דעם שענדליכען לעבען — און נאָר קאָנען אוועקפאַלען אָטעמלאָז, געדאַנקענלאָז, לעבענסלאָז... טויט... וואו עס איז!...—מיט א שרעקליכער אַנשטרענגונג האָט ער פון זיך ענדליך אראָפּגעריסען די קליידער, זיי צוואַרפען ארום זיך אויפ'ן פאָדלאָגע; און זיך אריינוואַרפענדיג אין בעט, האָט ער זיך איבערגעדעקט ביז איבער די אויגען. מ'האָט מעהר קיין גערויש ניט געהערט

מען האָט נאָר געהערט ווי נאָר דאָס קליינע אייזערנע בעט ציטערט אויף די דילען.

לואיזע האָט זיך צוגעהאָרכט הינטערן טיר; זי האָט אומזיסט געקלאַפּט, האָט שטיל גערופן — קיין ענטפער; זי האָט געוואַרט, שטיל אין שרעק נאָכגעשפּירט, און איז אוועק. איינמאָל אדער צוויי מאָל איז זי אין פאַרלויף פון טאָג געקומען, זיך צוגעהאָרכט און נאָך אַמאָל אין אָבענט פאַר'ן געהן צו בעט. דער טאָג איז פאַרביי; די נאַכט איז פאַרביי, דאָס הויז איז געווען שטיל. קריסטאָף האָט געציטערט פון פיבער; צייטענווייז האָט ער געוויינט, אָדער ער פלעגט זיך אויפכאַפּען און סטוּאַטשענען מיט'ן פויסט אין וואַנט. ארום צוויי אזייגער איז ער אויפגעשטאַנען און א משוגעת דורכגעגאַסען אין שוויס, האָט איהם באַהערשט. ער האָט געוואָלט געהן הרג'ענען דעם גרויספירשט. זיין גאַנצער וועזען איז ווי פאַרפּולווערט געווען פון האַס און שאַנד. זיין גוף און נשמה האָבען זיך אין א פייער־פלאַם געראַנגעלט.— פון אַט דעם שטורם האָט מען אָבער אין דרויסען גאָרנישט געהערט: קיין וואָרט, קיין קלאַנג. מיט צונויפגעביסענע ציין האָט ער אַלץ אין זיך אַפּגעשלאָסען.

אויף מאָרגען אין דער פריה איז ער אָראָפּגעקומען ווי געוועהנליך. ער האָט אויסגעזעהן ווי א חורבה. ער האָט גאָרניט געזאָגט, און די מאַמע האָט איהם ניט געוואָגט עפּעס צו פרעגען. זי האָט זיך שוין אַלץ דערוואוסט פון די שכנים. דעם גאַנצען טאָג איז ער געבליבען זיצען אויף אַ שטול ביים פייער, שטום, פיבערדיג, מיט אַן איינגעבויגע־נעם רוקען, ווי אַן אַלטינקער; און בלייבענדיג פון צייט צו צייט אַליין אין חדר האָט ער שטיל געוויינט.

פאַרנאַכט צו איז דער רעדאַקטאָר פון דער סאָציאַ־ליסטישער צייטונג געקומען איהם זעהן. ער האָט שוין, נאַטירליך, אַלץ געוואוסט און האָט נאָר געוואָלט איינצעל־הייטען. קריסטאָף איז פון זיין באַזוך געריהרט געוואָרען. ער האָט דאָס אויסגעטייטשט, אַז דער רעדאַקטאָר איז צו איהם געקומען אויסדריקען זיין סימפּאַטיע, און איהם בעטען אַנט־שולדיגונג פאַר דער רעדאַקציע וואָס האָט איהם קאָמפּראָ־מיטירט. אוים שטאָלץ האָט קריסטאָף ניט מודה געווען, אַז ס'טוט איהם וואָס באַנג. ער האָט אַרויסגעזאָגט אַלץ וואָס איז איהם געווען אויפ'ן האַרצען און געפיהלט אַ דער־לייכטערונג פון דעם וואָס ער רעדט מיט אַ מענשען וואָס האַסט פונקט ווי ער יעדען מין אונטערדריקונג. דער אַנ־דערער האָט איהם אונטערגעטריבען צו רעדען: די גאַנצע פּאַסירונג איז געווען ווי אַ באַשערטע מתנה פאַר זיין צייַ־טונג, אַ גוטע געלעגענהייט פאַר אַ סקאַנדאַליעזען אַרטיקעל, וועלכען ער האָט דערוואַרט, אַז קריסטאָף זאָל אָנשרייבען אָדער אַז ער זאָל איהם, וועניגסטענס, געבען דערצו די איינ־

צעלהייטען; ווארום ער האָט גערעכענט, אַז איצט, נאָכ'ן אויפרוהר, וועט דער הויף־מוזיקאַנט אודאי זיך נעהמען „ווידמען דער זאַך“ זיין היבשען טאַלענט אַלס פּאַלעמיקער און איהר העלפען מיט פאַרעפענטליכונגען וועגען די אינ־טערעסאַנטע סודות'לאַך פון'ם גרויספירשט'ס הויף. און אַזוי ווי ער איז ניט געווען קיין צו דעליקאַט־פיהלענדער מענש, האָט ער קריסטאָף'ן די זאַך פּשוט, אויף אַ ניט־איידעלען שטייגער פאַרגעשלאָגען. קריסטאָף איז דערפון אויפגעשפרונגען און ערקלערט, אַז ער וועט גאָר ניט שריי־בען, אַנגעבענדיג אַז יעדע אַטאַקע פון זיין זייט וועט איצט אויסגעטייטשט ווערען אַלס אויסדרוק פון אַ פּערזענליכער נקמה. ער האָט אויך געזאָגט, אַז טאַקע דערפאַר וואָס ער איז איצט אַ פרייער, מוז ער זיך האַלטען באַשיידענער ווי פריהער, ווען ער איז ניט געווען פריי און זיך געקאַנט איינ־שטעלען צו זאָגען וואָס ער דענקט. דער זשורנאַליסט האָט ניט פאַרשטאַנען זיין געוויסענהאַפטיגקייט. ער האָט גערע־כענט אַז קריסטאָף איז אין תוך גענומען קלעריקאַל און שמאַל־זיניג; איבערהויפּט האָט ער געגלויבט, אַז קריסטאָף האָט מורא. ער האָט געזאָגט:

— נו, אויב אַזוי, פאַרלאָזט זיך אויף אונז. איך וועל עס שרייבען. איהר דאַרפט זיך מיט דער זאַך ניט אָפּגעבען.

קריסטאָף האָט איהם געבעטען ער זאָל ניט שרייבען וועגען דעם; ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין מיטעל איהם דערצו צו צווינגען. חוץ דעם האָט איהם דער זשורנאַליסט ערקלערט, אַז די באַליידיגונג רירט אָן ניט נאָר קריסטאָף'ן נאָר זיין צייטונג אויך און ער האָט אַ רעכט זיך נוקם צו זיין. געגען דער טענה האָט ער שוין גאָר ניט געקאַנט זאָ־גען. קריסטאָף האָט דאָן נאָר געבעטען זיין עהרענוואָרט, אַז

ער וועט ניט פאַרעפענטליכען געוויסע איינצעלהייטען וואָס ער האָט איהם פאַרטרויט אלס פריינד און ניט אלס זשורנאַליסט. דער אנדערער האָט עס איהם צוגעזאָגט. קריסטאָף האָט זיך דערמיט ניט געפיהלט זיכערער; ער האָט צו שפּעט פאַרשטאַנען, אז ער האָט ניט קלוג געהאַנדעלט. — נאָכדעם ווי דער זשורנאַליסט איז אוועקגעגאַנגען, האָט ער גענומען איבערטראַכטען אלץ וואָס ער האָט איהם געזאָגט און ער האָט אויפגעציטערט. ער האָט קיין רגע ניט איבערגעקלערט און געשריבען דעם זשורנאַליסט, איהם נאָכאַמאָל באַשווערענדיג ער זאָל ניט איבער'חזר'ען דאָס וואָס ער האָט איהם פאַרטרויט: — (דער אומגליקליכער האָט דאָס איהם טיילווייז אליין איבערגע'חזר'ט אין זיין בריעף.)

די ערשטע זאַך וואָס ער האָט דעם צווייטען טאָג פּיי בעריש געלייענט איז געווען — די גאַנצע געשיכטע אויף דער ערשטער זייט פון דער צייטונג, אלץ וואָס ער האָט איהם דעם פריהערדיגען טאָג געזאָגט, איז דאָרט געווען אָפּגעדרוקט — דערצו נאָך שטאַרק איבערגעטריבען, ווי יעדער זאַך וואָס מוז צוקאַליעטשעט ווערען ווען עס געהט דורך א זשורנאַליסט'ס מח. דער אַרטיקעל האָט אַנגעגריפען דעם גרויספירשט און זיין הויז־געזונד מיט די נידעריגסטע זלזולים. געוויסע איינצעלהייטען זיינען געווען אזוי פּערזענליך, אז נאָר קריסטאָף, אלס איינגעהער אין שלאָס, האָט זיי געקאָנט וויסען און דערפאר איז איהם דער גאַנצער אַרטיקעל צוגעשריבען געוואָרען.

דער פרישער קלאַפּ האָט קריסטאָף'ן אין גאַנצען דערשלאָגען. א קאַלטער שוויים האָט איהם באַדעקט לייענענדיג די צייטונג. ווען ער האָט געענדיגט איז ער געבליבען א שרעקליך צוטומעלטער. ער האָט געוואָלט לויפען אין דער

רעדאַקציע; זיין מאַמע האָט איהם אָבער אָפּגעהאַלטען, מיט רעכט מורא־האָבענדיג פאַר זיין כעס. ער האָט פאַר זיין כעס אויך מורא געהאַט, פיהלענדיג, אַז ווען ער גיעהט אַהין וואָלט ער אָפּגעטאָן עפּעס אַ גרויסע נאַרישקייט; ער איז געבליבען אין דער היים — און אָפּגעטאָן אַן אַנדער נאַרישקייט. ער האָט דעם זשורנאַליסט געשריבען אַ צאָרנדיגען בריעף און איהם אויפגעוואָרפען זיין אויפפיהרונג מיט באַליידיגענדע ווערטער; — דערצו האָט ער נאָך אָפּגעלייקענט דעם אינהאַלט פון אַרטיקעל און געזאָגט, אַז ער וויל מעהר די פּאַרטיי ניט קענען. די אָפּלייקענונג איז ניט ערשינען. קריסטאָף האָט נאָך אַמאָל געשריבען, פאָדערענדיג שטרענג מ'זאָל דעם בריעף פאַרעפענטליכען. מ'האָט איהם געשיקט אַ קאָפּיע פון דעם גאָר ערשטען בריעף — אַ בריעף וואָס האָט דעם ערשטען געשפּרעך באַשטעטיגט — און איהם געפרעגט צי דאַרף מען דאָס אויך פאַרעפענטליכען? קריסטאָף האָט געפיהלט, אַז ער איז אין די הענט פון יענער רעדאַקציע. דערצו האָט ער גראַד דאַמאָלסט געהאַט דאָס אומגליק דעם רעדאַקטאָר צו באַגעגענען; ער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און איהם געמוזט זאָגען, אַז ער פאַראַכטעט איהם מיט'ן גאַנצען האַרצען. אויף מאָרגען איז, אַהן אַ ברעקעל בושה, ערשינען אַ שטיקעל כראָניק מכח די הויף־משרתים, וואָס אפילו ווען מ'וואָרפט זיי אַרויס, בלייבען זיי אַלץ משרתים און קאָנען ניט ווערען קיין פרייע מענשען. דערצו זיינען נאָך געווען אַ פּאָר אָנצוהערענישען וועגען דער לעצטער געשעהעניש; — קיינער האָט דעריבער ניט געקאָנט צווייפלען, אַז דאָס מיינט מען קריסטאָף'ן.

ווען אַלע זיינען שוין געווען זיכער, אַז קריסטאָף האָט מעהר ניט קיין איינציגע שטיצע, האָבען זיך פּלוצלונג געגען איהם ארויסגעיאָוועט אַ מחנה שונאים. אַלע די, וועלכע ער האָט דירעקט אָדער אומדירעקט פאַרלעצט דורך פּערזענליכער קריטיק אָדער באַקעמפענדיג זייערע אידעען און געשמאַק, האָבען זיך גענומען איהם אָנגרייפען, זיך נוקם זיין מיט פּראַצענט. דער אַלגעמיינער עולם, וועמען ער האָט געפּרואווט ארויסרייסען פון זיין גלייכגילטיגקייט, האָט זיך רוהיג, צופרידען צוגעקוקט ווי מ'לערנט בלק מיט אַט דעם חוצפּה'דיגען יונגען מאַן, וואָס האָט געהאַט העזה צו וועלען רעפאָרמירען די עפענטליכע מיינונג און שטערען דעם שלאָף פון די „אנשטענדיגע" מענשען. קריסטאָף האָט זיך ווי נעטרונקען. יעדער האָט זיך אָנגעשטרענגט איהם וואָס מעהר ארונטערצוטונקען.

זיי זיינען ניט אַלע אויף אַמאָל ארויסגעשפּרונגען אויף איהם. איינער האָט צוערשט געפּרואווט געבען אַ לייכטען קלאַפּ, און זעהענדיג, אַז קריסטאָף ענטפערט ניט האָט ער גענומען שטאַרקער קלאַפּען. אַנדערע זיינען דאַן צוגעקומען, און צום סוף — די גאַנצע באַנדע. אַ טייל האָט דערפון פּשוט געמאַכט אַ פאַרוויילונג און ווי יונגע פאַרשייטע ארומגעשפּרונגען און געלאָזען זייערע „שפּורען", וואו מען דאַרף ניט. דאָס איז געווען אַ גאַנצער פליהענדער סקאַדראָן פון אומפעהיגע זשורנאַליסטען, וועלכע, ניט ווייסענדיג קיין זאַך, זוכען דורך שבחים צו די זיגער און באַליידיגונגען צו די באַזיגטע, צו באַהאַלטען זייער אומוויסענ־

היים. אַנדערע זיינען פּעסט אויפגעטראַטען מיט זייערע פּרינציפּען און געשריען ווי די טויבע. וואו זיי זיינען אַרי־בער האָט שוין קיין זאַך ניט געוואַקסען: — דאָס איז געווען די גרויסע קריטיק — די קריטיק וואָס הרג'עט.

קריסטאָף'ס גליק איז געווען וואָס ער האָט ניט גע־לייענט די ציימונגען. אַ פּאָר איבערגעבענע פריינד האָבען איהם דוקאַ געשיקט די זשורנאַלען, באַזונדערס מיט די גיפ־טיגסטע אַרטיקלען. ער פלעגט זיי אָבער לאָזען אַנגעוואָרפען אויפ'ן טיש און אפילו ניט אַ טראַכט טאָן זיי צו עפענען. ערשט צום סוף האָט ער איינמאָל באַמערקט אַ רויטען ציי־כען אַרום אַן אַרטיקעל. אין אָט דעם אַרטיקעל האָט ער גע־לייענט, אַז זיינע ליעדער זיינען ענליך צום ברומען פון ווילדע חיות; אַז זיינע סימפאָניעס קוקען אויס ווי מ'וואָלט זיי געשריבען אין אַ משוגעים־הויז; אַז זיין קונסט איז אַ היסטערישע, זיינע האַרמאָניען אַ ספּאַזמען־שפּיעל וואָס זוכט בלויז צו צוטומלען דעם עולם, כדי ער זאָל ניט אַרויסזעהן ווי פּוסט און טרוקען ס'איז דאָס האַרץ פון'ם קאָמפּאָזי־טאָר, ווי ווערטלאָז ס'זיינען זיינע געדאַנקען. דער קריטיקער — אַ גוט באַקאַנטער — האָט אַזוי פאַרענדיגט:

„הער קראַפט האָט אונז אַמאָל אַלס ציימונגס־רעפּאָר־טער געוויזען אויף אַ וואונדערליכען אופן זיין סטיל און גע־שמאַק, און אין מוזיקאַלישע קרייזען האָט מען זיך איבער דעם שטאַרק און לוסטיג אַמוזירט. מ'האָט איהם דאַן פריינד־ליך געראַטען, ער זאָל בעסער שרייבען נאָטען און קאָמפּאָ־זיציעס. די לעצטע שאַפונגען פון זיין מוזע האָבען אָבער דערוויזען, אַז די גוט־געמיינטע עצה איז דאָך געווען אַ שלעכטע. הער קראַפט דאַרף זיך בלי ספק ווידער זיך נעה־מען צו ציימונגס־ראַפּאָרטאַזש".

נאָכדעם ווי ער האָט איבערגעלייענט אָט דעם אַרטי־קעל, — צוליעב וועלכען ער האָט שוין ניט געקאָנט אַרבייטען דעם גאַנצען פאַרמיטאָג, — האָט ער זיך גענומען אויפזוכען אַנדערע פיינדליכע צייטונגען. לואיזע האָט אָבער געהאַט אַ מאַניע צו פאַרניכטען אַלצדינג וואָס האָט זיך אַרומגע־וואַלגערט. איהר טענה איז שטענדיג געווען, אַז זי דאַרף „צוראַמען"; און די געזוכטע צייטונגען זיינען שוין געווען פאַרברענט. צוערשט האָט דאָס איהם אויפגערעגט, נאָכדעם האָט ער זיך דערפון געפיהלט ווי דערלייכטערט. ער האָט דער מאַמע'ן דערלאַנגט די לעצטע צייטונג און איהר גע־זאָגט, אַז זי האָט מיט דער דאָס זעלבע געדאַרפט טאָן ווי מיט די אַנדערע.

אַנדערע באַליידיגונגען האָט ער שטאַרקער דערפיהלט. אַ קוואַרטעט־מאַנוסקריפּט וואָס ער האָט געהאַט צוגעשיקט צו אַ באַוואוסטען פראַנקפורטער פאַראיין איז איינשטימיג צוריקגעוויזען געוואָרען אָהן קיין שום ערקלערונג. אַן אוווערטיורע וואָס אַ קעלנער אָרקעסטער האָט געזאָלט שפּי־לען, איז איהם נאָך לאַנגען ערוואַרטען צוריקגעשיקט געוואָ־רען אַלס אַן אומשפּיעלבאַר ווערק. די שמערצליכסטע באַליי־דיגונג האָט ער אָבער געקראָגען פון אַ שטאָטישען אָרקעס־טער־פאַראיין. דער קאַפּעל־מייסטער ה. אייפראַט, וואָס האָט זי דירינירט איז געווען אַ נישקשה'דיגער מוזיקער; ווי כמעט אַלע אָרקעסטער־דיריגענטען האָט ער אָבער ניט גע־האַט קיין גייסטיגע נייגעריגקייט. ער האָט געליטען — (אָדער בעסער געזאָגט, ער האָט הנאה געהאַט) — פון דער ספּעציעלער פוילקייט וואָס כאַראַקטעריזירט זיין קלאַס, און וואָס באַשטעהט אין שטענדיג שפּיעלען די שוין באַקאַנטע ווערק איידער אַנטלויפען פון יעדער נייער קאָמפּאָזיציע ווי פון

אַ פייער. ער איז קיינמאָל ניט מיעד געוואָרען צו פאַראַנ־שטאַלטען, בעטהאָווען־, שומאַן־ אָדער מאָצאַרט־פייערונ־גען. די ווערק האָבען איהם פאַרוויגט און געפיהרט מיט זייער געוועהנליכען, געצוויגענעם ריטם. דערפאַר האָט ער טאַקע ניט געקאָנט פאַרליידען די מוזיק פון זיין צייט. ער האָט זיך אָבער געשעהמט דאָס מודה צו זיין, און כלומרשט געשפּיעלט די ראָלע, אַז ער וויל אַלע יונגע טאַלאַנטען אויפ־נעהמען. אין אמת'ן האָט ער אָבער נאָר גוט אויפגענומען די ווערק וואָס זיינען געווען געבויט אויפ'ן אַלטען שטייגער— אַ געמיש פון ווערק וואָס זיינען געווען ניי צוריק מיט פופ־ציג יאָהר. אַזעלכע ווערק האָט ער געשפּיעלט מיט אַ מין פּאַראַד און זיי געזוכט אַרויפצוצווינגען אויפ'ן פּובליקום. דאָס האָט איהם ניט געשטערט אַרויסצובריינגען זיינע עפּעק־טען און דאָס פּובליקום איז, ווי געוועהנליך, פון זיי גע־ריהרט געוואָרען. דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט אַ געפיהל פון פאַראַכטונג און האָס צו אַלץ וואָס האָט געשטערט אָט דעם סדר זיינעם און איהם געטריבען צו נייע אַנשטרענגונ־גען. אויב דער נייער אָריגינעלער קאָמפּאָזיטאָר האָט קיין שאַנסען ניט געהאַט אַרויסצוקומען פון שאָטען, האָט ער איהם פאַראַכטעט; אויב אָבער ס'איז געווען אַ געפאַהר, אַז ער וועט ערפאָלגרייך ווערען, האָט ער איהם געהאַסט — זעלבסטפאַרשטענדליך נאָר ביז דעם מאָמענט ווען ער איז טאַקע ערפאָלגרייך געוואָרען.

קריסטאָף האָט נאָך דערביי ניט געהאַלטען: ס'האָט נאָך דערצו אַסך געפעהלט. דערפאַר איז ער טאַקע שטאַרק איבעראַשט געווען, ווען מ'האָט איהם צו וויסען געגעבען אויף אַן אומדירעקטען שטייגער, אַז דער הער אייפאַרט וואָלט זעהר וועלען שפּיעלען וועלכע פון זיינע קאָמפּאָזיציעס. פאַר־

וואונדערט האָט דאָס איהם נאָך מעהר דערמיט וואָס ער האָט געוואוסט, אַז ער איז אַן אינטימער פריינד פון בראהמס'ן און נאָך פון אַנדערע, וועמען ער האָט אין זיינע קריטיקען ניט באַהאַנדעלט מיט זיידענע הענטשקעס. זייענדיג אָבער בטבע אַ גוטער, האָט ער זיינע געגנער צוגעשריבען די זעלבע געפיהלען ווי ער האָט געהאַט. ער האָט גערעכענט אַז, זע־הענדיג אַז ער ווערט אַזוי אָנגעגריפען פון אַלע זייטען, האָ־בען זיי איהם געוואָלט באַווייזען, אַז זיי שטעהן העכער ווי די אַלע קליינליכע פּערזענליכע רוגז'ען. דאָס האָט איהם גע־ריהרט. ער האָט דעם קאַפּעלמייסטער געשריבען אַ וואַרים בריוועל און איהם צוגעשיקט אַ סימפאָנישע פּאָעמע. הער אייפאַרט האָט איהם געענטפערט דורכ'ן סעקרעטאַר אַ קאַל־טען אָבער העפליכען בריעף, ערקלעהרענדיג, אַז ער האָט דערהאַלטען דעם מאַנוסקריפּט, און צוגעלעגט, אַז לויט דעם אַלגעמיינעם רעגעל פונ'ם פאַראיין וועט די סימפאָניע אײנ־גיכען איבערגעגעבען ווערען צו דעם אָרקעסטער, און דורכ־געהען אַ סעריע רעפּעטיציעס איידער זי וועט ענדגילטיג אָנ־גענומען ווערען. אַ רעגעל איז אַ רעגעל: קריסטאָף האָט זיך דערמיט געמוזט צופרידענשטעלען. אָבער נאָך אַלעמען איז דאָס בלויז געווען אַ פאָרמאַליטעט — אַפּט אַ מיטעל ווי צו באַזייטיגען די שרייבערייען פון אַמאַטאָרען וואָס האָבען זייערע „ווערק“ געוואָלט אַרויפצווינגען.

צוויי־דריי וואָכען שפּעטער האָט מען איהם געשריבען אַז מ'טרעט באַלד צו צו די רעפּעטיציעס פון זיין סימפאָ־ניע. דער כלל איז געווען, אַז די רעפּעטיציעס דאַרפען פאָר־קומען הינטער געשלאָסענע טירען און אַפילו דער קאָמפּאָזי־טאָר האָט דאָרט ניט געקאָנט זיין. אויס טאָלעראַנץ פלעגט מען איהם אָבער דאָך אַריינלאָזען; ער פלעגט זיך דערפאַר

פאַר קיינעם ניט ווייזען. יעדער האָט געוואוסט אַז ער איז דאָרט, נאָר יעדער האָט זיך געמאַכט אַז ער ווייסט עס ניט. צום באַשטימטען טאָג איז קריסטאָף'ס אַ פריינד איהם געקומען נעהמען, אריינגעפיהרט אין זאַל און איהם אוועקגעזעצט אין הינטערשטען טייל פון אַ לאָזשע. קריסטאָף איז פאַרוואונדערט געוואָרען זעהענדיג, אַז ביי דער כלומרשט פריוואַטער רעפּעטיציע איז דער זאַל — די פּאַרקעט־פּלעצער וועניגסטענס, — כמעט אין גאַנצען אָנגעפילט; און געווען איז דאָרט אַ מחנה דיליעטאַנטען, רייכע ליידיג־געהער און קריטיקער, וועלכע האָבען ניט געקאָנט איינזיצען
הער און קריטיקער, וועלכע האָבען ניט געקאָנט איינזיצען
אָרקעסטער האָט כלומרשט ניט געדאַרפט וויסען אַז זיי זיינען דאָרט.

מ'האָט אָנגעפאַנגען מיט בראַהמ'ס ר א פּ ס אָ ד י ע פאַר אַלטאָ שטימען, אַ מענער־כאָר און אָרקעסטער, אויף געטע'ס אַ פראַגמענט פון „דער הארצרייזע אים ווינטער“. קריסטאָף האָט ניט געקענט אריבערטראָגען די מאַיעסטעטישע סינטימענטאַליטעט פון דעם שטיק; ער האָט זיך אָבער געטראַכט אַז בראַהמ'ס אנהענגער צווינגען איהם אומיסנע זיך צוצוהערען צו אָט דער קאָמפּאָזיציע וואָס ער האָט אַזוי ביטער קריטיקירט, כדי אויף אַן איידעלען אופן זיך אַן איהם נוקם צו זיין. דער געדאַנק האָט איהם געמאַכט לאַכען. זיין שטימונג האָט זיך נאָך פאַרבעסערט, ווען מ'האָט נאָך דער ר א פּ ס אָ ד י ע געשפּיעלט צוויי קאָמפּאָזיציעס פון באַוואוסטע מוזיקער, וואָס ער האָט אין זיינע אַרטיקלען ניט צום גוטען דערמאָנט. די כונה איז געווען אַ גאַנץ דייטליכע, און כאָטש ער האָט געמאַכט עטליכע פאַרדרוסיגע העוויות, האָט ער דאָך געמוזט מודה זיין, אַז דער פאַראיין איז געגען איהם טאַקט־

פול אַרויסגעטראַטען; און אנשטאט די מוזיק איז איהם גע־פעלען דער וויץ דערפון. עס האט איהם אפילו אמוזירט צו אפלאַדירען, בעת דאָס פובליקום האט שטורמיש אַרויסגע־וויזען זיין ענטוזיאזם פאר בראהמס'ן און פאר די אַנדערע צוויי קאמפּאזיטאָרס.

ענדליך האָט מען זיך גענומען צו קריסטאָף'ס סימפּאַ־ניע. ער האט געזעהן נאָך די בליקען וואָס מ'האט געוואָר־פען פון דעם אָרקעסטער און פון דעם פּאַרקעט אויף זיין לאָזשע, אז מ'ווייסט אז ער איז דאָרט. ער האָט זיך באַ־האַלטען. ער האָט געוואַרט, מיט יענער האַרץ־קלאַפּעניש וואָס יעדער מוזיקער פיהלט בעת דאָס שטעקעל פון דעם דירי־גענט הויבט זיך אויף און דער גאַנצער שטראָם מוזיק קלייבט זיך שטיל צונויף און איז פאַרטיג אויפצורייסען דעם קאַ־נאַל. קיין אָרקעסטער האָט נאָך ביז דאַמאָלסט ניט אויפגע־פיהרט זיינ'ס א ווערק. ווי אזוי וועלען זיינע געטרוימטע באַשעפענישען אויסזעהן לעבעדיגערהייט? ווי אזוי וועט זייער שטים קלינגען? ער האָט געפיהלט ווי אין זיין האַרץ שטורמט און ווי איינגעבויגען איבער דעם קלאַנגען־אַפּגרונד האָט ער ציטערענדיג געוואַרט אויף דאָס וואָס וועט אויפ־שטייגען.

דאָס אַרויפגעשטיגענע איז געווען א מורא'דיג מאַדנע זאַך, א פאַרמלאַזער קלאַנגען־געמיש. אַנשטאָט פעסטע זיי־לען וואָס האַלטען אויף דעם בנין, האָבען זיך געהערט קראַ־כענדע אקאָרדען פון פאַרשידענע זייטען, ווי ביים צוזאמענ־ברעכען פון א צופוילטער געביידע; מ'האָט בלויז געזעהן שטויב און צובראָכענע ציגעל. קריסטאָף האָט צוערשט כמעט ניט געגלויבט, אז דאָס שפּיעלט מען זיין סימפּאָניע. ער האָט געזוכט די ליניע, דעם ריטם פון זיין געדאַנק: ער האָט

זיי ניט דערקענט. דער ריטם פון דער סימפאָניע האָט זיך געערוקט שטאַמלענדיג און וואַקלענדיג ווי א שכור, וואָס פאַר־טשעפּעט זיך אָן די ווענט. ער איז דערשלאָגן געוואָרען פון שאַנד, פונקט ווי מ׳וואָלט איהם אליין געזעהן אין דעם טרויערינען צושטאַנד. ער האָט געמעגט גאַנץ גוט וויסען, אז ער האָט ד א ס ניט אָנגעשריבען; ווען אַן אידיאָט, אן אַקטיאָר אָדער א שפּיעלער פאַרקריפּעלט אָבער אייערע גע־דאַנקען, כאַפּט זיך אויף א מאָמענט א צווייפעל אריין אין הארצען, מ׳פרעגט זיך מיט שרעק: צי מ׳איז דערפאַר ניט פאַראַנטוואָרטליך? דאָס פּובּליקום שטעלט זיך קיינמאָל ניט קיין פראַגעס: עס גלויבט דעם אַקטיאָר, די זינגער, דעם אָרקעסטער וועלכען ער איז צוגעוואוינט צו הערען, פונקט ווי ער גלויבט שטענדיג זיין צייטונג. זיי קאָנען ניט מאַ־כען קיין טעות! אויב זיי זאָגען דומהייטען, איז עס דער־פאַר, ווייל דער מחבר איז דום. און איצט האָט דאָס פּוב־ליקום נאָך מעהר געגלויבט, ווייל עס האָט הנאה געהאַט פון׳ם גלויבען. — קריסטאָף האָט געפּרואווט זיך דערוויי־זען, אז דער קאַפּעלמייסטער פאַרשטעהט, אז די אָרקעס־טער הרג׳עט זיין סימפאָניע, אז ער וועט זי אָפּשטעלען און ווידער אָנהויבען. די אינסטרומענטען האָבען אפילו ניט געשפּיעלט אַלע צוזאַמען. דער האָרן־שפּיעלער האָט זיך אויף א ווײַלע פאַרגעסען און פאַרפעהלט צו שפּיעלען זיין פראַזע אין צייט; דאן האָט א פּאָר מינוטען געשפּיעלט און פּלוצלונג יוהיג זיך אָפּגעשטעלט אויסצורייניגען דעם אינסטרומענט. געוויסע שטעלען פון די אָבאָען זיינען אין גאַנצען פאַר־שוואונדען. דער ערפאַרענסטער מוזיקאַלישער אויער האָט ניט געקאָנט דערגעהן דעם מוזיקאַלישען געדאַנקען־גאַנג, האָט ניט געקאָנט דערפיהלען אז ס׳איז פאַראַן וועלכער עס

איז מוזיקאַלישער געדאַנק. די פאַנטאַסטישע שפּיעל־נאָטען, די הומאָריסטישע שטריכען האָבען צוליעב דעם אומגעלומ־פּערטען, מיאוסען אָרקעסטער־שפּיעל, אויסגעזעהן משונה׳־דיג. ס׳איז געווען לעבערליך־נאַריש — דאָס ווערק פון אַן אידיאָט, פון אַ מענשען וואָס האָט קיין אהנונג ניט פון מוזיק. קריסטאָף האָט זיך געריסען די האָר; ער האָט גע־וואָלט אונטערברעכען דעם אָרקעסטער, אבער דער פריינד וואָס איז מיט איהם געזעסען האָט איהם אָפּגעהאַלטען. איהם פאַרזיכערענדיג אַז דער הער קאַפּעלמייסטער וועט שוין אַליין דערקענען די פעהלערען פון אָרקעסטער און אַלץ אַליין רעכט מאַכען — אַז קריסטאָף טאָר אַ חוץ דעם זיך ניט באווייזען, און אַז זיינע אַ באַמערקונג קאָן האָבען די ערגסטע ווירקונג. ער האָט קריסטאָף׳ן געצוואונגען זיך נאָך מעהר צו פאַרוקען אין דער לאָזשע. קריסטאָף האָט איהם געפאָלגט; ער האָט זיך אבער געקלאַפּט מיט די פויסטען אין קאָפּ אריין, און ביי יעדער צו׳הרג׳עטער שטעל האָט זיך פון איהם ארויסגעריסען אַ מורא׳דיגער קרעכץ פון כעס און וועהטאָג.

— די באַנדיטען! די לומפּען!

האָט ער געברומט און זיך געביסען די הענט אום ניט צו שרייען.

און איצט האָט ער צוזאַמען מיט די פאַלשע נאָטען גע־הערט דאָס אומרוהיגע מורמלען פונ׳ם פּובליקום. צוערשט איז בלויז געווען ווי אַ לייכטער גערויש; באַלד אבער — און קריסטאָף האָט שוין ניט געקאָנט צווייפלען — איז עס געוואָרען אַ געלעכטער. אַלע האָבען געלאַכט! און מיט זיי אַ טייל פון די מוזיקער, וועלכע האָבען דערצו געגעבען דעם סיגנאַל. דאָס פּובליקום האָט זיך וואָס אַמאָל אַלץ מעהר

געקייקעלט פון געלעכטער. און דער געלעכטער איז נאָך גרע־סער געוואָרען ווען די קאָנטראַבאַסען האָבען אַ טיעף־ריט־מישען מאַטיוו געשפּיעלט אויף אַ באַזונדער קאָמישען שטיי־גער. נאָר דער קאַפּעלמייסטער איז זיך רוהיג געשטאַנען אין מיטען פון געטומעל, און געגעבען דעם טאַקט מיט זיין שטעקעל.

ענדליך האָט מען דאָס שפּיעלען געענדיגט. — (די בעסטע זאַכען האָבען אויך אַ סוף.) — דאָס פּובליקום האָט געהאַט דאָס וואָרט. אַ הילכיגער געלעכטער און געטומעל האָט אויסגעבראָכען. דאָס שטורמיגע געלעכטער האָט גע־דויערט עטליכע מינוטען. אַ טייל האָט אויך געפּייפט, אַנ־דערע האָבען געפּאַטשט בראַוואָ; די וויצלער האָבען גע־שריען: ב י ס! אַ באַסאָווע שטים פון הינטען האָט גע־נומען נאָכזינגען דעם גראָטעסקען מאַטיוו. אַנדערע קונדסים האָבען באַלד צוגעהאָלפען. עמיצער האָט אַ געשריי געטאָן: „דער קאָמפּאָזיטאָר!" — שוין לאַנג אַז די וויצלער און קונדסים האָבען זיך ניט אַזוי גוט אַמוזירט!

נאָכדעם ווי דער טומעל האָט זיך אַ ביסעל איינגע־שטילט, האָט דער קאַפּעלמייסטער, כמעט אין גאַנצען אויס־געדרעהט צום פּובליקום, מיט אַ מינע ווי ער זעהט עס ניט — (ס'האָט נאָך אַלץ געהייסען אַז דאָס פּובליקום איז דאָרט ניטאָ) — אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט צום אָרקעסטער, אַז ער וויל רעדען. מ'האָט געשריען: „שאַ!"; און יעדער איז שטיל געבליבען. ער האָט נאָך געוואַרט אַ רגע און דאַן מיט אַן איינפאַכער, קאַלטער, שניידענדער שטים געזאָגט:

— „מיינע הערען, איך וואָלט אייך געוויס ניט גע־לאָזט שפּיעלען ד י ז אַ ך, ביז צום סוף, ווען איך וואָלט ניט געוואָלט ווייזען דעם הערן וואָס האָט געוואַגט צו באַ־

לידיגען אין זיין שרייבען דעם גרויסען בראהמס'ן, ווי אַזוי ער זעהט אויס."

מיט דעם האָט ער זיין רעדע געענדיגט. ער איז אראָפּ־געשפּרונגען פון דער פּלאַטפאָרמע און אַרויסגעגאַנגען. דאָס פּובליקום האָט איהם ווילד אַפּלאָדירט. מ'האָט געוואָלט ער זאָל נאָכאַמאָל אַרויסקומען; די אָוואַציע האָט נאָך גע־דויערט אַ צוויי מינוטער. ער איז אבער ניט צוריק געקומען. די אָרקעסטער־שפּיעלער זיינען זיך צוגאַנגען. דאָס פּובליקום האָט זיך ענדליך אויך באַשלאָסען אוועקצוגעהן. דער קאָנ־צערט איז געווען געענדיגט.

ס'איז געווען אַ גוטער טאָג.

קריסטאָף איז שוין געווען אין דרויסען. ווי ער האָט נאָר געזעהן דעם לומפּיגען קאַפּעלמייסטער אוועקגעהען פון זיין פּולט, איז ער ארויס פון דער לאָזשע, אראָפּ די טרעפּ פונ׳ם ערשטען שטאָק כדי איהם צו דעריאָגען און אויסצופּאַטשען. דער פריינד וואָס איז מיט איהם געקומען איז איהם נאָכ־געלאָפען און געפּרואווט צוריקהאַלטען; קריסטאָף האָט איהם אָבער אָפּגעשטופּט און שיעור ניט אראָפּגעוואָרפען פון די שטיגען. — (עס האָט זיך איהם ווי געגלויבט, אז ער האָט געוואוסט פון דער פּאַסטקע וואָס מ׳האָט פאַר איהם געלעגט און איהם אהין אריינגענאַרט.) — צו אייפּראָט׳ם און זיין אייגען גליק איז די טיר צו דער ביהנע געווען פאַר־שלאָסען, און זיין כעס׳דיג קלאַפּען האָט זי ניט געקאָנט עפענען. דערווייל האָט דאָס פּובליקום אָנגעהויבען ארויס־צוגעהן. קריסטאָף האָט דאָרט ניט געקאָנט בלייבען שטעהן. ער איז אַנטלאָפען.

ער איז גייסטיג געווען אין אַן אומבאַשרייבליכען צו־שטאַנד. ער איז סתם געגאַנגען, געוואָרפען די הענט, גע־דרעהט די אויגען ווילד און גערעדט הויך ווי אַ משוגע׳נער. די גאַס איז געווען כמעט פּוסט. דער קאָנצערט־זאַל איז מיט אַ יאָהר פריהער געבויט געוואָרען אין אַ נייעם געגענד, ניט ווייט הינטער׳ן שטאָט. קריסטאָף איז אינסטינקטיוו געלאָ־פען צום פעלד צו, איבער׳ן לאַנד וואָס איז דאָ און דאָרט געווען פאַרבויט מיט אַ פּאָר הייזלעך אָדער הייזער־געשטע־לען און פּלאַנקאַנס ארום זיי. ער האָט געהאַט גזלנ׳ישע מחשבות. ער האָט פּשוט געוואָלט הרג׳ענען דעם מענשען,

וואָס האָט איהם אזוי באַליידיגט... אה! און ווען ער הרג'עט איהם וואָלט ער דען דערמיט פאַרקלענערט די פיינדשאַפט פון די אַלע מענשען, וועמעס גיפטיגער געלעכטער עס האָט איהם נאָך געקלונגען אין זיינע אויערען? זייער צאָהל איז גע־ווען צו גרויס, ער האָט זיי גאָר ניט געקאָנט טאָן. זיי זיי־נען אַלע געווען איינשטימיג — זיי, וואָס אין אנדערע זאַ־כען האָבען זיי שטענדיג געהאַט פאַרשידענע מיינונגען — איהם צו באַליידיגען און דערשטיקען. זיי האָבען איהם מעהר ווי ניט פאַרשטאַנען: — זיי האָבען איהם געהאַסט. וואָס האָט ער זיי אזוינס געטאָן? ער האָט אין זיך געהאַט שעהנע זאַכען — גוטע און האַרציגע זאַכען. ער האָט זיי געוואָלט איבערגעבען, כדי אנדערע זאָלען אויך פון זיי הנאה האָבען. אויב אפילו זיי זיינען ניט געפעלען, האָט מען איהם ווײַ־ניגסטענס דאָך געדאַרפט דאַנקבאַר זיין פאַר דער כונה. אין ערגסטען פאַל האָט מען איהם געדאַרפט פריינדליך אָנוויי־זען מיט וואָס ער האָט א טעות געמאכט. אבער ווי איז עס מעגליך, אז מ'זאָל מיט אזא בייזוויליגער פרייד וועה טאָן? מיט די פיס וועלען טוימען זיין שאַפונג וואָס איז אזוי העם־ליך איבערגעאַנדערשט געוואָרען? אין זיין שרעקליכער אויפ־רעגונג האָט ער נאָך איבערטריבען זייער האַס; ער האָט דעם האַס פון די מיטעלמעסיגע באַשעפענישען צו ערנסט גענומען. ער האָט געכליפעט: „וואָס האָב איך זיי געטאָן?“ עס האָט איהם געשטיקט, ער האָט זיך געפיהלט א פאַר־לאָרענער פונקט ווי ווען ער האָט צום ערשטען מאָל, אלס קינד, דערזעהן די מענשליכע שלעכטקייט.

פּלוצלונג האָט ער זיך אַרומגעקוקט און געזעהן, אז ער שטעהט ביים ברעג טייכעל נעבען דער מיל, פונקט אויפ'ן זעלבען אָרט וואו זיין פאָטער האָט זיך צוריק מיט איינינגע

יאָהר דערטרונקען. דער געדאַנק איז איהם פּלוצלונג איינגע־פאַלען זיך אויך צו דערטרינקען. ער האָט שוין געהאַלטען ביים אריינשפּרינגען.

נאָר בעת ער האָט באַצויבערט געקוקט אויפ'ן רוהיגען, קלאָרען וואסער, האָט אַ קליין פויגעלע אויף אַ בוים דער־ביי גענומען זינגען — זינגען זיס און האַרציג. ער איז שטיל געבליבען און זיך צוגעהערט. דאָס וואסער האָט גע־מורמעלט. ער האָט געהערט ווי די אַבלומטע ווייץ־זאַנגען ציטערען־אויף פון די לאַשטשענדע ווינטלאַך. די דעמבען האָבען געציטערט פון קיהלקייט. הינטער אַ פּאַרקאַן ביים וועג האָבען בינען אין זייערע בינען־שטאַקען אין אַ גאַר־טען, אַנגעפילט די לופט מיט זייער דופּטענדער מוזיק. אויפ'ן אַנדערען זייט טייכעל האָט אַ קוה מיט שעהנע מיל־דע אויגען ווי געחלומ'ט. אַ בלאָנד מיידעלע איז ווי אַ מלאַכ'על מיט פליגלען געזעסען אויף אַ וואַנט מיט אַ לייכט קוישעל אויף די אַקסלען און אויך גע'חלומ'ט, הויבענדיג איהרע נאַקעטע פיסלאַך און זינגענדיג אַ ליעדעל וואָס האָט קיין זין נים געהאַט. ווייטער אויפ'ן פעלד איז אַ ווייסער הונט ארומגעשפּרונגען און געמאַכט שפּרייזענדיג גרויסע רעדער. קריסטאָף האָט זיך אַנגעשפּאַרט אַן אַ בוים, זיך צוגעהערט, און געקוקט אויף דער בליהענדער פריהלינג־ערד. דער פריעדען און די פרייד פון די אַלע באַשעפעני־שען האָבען איהם ארומגענומען. ער האָט פאַרגעסען... פאַר־געסען... פּלוצלונג האָט ער פעסט ארומגענומען דעם בוים און צוגעדריקט צו איהם זיין פּנים. ער האָט זיך אַנידערגע־וואַרפען אויף דער ערד און איינגעגראַבען דעם קאָפּ אין גראָז. ער האָט נערוועז־גליקליך געלאַכט. די גאַנצע שעהנ־קייט, גראַציע און כשוף פונ'ם לעבען האָט איהם אַרומגע־

נומען, דורכגענומען און אָנגעפילט ווי א שוואם. ער האָט געטראַכט:

— פאַרוואָס ביזטו אזוי שעהן, און זיי — די מענשען — אזוי מיאוס?

עס מאכט ניט! עס האָט דאָס לעבען ליעב געהאט, און געפיהלט, אז ער וועט עס שטענדיג ליעב האבען און קיין זאך וועט איהם דערפון ניט אָפּהאַלטען. ער האָט, א באַרוישטער, געקושט די ערד. ער האָט אומאַרמט דאָס לעבען.

— איך ליעב דיך! דו ביסט מיינע. זיי קאָנען דיך פון מיר ניט צונעהמען. זאָלען זיי טאָן וואָס זיי ווילען! מיינט אויך לעבען!

זאָלען זיי מיר פאַרשאפען שמערץ און ליידען!... ליידען

קריסטאָף האָט זיך ווידער מוטיג גענומען צו דער אַרבייט. ער האָט שוין מעהר ניט געוואָלט האָבען צו טאָן מיט די „באַוואוסטע שריפטשטעלער", די פּראָזיאַרען, די פּוסטע פּלוידערזעק, די זשורנאַליסטען, די קריטיקער, די קונסט־עקספּלואַטאַטאָרס און הענדלער. וואָס אַנבאַלאַנגט די מוזיקער האָט ער מעהר ניט פאַרלאָרען קיין צייט צו באַקעמפען זייערע פאַראורטיילען און זייער קנאה. זיי האָבען איהם ניט געוואָלט? — גוט! ער וויל פון זיי אויך ניט וויסען. ער דאַרף שאַפען זיין לעבענס־ווערק און ער וועט עס שאַפען. דער גרויספירשט האָט איהם די פרייהייט געגעבען; דאַנקט ער איהם דערפאַר. ער דאַנקט אויך די מענשען פאַר זייער פיינדשאַפט; ער וועט איצט קאָנען רוהיג אַרבייטען.

לואיזע האָט מיט איהם איינגעשטימט מיט'ן גאַנצען האַרצען. זי האָט קיין גרויסע השגות ניט געהאַט; זי איז ניט געווען פון די ק ר אַ פ ט ס; זי איז ניט עהנליך געווען צו זיין פאָטער און ניט צו זיין זיידען. זי האָט ניט געזוכט קיין גרויסע רעפּוטאַציע און קיין כבודים פאַר איהר זוהן. זי האָט אודאי געוואָלט ער זאָל ווערען רייך און באַריהמט; נאָר אויב מ'דאַרף צוליעב דעם האָבען יסורים און צער, האָט זי בעסער דערפון אפילו ניט געוואָלט אַ טראַכט טאָן. די לעצטע געשעהניש האָט זי ווייניגער גע־אַרט ווי זיין צוקריגען זיך מיט'ן גרויספירשט; און איין האַר־צען איז זי געווען צופרידען וואָס ער איז ברוגז געוואָרען מיט די רעדאַקציעס און די צייטונגס־לייט. זי האָט פאַר דעם געשריבענעם פּאַפּיר זיך געשראָקען פונקט ווי דער פּויער. — „דאָס מאַכט נאָר דעם מענשען צו פאַרלירען זיין צייט און ציהט איהם צו שונאים". פלעגט זי זיך טראַכטען

— זי האָט עטליכע מאָל געהערט די יונגע־לייטלאַך פון דער „צייטשריפט“ רעדן מיט קריסטאָף'ן און זי איז פון זייערע בייזע צינגער דערשראָקן געוואָרן. זיי האָבן אַלץ צורי־סען, צופּיצעלט מיט זייערע געזונטע ציין, זיי האָבן וועגן קיין זאַך קיין גוט וואָרט ניט געזאָגט — און וואָס מער זיי האָבן גערעדט, געביסן אַלץ צופרידענער זיינען זיי געווען. זי האָט זיי ניט ליעב געהאָט. זיי זיינען טאָקע געווען אינטעליגענט און געלערנט; זיי זיינען אָבער ניט געווען קיין גוטע מענשען און ס'האָט איהר הנאה געטאָן וואָס קריסטאָף זעהט זיך מער ניט מיט זיי. זי האָט זיך געטראַכט, פּונקט ווי איהר זוהן, אַז ער דאַרף זיי ניט.

— זיי מעגען וועגען מיר רעדען, דענקען און שרייבען וואָס זיי ווילען — פלעגט קריסטאָף זאָגען; — זיי קאָנען מיך ניט שטערען אויפצוהאַלטען מיין „איך“. וואָס אַרט מיך זייער קונסט, און זייערע געדאַנקען? איך לייקען זיי אָפּ.

ס׳איז זעהר שעהן אַפּצולייקענען די וועלט; די וועלט לאָזט זיך אָבער ניט אַזוי גרינג אָפּלייקענען פון אַן אַנגע־בלאָזענעם יונגען־מאַן. קריסטאָף איז געווען אויפריכטיג, ער האָט אָבער אין זיך אַ טעות געהאַט: ער האָט זיך ניט גוט געקענט. ער איז ניט געווען קיין מאַנאַך; זיין טעמ־פעראַמענט איז ניט געווען אַזאַ אַז ער זאָל זיך קאָנען אָפּ־זאָגען פון דער וועלט; ער איז נאָך דערצו, איבערהויפּט, צו יונג געווען. די ערשטע שטיקעל צייט האָט ער ניט שטאַרק געליטען; ער איז געווען פאַרטאָן אין זיינע קאָמפּאָ־זיציעס, און וויפיעל דאָס האָט געדויערט האָט איהם קיין זאַך ניט געפעהלט. ווען די דריקענדע פּעריאָדע איז אָבער געקו־מען — די פּעריאָדע וואָס הויבט זיך אָן ווען מ׳פאַרענדיגט אַ ווערק און דויערט ביז ווען אַ נייע ווערק דרינגט אַריין אין גייסט — האָט ער זיך ארומגעקוקט און איז דערשראָקען געוואָרען פון זיין איינזאַמקייט. ער האָט זיך געפרעגט, צו וואָס ער שרייבט. בעת מ׳שרייבט, שטעלט זיך די פראַגע ניט: מ׳מוז שרייבען. נאָכדעם בלייבט מען אָבער שטעהן פאַר׳ן ניי־געבאָרען ווערק; דער מעכטיגער אינסטינקט וואָס האָט עס פונ׳ם לייב ארויסגעריסען, בלייבט שטיל; מ׳פאַר־שטעהט ניט צו וואָס ס׳איז געבאָרען געוואָרען; מ׳דער־קענט זיך קוים דערין; עס איז כמעט פרעמד; מ׳וויל עס פאַרגעסען. און דאָס איז אוממעגליך כל־זמן דאָס ווערק ווערט ניט פּובליצירט, ניט געשפּיעלט — כל־זמן עס לעבט

ניט אַן אייגענעם לעבען אויף דער וועלט. ביז דעמאָלט איז עס נאָך ווי אַ ניי־געבאָרען קינד וואָס איז צוגעבונדען צו דער מאַמען — ווי אַ לעבעדיגע זאַך וואָס איז נאָך ניט אָפּגע־טיילט פון דעם מוטער־לייב: מ׳מוז עס אָפּשיידען, אום יע־דען פּרייז, כדי עס זאָל לעבען. וואָס מעהר קריסטאָף האָט קאָמפּאָנירט, אַלץ שטאַרקער האָט ער אין זיך געפיהלט דעם דרוק פון די באַשעפעניששען וואָס זיינען פון איהם ארויס און האָבען ניט געקאָנט ניט לעבען און ניט שטאַרבען. זיי האָ־בען איהם פאַרפאָלגט. ווער וועט איהם פון זיי באַפרייען? אַן אומבאַשטימטער אימפּולס האָט אָט די געדאַנקען־קינדער זיינע אַנגעטריבען; זיי האָבען זיך מיט פאַרצווייפלונג גע־וואָלט אָפּרייסען פון איהם און אריינדרינגען אין אַנדערע נשמות; זיי האָבען זיך געוואָלט פאַרשפּרייטען אויף דער וועלט ווי די פּולע, פרוכטבאַרע זאָמען. — מוז ער שוין בלייבען אָפּגעזונדערט, פרוכטלאָז? ער איז דערפון ווילד גע־וואָרען.

וויבאַלד די טעאַטערס, די קאָנצערט־זאַלען זיינען פאַר איהם געווען פאַרמאַכט, און ער וואָלט זיך באַין אופן ניט ערנידעריגט צו געהן בעטען די דירעקטאָרען וואָס האָבען איהם אָפּגעזאָגט, איז פאַר איהם קיין אַנדער מיטעל ניט געבליבען ווי נאָר ארויסצוגעבען אין דרוק זיינע געשריי־בענע ווערק; ס׳איז איהם אָבער ניט גרינגער געווען צו גע־פינען אַ פאַרלעגער וואָס זאָל ארויסגעבען זיינע קאָמפּאָזי־ציעס ווי צו קריגען אַן אָרקעסטער וואָס זאָל זיי שפּילען. די צוויי־דריי־אומגעלומפּערטע פּראָבעס וואָס ער האָט גע־מאַכט, זיינען פאַר איהם גענוג געווען. איידער ארומצו־געהן צו די מוזיק־הענדלער, מיט זיי איינצוטענה׳ען, און נאָרניט פּועל׳ען אָדער צו דולדען זייער פּילאַנטראָפּיי

אַנשטעל, האָט ער זיי שוין בעסער אליין געוואָלט ארויס־געבען אויף די אייגענע הוצאות. ס'איז געווען א משוגעת: ער האָט געהאַט אביסעל אָפּגעשפּאָרט געלט פון זיין געהאַלט אין הויף און פון עטליכע קאָנצערטען; דער קוואַל פון דעם געלט איז שוין אָבער געווען אויסגעטריקענט, און עס האָט גערדאַרפט נעהמען א שטיק צייט ביז ער וועט געפינען אַן אַנדערען. ער האָט געמוזט שטאַרק פּאַרזיכטיג אומגעהן מיט דעם שטיקעל אוצר, כדי ער זאָל קאָנען איבערלעבען די שווערע צייט וואָס איז פאַר איהם געשטאַנען. ניט נאַר האָט ער דאָס ניט געטאָן, נאָר, אַזוי ווי דאָס ביסעל אָפּגע־שפּאָרט געלט איז ניט געווען גענוג צו דעקען די הוצאות פון דער אויסגאַבע, האָט ער אָהן שום מורא נאָך צוגעבאָרגט. לואיזע האָט זיך ניט דערוואַגט צו זאָגען א וואָרט; ס'האָט איהר אויסגעזעהן נאַריש און זי האָט ניט געקאָנט פאַר־שטעהן אַז מ'זאָל אויסגעבען געלט צו זעהן דעם אייגענעם נאָמען אויף א בוך; ווי באַלד ס'איז אָבער געווען דער איינ־ציגער מיטעל ווי איהם איינצושטילען און צו האַלטען אין דער היים, האָט זי זיך געפיהלט גליקליך וואָס דאָס שטעלט איהם צופרידען.

אַנשטאַט אויסצוקלייבען פאַר דער אויסגאַבע די קאָמ־פּאָזיציעס וואָס געהערען צו א באַקאַנטען און איינפאַכערען זשאַנר, וואו דאָס פּובליקום זאָל זיך פיהלען היימיש, האָט קריסטאָף צווישען זיינע מאַנוסקריפּטען אויסגעקליבען א רייהע אינדיווידועל־אָריגינעלע ווערק, פון וועלכע ער האָט געהאַלטען. ס'איז געווען פּיאַנאָ־שטיקער, וואו ס'זיינען גע־ווען אריינגעוועבט פאַרשיידענע לידער, א טייל זעהר קור־צע און פאָלקסטימליכע און א טייל שטאַרק אַנטוויקעלטע און כמעט דראַמאַטישע. דאָס גאַנצע האָט צונויפגעשטעלט א

רייהע לוסטיגע און טרויעריגע איינדרוקען וועלכע האַבען זיך צוזאַמענגעבונדען אויף אַ נאַטירליכען שטייגער און זיינען געוועזן געשריבען פאַר פּיאַנאַ און געזאַנג, אַליין אָדער אַקאָמ־פּאַנירט. „ווייל — פלעגט קריסטאָף זאָגען — ווען איך טרוים, פאַרמוליר איך ניט שטענדיג וואָס איך פיהל: איך לייד און פיהל זיך גליקליך און האָב קיין ווערטער ניט דאָס אויסצודריקען; אַ מאָמענט קומט אָבער ווען איך מוז דאָס אויסדריקען, דאַן זינג איך און טראַכט גאָרניט דערפון: אַמאָל זיינען עס גאָר אומדייטליכע ווערטער, איבערגעריסענע פראַזען, און אַמאָל זיינען עס גאַנצע פּאָעמען; דאַן הויב איך ווידער אָן צו חלומ׳ען. און אַזוי געהט דער טאָג אַוועק, און דעם טאָג האָב איך טאַקע געוואָלט שילדערען. צו וואָס די אַלע זאַמעל־אויסגאַבען נאָר פון געזאַנגען אָדער פּרעליר־דען? זיי זיינען אַזוי געקינצעלט און אומהאַרמאָניש! מ׳דאַרף לאָזען די נשמה פריי אויפלעבען.“ — ער האָט אַלזאָ די סע־ריע אָנגערופען: אַ טאָג. די פאַרשיידענע טיילען פונ׳ם ווערק האָבען געהאַט אונטער־טיטלען, וואָס האָבען אין קור־צען אָנגעדייט די רייהע־פאָלגע פון די אינערליכע טרוימען. קריסטאָף האָט אויף זיי אָנגעשריבען ווידמונגען, ראשי־תבות, און דאַטומס, וואָס נאָר ער האָט פאַרשטאַנען, און וואָס האָבען איהם דערמאָנט אָן געוויסע פּאָעטישע מאָמענ־טען, געוויסע געליעבטע געשטאַלטען: די לוסטיגע קאָרינע, די שמאַכטענדע פאַר׳חלומ׳טע סאַבינע און די אומבאַקאַנטע פראַנצויזישע מיידעל.

חוץ דעם ווערק האָט ער נאָך אויסגעקליבען אַ דרייסיג פון זיינע ליעדער — פון די וואָס זיינען איהם מייסטענס געפעלען און זיינען, פאָלגליך דעם פּובליקום ניט געפעלען. ער האָט גוט אַכטונג געגעבען חלילה ניט אַריינצושטעלען

די מעלאַדישסטע מאָטיוועז; ער האָט פאַר דער אויסגאַבע נאָר געוואָלט אויסקלייבן די כאַראַקטעריסטישסטע: — (ס'איז גאַנץ גוט באַוואוסט, אַז דער געוועהנליכער עולם האָט שטאַרק מורא פאַר'ן „כאַראַקטעריסטישען". דער וואָס האָט נים קיין כאַראַקטער וועט איהם שטענדיג בעסער געפעלען.)

די דאָזיגע ל י ע ד ע ר זיינען געווען קאָמפּאָנירט אויף פּאָעמען פון אַלטע שלעזישע פּאָעטען פון זיבעצעטען יאָהר־הונדערט, וועלכע קריסטאָף האָט צופעליג געלעזען אין א פאָלקסטימליכען זאַמעל־בוך און וועלכע ער האָט האָלט געקראָגען צוליעב זייער טיעפער אויפריכטיגקייט. צוויי פון די דיכטער זיינען איהם באַזונדערס טייער געוואָרען ווי אייגענע ברידער: צוויי זשעניען וואָס זיינען ביידע געשטאָרבען צו דרייסיג יאָהר: — דער באַצויבערענדער פּאָול פלעמינג, וואָס האָט דורכגערייזט קאַווקאַז און איספּאַהאַן און האָט אויפגעהאַלטען א ריינע, ליעבענדע און לויטערע נשמה, טראָץ די מלחמה־ווילדקייטען, די לעבענס־טרויערען און דער פאַרדאַרבענהייט פון דער צייט, — און יאָהאַן־קריסטיאַן גינטער, דער צעווילדעטער, געריהרטער זשעני וואָס האָט זיין לעבען שנעל פאַרשווענדעט, פאַרצעהרט, אין אויסגעלאַסענהייט און פאַרצווייפלונג. פון גינטער'ן האָט ער איבערגעגעבען די אויפפאָדערונגס־געשרייען, און די איראָניע וואָס איז אַנגעזאָפּט מיט נקמה געגען יענעם גאָט וואָס האָט איהם צוגעדריקט, די שרעקליך־ווילדע קללות פון דעם באַזיגטען, געשטירצטען ריעז, וואָס דונערט — צוריק קעגען הימעל. פון פלעמינג'ען האָט ער גענומען די ליעבע־ליעדער צו אַנעמאַן און באַזילען — זיסע און צאַרטע ווי די בלומען — אין דעם שטערן־קאַראַהאַד, דאָס טאַנץ־ליעד פון די לויטערע און מונטערע הערצער. — און די העראָישע און רוהיגע סאָנעט:

צ ו ז י ד (אַ זיד) וואָס קריסטאָף האָט יעדען פריהמאָר־גען געזאָגט ווי אַ תפילה.

דער שמייכלענדער אָפּטימיזם פון דעם פרומען פּאָול גערהאַרדט האָט קריסטאָף'ן אויך באַצויבערט. ער איז פאַר איהם געווען אַן אָפּרוה ווען דער טרויער און אומעט איז פון איהם אוועק. ער האָט ליעב געהאַט די אומשולדיגע וויזיאָן פון דער נאַטור ווי זי איז באַהעפּטעט צו גאָט, די פרישע לאַנקעס, די שטאַרקען ארומגעהענדיג ווי פּאַרטראַכט צווישען די טוליפּען און די ווייסע נאַרצים־בלומען — אין ברעג פון די טייכלאַך וואָס מורמלען זיט אויפ'ן זאַמד, די דורכזיכטיגע לופט וואו די גרוים־באַפליגעלטע שוואַלבען און די ווייסע טויבען פליהען דורך, דעם לוסטיגען זון־שטראַהל וואָס רייסט זיך דורך דעם רעגען, דעם העלען הימעל וואָס לויערט צווישען די וואָלקענס, און די מאַיעסטעטישע רוהיג־קייט פונ'ם אבענט, דאָס רוהען פון די וועלדער, פון די סטאַדעס בהמות, פון די שטעט, פון די פעלדער. ער האָט געהאַט די העזה איבערצוגעבען אין מוזיק עטליכע פון יענע גייסטיגע מיסטישע קאַנטאַס וואָס ווערען נאָך איצט גע־זונגען אין געוויסע פּראָטעסטאַנטישע געמיינדעס. ער האָט גוט אכטונג געגעבען ניט אַנצוהאַלטען זייער כאַראַל־כאַראַקטער. ער האָט דאָס פיינט געהאַט: ער האָט זיי גע־געבען אַ פרייען, לעבעדיגען שוואונג און אויסדרוק. דער אַל־טער גערהאַרדט וואָלט אפשער אויפגעציטערט געוואָרען פון דעם שטאָלץ־טייוולישען געפיהל וואָס ער האָט געהאַט אריינ־געלעגט אין געוויסע סטראָפען פון זיין "ליעד פון אַ קריסט־ליכען וואַנדרערער", — אדער פון היידענישער פרייד וואָס האָט אויפגעשטורמט דעם פריעדליכען שטראָם פון זיין „ז ו מ ע ר ־ ל י ע ד."

ער איז נאַטירליך צו דער אויסגאַבע צוגעטראָטען אָהן קיין שום באַשטימטען פּלאַן. דעם פאַרלעגער — וועמען ער האָט געצאַהלט פאַר'ן דרוקען די ליעדער און פאַר'ן זיין זייער הויפּט־פאַרקויפער — האָט ער אויסגעקליבען פּשוט ווייל ער איז געווען זיין שכן. ער האָט ניט געהאַט די נויטיגע מאַשינען פאַר אַזא וויכטיגער ארבייט; דאָס דרוקען האָט זיך פאַרצויגען מאַנאַטען־לאַנג; ס'זיינען געמאַכט געוואָרען אַ סך פעהלערען און דאָס קאָרעגירען האָט געקאָסט טייער. ער האָט קריסטאָף'ן — וועלכער האָט זיך אין די זאַכען ניט געטויגט — גערעכענט אַ דריטעל טייערער ווי עס איז איהם געקומען; די הוצאות זיינען געוואָרען אַ סך גרעסער ווי קריסטאָף האָט ערוואַרט. און ווען אַלץ איז שוין פאַרטיג געווען האָט קריסטאָף אויף זיך געהאַט אַן אומגעהייער גרויסע אויסגאַבע און ניט געוואוסט וואָס מיט איהר צו טאָן. דער פאַרלעגער האָט ניט געהאַט קיין קונדשאַפט. ער האָט ניט אָנגעווענדט קיין מיטלען צו פאַרשפּרייטען דאָס ווערק; ער איז אין דער היגזיכט עהנליך געווען צו קריסטאָף'ן. צו באַרוהיגען זיין געוויסען האָט ער איין מאָל געבעטען קריסטאָף'ן ער זאָל אָנשרייבען אַ פּאָר שורות פאַר אַ רעקלאַמע; קריסטאָף האָט איהם אָבער געענטפערט „אַז ער וויל ניט קיין רעקלאַמע". האָט ער קריסטאָף'ס ווילען פּינקטליך אויסגעפיהרט: ער האָט די גאַנצע אויסגאַבע פאַרוקט ווייט אין עק געוועלב. ער האָט זי אַזוי גוט אַפּגעהיט אַז אין זעקס חדשים האָט ער קיין איין עקזעמפּלאַר ניט פאַרקויפט.

וואַרטענדיג אַז דאָס פּובליקום זאָל זיך אַן איהם דער־מאָנען און קויפען זיין מוזיק, האָט קריסטאָף דערווייל גע־מוזט געפינען אַ מיטעל ווי צו פאַרשטאָפּען די לאָך אין זיין קאַסע... ער האָט זיך ניט געקאָנט איבערנעהמען, ווייל ער האָט געמוזט לעבען און צאָהלען חובות. ניט נאָר זיינען די חובות געוועזן גרעסער ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, נאָר ער האָט זיך אויך ארומגעזעהן אַז זיין אָפּגעשפּאָרטער אוצר איז געוועזן אַ סך קלענער ווי ער האָט גערעכענט. (ער האָט קיינמאָל ניט געקאָנט מאַכען קיין ריכטיגען חשבון) — ס'איז ניט וויכטיג געוועזן פאַרוואָס דאָס געלט האָט געפעהלט: אַז ס'האָט געפעהלט, דאָס איז געוועזן גאַנץ זיכער. לואיזע האָט פון אַלצדינג געמוזט אָפּשפּאָרען און העלפען איהר זוהן. ער האָט דערפון געהאַט שטאַרקע געוויסענביסע און געפּרואווט וואָס שנעלער אַלץ גוט מאַכען. ער האָט גענומען זוכען לעקציעס, כאָטש ער האָט זעהר געליטען פונ'ם זיך נאָכפרעגען און פון דעם אָפּזאָגען. זיין רעפּוטאַציע איז שטאַרק געפאַ־לען: ס'איז איהם זעהר שווער געוועזן נאָכאַמאָל צו קריגען עטליכע שילער. און ווען מ'האָט איהם ענדליך פאַרגעשלאָ־גען אַ שטעל אין אַ שול, איז ער געוועזן גאַנץ צופרידען זי אָנצונעהמען.

ס'איז געוועזן אַ האַלב־רעליגיעזער אַנשטאַלט. דער די־רעקטאָר איז געוועזן אַ קלוגער מענש און האָט באַלד פאַר־שטאַנען, כאָטש ער איז ניט געוועזן קיין מוזיקער, אַז ער וועט פון קריסטאָף'ן קאָנען ציהען גרויסע נוצען און איהם

אין זיין איצטיגער לאַגע ניט דאַרפען צאָהלען פיעל. ווען קריסטאָף האָט ווי מיט זיך איינגעשטעלט איהם צו מאַכען דעריבער א באַמערקונג, האָט איהם דער דירעקטאָר מיט א גוטמוטיגען שמייכעל געגעבען אַנצוהערעניש, אז אזוי ווי ער האָט שוין איצט ניט קיין אַפיציעלע שטעל קאָן ער ניט ער־וואַרטען קיין בעסערס.

דאָס איז געווען א אומעטיגע, און לאַנגווייליגע ארבייט! ער האָט דוקא מיט די קינדער ניט געדאַרפט לערנען פיעל מוזיק, ער האָט אָבער זיי (און די עלטערען זייערע) געדאַרפט געבען דעם איינדרוק, אז זיי לערנען א סך. די הויפט זאַך איז געווען, אז די קינדער זאָלען קאָנען זינגען און שפּיעלען ביי די שול־צערעמאָניעס, ווען דאָס פּובּליקום ווערט איינ־געלאַדען. אַלע מיטלען דערצו זיינען געווען גוט. קריסטאָף'ן האָט עס אַפּגעעקעלט; ער האָט זיך אפילו ניט געקאָנט טרייסטען מיט'ן געדאַנק, אז ער טוט א נוצליכע זאַך, זיין געוויסען האָט עס איהם אויפגעוואָרפען ווי א שטיק היפּאָ־קריטסטווא פון זיין זייט. ער האָט געפּרואווט געבען די קינ־דער א בעסערע מוזיקאַלישע ערציהונג, זיי מאַכען פאַרשטעהן די מוזיק און איינפלאַנצען אין זייערע הערצער אַן ערנסטע ליעבע צו איהר: די קינדער האָט דאָס אָבער ניט אינטע־רעסירט. ס'האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען זיי מאַכען זיך צוצוהערען. ס'האָט איהם געפעהלט מאראַלישע קראַפט; און אין אמת'ן איז ער בטבע ניט צוגעפּאַסט געווען צו לערנען מיט קינדער, ער האָט זיך ניט אינטערעסירט מיט זייער צימבּלען; ער האָט זיי אויף אמאָל געוואָלט ערקלערען די טעאָריע פון מוזיק. ווען ער פלעגט האָבען א פיאַנאָ־לעקציע פלעגט ער אוועקזעצען די שילערין שפּיעלען א סימפאָניע פון בעטהאָווען און מיט איהר מיטשפּיעלען. נאַטירליך האָט דאָס

ניט געקאָנט גלאַט געהן, פלעגט ער אין כעס ווערען, זי אוועק־
טרייבען פון דער פיאַנאָ און אַליין שפּיעלען אַ לאַנגע צייט.
— אַזוי איז ער אויך אומגעגאַנגען מיט די פּריוואַט שילע־
רינס אויסער דער שולע. ער האָט ניט געהאַט קיין ברעקעל
געדולד: ער פלעגט, למשל, זאָגען אַ שעהן מיידעל, וועלכע
האָט זיך געהאַלטען פאַר אַן אַריסטאָקראַטקע, אַז זי שפּיעלט
ווי אַ קעכין; אָדער אַמאָל שרייבען דער מוטער, אַז ער גיט
אויף די לעקציע, ווייל ער וועט געוויס סוף כל סוף שטאַרבען,
אויב ער זאָל זיך ווייטער אָפּגעבען מיט אַזאַ טאַלאַנטלאָזער
באַשעפעניש. — דאָס אַלץ האָט זיין לאַגע ניט פאַרבעסערט.
די עטליכע לעקציעס וואָס ער פלעגט קריגען, פלעגט ער שנעל
פאַרלירען. ער האָט קיין איינע ניט געקאָנט אַנהאַלטען מעהר
ווי צוויי חדשים. זיין מאַמע האָט איהם מוסר געזאָגט, און
ער אַליין—זיך אויך. ער האָט לואיזע'ן, ווייניגסטענס, געמוזט
צוזאָגען, אַז ער וועט זיך ניט צוקריגען מיט'ן דירעקטאָר,
אָדער מיט די קינדער פון דער שול, ווארום אויב ער זאָל די
שטעל פאַרלירען, האָט ער באמת ניט געוואוסט ווי אַזוי ער
וועט פאַרדינען אויף חיונה. דערפאַר האָט ער זיך טאַקע
טראָץ זיינע געפיהלען אַנגעשטרענגט צו זיין געדולדיג און
פּינקטליך. אבער ווי אַזוי האָט ער זיינע מחשבות געקאָנט
פאַרבאַרגען, בעת אַ טעמפּ־נאַרישע שילעריין האָט צום צעהנ־
טען מאָל צו'הרג'עט אַ געוויסען אָרט אין שפּיעלען, אָדער
בעת ער האָט געדאַרפט צוגרייטען זיין קלאַס צום קומענדען
קאָנצערט, און מיט די שילערינס איינשטודירען אַ לאַנגוויי־
ליג שטיק כאָר־מוזיק! — (ווייל מ'האָט איהם אפילו ניט
געלאָזט אויסקלייבען אַן אייגענעם פּראָגראַם; מ'האָט קיין
צוטרויען ניט געהאַט צו זיין געשמאַק). מ'קאָן פאַרשטעהן
אַז ער האָט עס ניט געטאָן מיט גרויס חשק, דאָך האָט ער

עקשנות'דיג מיט אַן אָנגעכמורעטען פּנים ווייטער געלערנט און נאָר צייטענווייז ארויסגעוויזען זיין כעס, אַ קלאַפּ טוענ־דיג אויפ'ן טיש מיט אַזאַ כח אַז די שילערינס פלעגען ווי דערציטערטע אויפשפרינגען. אָפט איז אָבער די פּיל צו ביּ־טער געווען און ער האָט מעהר ניט געקאָנט אויסהאַלטען. דאַן פלעגט ער אין מיטען זינגען אויסשרייען: — „אָה! שטיל! הערט אויף זינגען! איך וועל אייך שוין בעסער עפּעס שפּיעלען פון וואַגנער".

דאָס האָבען זיי טאַקע געוואָלט. זיי האָבען געשפּיעלט אין קאַרטען הינטער זיינע פּלייצעס. ס'האָט זיך שטענדיג געפונען אימעצער וואָס האָט די זאַך אָפּדערצעהלט דעם די־רעקטאָר און ער פלעגט קריסטאָף'ן דערמאָנען, אַז ער דאַרף אין די שילערינס ניט איינפלאַנצען קיין ליעבע צו מוזיק נאָר זיי פּשוט לערנען זינגען. ער פלעגט צו דעם מוסר־זאָגען זיך צוהערען ציטערענדיג פון כעס, ער האָט געשוויגען: ער האָט ניט געוואָלט פאַרלירען די שטעל. — וואָלט איהם ווען איינגעפאַלען מיט אַ פּאָר יאָהר פריהער, בעת זיין קאַריערע האָט איהם אויסגעזעהן אַזוי געזיכערט און גלענצענד (כאָטש ער האָט נאָך דאַן גאָרנים אויפגעטאָן) אַז ער וועט שפּעטער דאַרפען אויסשטעהן אַזעלכע ערנידערונגען — דאַן ווען ער האָט שוין יאָ אָנגעהויבען עפּעס אויפצוטאָן?

דערצו האָט זיין שטאָלץ און זעלבסט־ווירדע געליטען פון נאָך אַ באַליידיגענדער פליכט: ער האָט געמוזט באַזוכען זיינע קאָלעגען פון דער שול. ער האָט געמאַכט, ניט איבערקלייבענדיג, צוויי באַזוכען; זיי האָבען איהם אָבער אַזוי געלאַנגווייליגט, אַז ער האָט מעהר ניט געקאָנט געהן. די צוויי פּריווילעגירטע לעהרער זיינען איהם ניט דאַנקבאַר

געוועזן און די אַנדערע האָבן עס באַטראַכט פאַר אַ פּערזענ־ליכער באַליידיגונג. זיי האָבן אַלע אויף קריסטאָף'ן געקוקט ווי אויף אַ נידעריגערען — לויט דער שטעל און לויט דער אינטעליגענץ, און איהם באַהאַנדעלט מעשה גדולים. ציי־טענווייז פלעגט ער דערפון בלייבען אַ דערשלאָגענער, וואָ־רום זיי האָבן אין זייער שטעלונג צו איהם ארויסגעוויזען אַזוי פיעל זיכערקייט און פעסטקייט, דאָס ער האָט ווי ניט־ווילענדיג געגלויבט אַז זיי האָבן רעכט. מיט זיי האָט ער זיך געפיהלט טעמפּ און נאַריש: וואָס האָט ער זיי געקאָנט זאָגען? זיי האָבן פאַרשטאַנען זייער „מלאכה“, און ווייטער קיין זאַך ניט. זיי זיינען ניט געוועזן קיין מענשען. — ווען זיי וואָלטען כאָטש געוועזן ביכער! זיי זיינען אָבער בלויז געוועזן נאָטיצען צו ביכער, פילאָלאָגישע פרושים.

קריסטאָף האָט אויסגעמידען זיי צו באַגעגענען. טייל־מאָל האָט ער אָבער געמוזט מיט זיי זיך צוזאַמענטרעפען. דער דירעקטאָר, למשל, האָט געהאַט איין מאָל אין חודש אַ נאָכמיטאָג, ווען ער פלעגט דעם לעהרער־ראַט אויפנעהמען ביי זיך אין דער היים, און געוואָלט האָט ער דוקא אַז אַלע לעהרער זאָלען דאָרט זיין. קריסטאָף האָט זיך פון דער ערש־טער איינלאַדונג אויסגעדרעהט, זיך ניט ענטשולדיגענדיג אפילו: ער האָט געהאָפט, אַז מ'וועט זיין אַבוועזענהייט ניט באַמערקען. ער האָט אָבער אַ טעות געהאַט און אויף מאָרגען האָט איהם דער דירעקטאָר דעריבער געמאַכט אַ שטעכיג־איראָנישע באַמערקונג. דעם צווייטען מאָל האָט איהם די מאַמע זיינע אָנגעמוסר'ט און ער האָט זיך באַשלאָסען צו געהן; ער האָט עס אָבער געטאָן מיט אַזוי פיעל חשק, פונקט ווי ער וואָלט געגאַנגען צו אַ לויה.

עס האָבן זיך דאָרט געפונען אַלע לעהרער פון דעם אַנ־

שטאַלט און פון עטליכע אַנדערע שטאַטישע שולען מיט זייערע פרויען און טעכטער. זיי זיינען אַלע געווען צונויפ־געשפּאַרט אין אַ קליינינקען זאַל, אין פאַרשיידענע גרופּען לויט זייער עלטער און לויט דער וויכטיגקייט פון זייערע שטעלען, און האָבען זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט. די גרו־פּע נעבען איהם האָט גערעדט פון פילאָלאָגיע און קאָכען. יעדע פרוי האָט היציג און פּעדאַנטיש געטענה'ט, אַז זי ווייסט ווי צו צוגרייטען די בעסטע מאכלים; און די מענער האָבען זיך אויך אין דער פראַגע אינטערעסירט און ארויס־געוויזען כמעט דיזעלבע בקיאות. זיי האָבען שטאָלצירט מיט זייערע ווייבער'ס קענטניסען אין קאָכען, פּונקט ווי די ווייבער האָבען שטאָלצירט מיט זייערע מענער'ס לומדות. קריסטאָף איז געשטאַנען נעבען אַ פענסטער, אַנגעשפּאַרט אַן וואַנט, ניט וויסענדיג וואָס פאַר אַ פּנים אַנצושטעלען, דאָ שמייכלענדיג נאַריש און דאָ קוקענדיג אומעטיג, אָדער מיט פאַרגלאָצטע בליקען אויף די ארומיגע. ער האָט זיך שרעקליך געלאַנגווייליגט. אַ פּאָר טריט נעבען איהם, ביים פענסטער־געזימס איז געזעסען אַ יונגע פרוי, צו וועמען קיינער האָט ניט גערעדט, און האָט זיך אויך געלאַנגווייליגט. זיי האָבען ביידע געקוקט אויפ'ן זאַל און ניט איינער אויפ'ן אַנדערן. ערשט נאָך אַ שטיקעל צייט האָבען זיי זיך באַמערקט — פּונקט בעת זיי האָבען זיך ביידע אויסגעדרעהט אַפּצוגענע־צען, ווייל די לאַנגווייל איז שוין געווען איבער זייערע כחות. זייערע בליקען האָבען זיך דערביי באַגעגענט. זיי האָ־בען זיך כיטרע צוגעשמייכעלט, ער איז צו איהר צוגעגאַנגען. זי האָט איהם שטיל געזאָגט:

— „מ'אַמוזירט זיך! אַה?"

ער האָט זיך אויסגעדרעהט מיט'ן רוקען צום זאַל און

אַרויסגעשטעקט אַ צונג. זי האָט אויסגעשאָסען אין אַ געלעכטער, און, ווי פּלוצלונג דערוואַכט, אַ מאַך געטאָן צו איהם מיט דער האַנט, ער זאָל זיך אוועקזעצען נעבען איהר. זיי האָבען זיך באַקענט. זי איז געווען די פרוי פון פּראָפעסאָר ריינהאַרט, וואָס האָט אין דער זעלבער שול וואו קריסטאָף געלערנט מיט די קינדער נאַטור־געשיכטע; זיי זיינען ערשט ניט לאַנג צוריק אַנגעקומען אין שטאָט און האָבען קיינעם ניט געקענט. זי איז ווייט ניט געווען קיין שעהנקייט, מיט איהר גרויסען נאָז, מיאוסע ציין און פאַרוועלקטין פּנים; זי האָט אָבער געהאַט פינקעלדיגע אויגען, און אַ גוטמוטיגען שמייכעל. זי האָט מונטער געפּלוידערט; ער האָט איהם צוערשט געלאָסען געענטפערט. זי האָט אַפּענהערציג און שטיפעריש איבער אַלץ גערעדט און זיי האָבען לאַכענדיג און הויך, זיך ניט קימערענדיג וועגען די מענשען אַרום זיי, אויסגעטוישט זייערע איינדרוקען. זייערע שכנים וועלכע האָבען פריהער אַפילו אויף זיי זיך ניט געוואָלט אומקוקען, האָבען איצט זיי צוגעוואָרפען אומצופרידענע, בייזע בליקען: ס'איז ניט שעהן געווען זיך אַזוי לוסטיג צו אַמוזירען... די צוויי פּלוידערזעק האָט אָבער ווייניג וואָס געאַרט וואָס מ'טראַכט פון זיי: זיי האָבען זיך ווי נוקם געווען אַן די אַנדערע.

צום סוף האָט מאַדאַם ריינהאַרט קריסטאָף'ן פאָרגעשטעלט איהר מאַן. הער ריינהאַרט איז געווען אויסערגעוועהנליך מיאוס: ער האָט געהאַט אַ בלאַסען, אויסגעצויגענעם, עקעלדיגען, מאָדנע געשטופּעלטען פּנים; פיעל גוטמוטיגקייט איז אָבער אויפ'ן פּנים געווען אויסגעשפּרייט. ער האָט גערעדט מיט אַ נידעריגער האַלז־שטים און באַטאָנט די ווערטער שטאַרק, שטאַמלענדיג, מיט פּאַוזען צווישען די זילבען.

די צוויי פאַרשווינען זיינען געווען פאַרהייראַט זינט עטליכע חדשים. זיי זיינען געווען שטאַרק פאַרליעבט איינער אין דעם אַנדערן. זיי פלעגען זיך אַנקוקען, ריידען צווישען זיך און זיך אַננעמען ביי די הענט אויף אַ ליעבליכען שטייגער — און אין מיטען פון די אַלע גלייכגילטיגע מענשען אַרום זיי האָט עס אויסגעזעהן ריהרענד־קאָמיש. וואָס איינער האָט געוואָלט האָט דער צווייטער אויך געוואָלט. זיי האָבען גלייך איינגעלאַדען קריסטאָף'ן אויף אַן אָבענטעסען צו זיך, נאָך דעם דירעקטאָר'ס אויפנאַהמע. קריסטאָף האָט צוערשט שפּאַסענדיג, געוואָלט זיך אָפּזאָגען: ער האָט געטענה'עט אַז די בעסטע זאַך וואָס מ'קאָן דעם אָבענט טאָן איז זיך צו געהן לעגען שלאָפען, יוואָרום מ'איז פון דער לאַנגוויילע אַזוי אויסגעמאַטערט, ווי מ'וואָלט געגאַנגען גאַנצע מייל צו פוס. פּרוי ריינהאַרט האָט אָבער געענטפערט אַז טאָקע דערפאַר דאַרף ער קומען צו זיי, ווייל ס'איז פּשוט אַ געפאַהר צו פאַרברענגען די נאַכט מיט אַזעלכע אומעטיגע מחשבות. זי האָט ענדליך קריסטאָף'ן איינגעבעטען; און ער האָט זיך, אין זיין איינזאַמקייט, דערפרייט וואָס ער האָט באַגעגענט די דאָזיגע געמיטליכע, וואוילע — כאָטש פּראָסטע מענשען.

דאָס הויז פון די ריינהאַרט'ס איז געווען געמיטליך ווי זיי אַליין. ס'איז געווען אַ פּלוידערענדער געמיט. אַ געמיט מיט אויפשריפטען. די מעבעל, די כלים, די געפעס האָבען גערעדט און אַהן אַ שיעור איבערגעחזר'ט אַז „ס'פריייט זיי אויפצונעמען דעם ליעבען גאַסט"; זיי האָבען זיך נאָכ־געפרעגט וועגען זיין געזונט און איהם געגעבען האַרציגע און גוטע עצות. אויף אַ קאַנאַפּע — וואָס איז, איבעריגענס, געווען אַ גאַנץ האַרטע — איז געלעגען אַ קישעלע און פריינד־ליך געמורמעלט:

— נאָר אַ פּערטעל שטונדעלע!

די טאַס קאַווע וואָס מ'האָט קריסטאָף'ן דערלאַנגט האָט איהם צוגערעדט ער זאָל נאָך טרינקען: — נאָך אַביסעלע!

די טעלער האָבען די גוטע מאכלים באַזאַלצען מיט מאָ־ראַל. איין טעלער האָט געזאָגט:

— פאַרגעס ניט אַז קיין זאַך; אויב ניט וועט דיר ניט געהן גוט.

אַן אַנדערער:

— ליעבליכקייט און דאַנקבאַרקייט געפעלט יעדען. אומ־דאַנקבאַרקייט געפעלט קיינעם ניט.

און כאָטש קריסטאָף האָט ניט גערויכערט, האָט זיך דאָס אַש־טעצעל דאָך פאַר איהם פאַרגעשטעלט:

— אַ שטיקעלע רוה־פּלאַץ פאַר ברענענדע ציגאַרען.

ער האָט זיך געוואָלט וואַשען די הענט. די זייף אויפ'ן טואַלעט־טישעל האָט איהם געזאָגט:

— פאַר אונזערען ליעבען גאַסט.

און דער האַנט־טוך האָט, ווי אַ בכבוד'יגער און העפ־ליכער מענש, וואָס האָט ניט וואָס צו זאָגען און פיהלט דאָך אַז ער מוז עפּעס זאָגען, איהם געמאַכט די דאָזיגע קלוגע

אבער ניט זאַכליכע באַמערקונג: „מ׳דאַרף אויפשטעהן גאַנץ פריה, אויב מ׳וויל הנאה האָבען פונ׳ם פריהמאָרגען.“

— מאָרגענשטונד האָט גאָלד אין מונד.

קריסטאָף האָט ווי מורא געהאַט זיך אויסצודרעהען אויף זיין שטול, כדי ער זאָל ניט הערען ווי אַנדערע שטימען פון די פאַרשיידענע ווינקלען פון צימער גיבען איהם עצות. ס׳האָט זיך איהם געוואָלט אויסשרייען צו זיי:

— נו, שווייגט, טייוואָלימלאָך! מ׳קאָן דאָך איבער אייך ניט אויסריידען אַ וואָרט.

און ער האָט אויסגעשאָסען אין אַ הילכיגען געלעכטער, וואָס ער האָט די ריינהאַרט׳ס געפּרואווט ערקלערען דערמיט, וויילע ער האָט זיך דערמאַנט אָן די געסט ביים דירעקטאָר אין הויז: ער האָט זיי באַין אופן ניט געוואָלט פאַרלעצען. חוץ דעם האָט ער בטבע דאָס לעכערליכע ניט שטאַרק דערפיהלט. ער האָט זיך באַלד צוגעוואוינט צו דער פלאַפּלענדער גאַסט־פריינדליכקייט פון זיינע נייע באַקאַנטע און פון זייערע הויז־זאַכען. וואָס וואָלט ער זיי דען ניט מוחל געווען? זיי זיינען געווען אַזעלכע וואוילע מענשען! דערצו זיינען זיי ניט געווען לאַנגווייליג; ס׳האָט זיי געפעהלט געשמאַק, אבער ניט אינטעליגענץ.

זיי האָבען זיך געפיהלט ווי פאַרבלאָנדזשעטע אין דער נייער געגענד, וואו זיי זיינען נאָר־וואָס אָנגעקומען. די אויסערגעוועהנליכע עמפינדליכקייט פון יענעם פּראָווינציעלען שטעטעל האָט ניט ערלויבט מ׳זאָל אהין אריינגעהן ווי אין אַ מיל אריין: מ׳האָט געמוזט לויט אַ געוויסען שטייגער בעטען מ׳זאָל די עהרע האָבען אריינגענומען צו ווערען אלס מיט־בירגער. די ריינהאַרטס האָבען ניט אקוראַט נאָכגע־

פאָלגט דעם פּראָווינציאַנעלען פּראַטאָקאָל וואָס ווייזט אַז ווי אַזוי די ניי־צוגעקומענע דאַרפען זיך גוהג זיין מיט די אַלטע תושבים. ריינהאַרט וואָלט דאָס נאָך אפשר געטאָן; די פרוי זיינע האָט זיך אבער ניט געקאָנט אונטערוואַרפען אונטער די „פליכטען". — זי האָט פיינט געהאַט זיך צו שטערען — און זי האָט די אַלע „פליכטען" אָפּגעלעגט פון טאָג צו טאָג. זי האָט צוערשט אויסגעקליבען צו באַזוכען די וואָס האָבען זי וועניגער געלאַנגווייליגט; די אַנדערע האָט זי אָהן אַ סוף אָפּגעלעגט. די חשוב'ע לייט פון שטאָט וועלכע זיינען גראָד געווען אין דער לעצטער קאַטעגאָריע האָבען פשוט געברענט פון כעס איבער דער העזה. אַנזשעליקאַ ריינהאַרט — (איהר מאַן האָט זי גערופען לילי) — האָט געהאַט פרייע מאַנערען; זי האָט בשום אופן ניט געקאָנט אָננעמען דעם אָפיציעלען טאָן. זי פלעגט ריידען איינפאַך און פאַמיליאַרנע מיט די וואָס שטעהן אויף אַ העכערער געזעלשאַפטליכער שטופע — און זיי פלעגען רויט ווערען פון כעס. ווען נויטיג, האָט זי ניט מורא געהאַט זיי ווידערצושפּרעכען. זי האָט געהאַט אַ לעבעדיג, ריהרעוודיג צונג און ס'האָט זיך איהר געגלוסט צו זאָגען אַלץ וואָס איז איהר נאָר איינגעפאַלען. טיילמאָל פלעגט זי אַרויסזאָגען גרויסע נאַרישקייטען פון וועלכע מ'פלעגט לאַכען הינטער איהר; און טיילמאָל פלעגט איהר צינגעל אַרויסשיסען גיפטיגע פיילען, וואָס האָבען איהר געשאַפען בלוטיגע שונאים. זי פלעגט זיך בייסען די ליפּען בעת זי האָט זיי אַרויסגעזאָגט. זי האָט זיי געוואָלט צוריקהאַלטען; ס'איז שוין אבער געווען צו שפּעט. איהר מאַן, אַ זעהר גוטער און העפליכער מענש, פלעגט דאָס איהר צייטענווייז גוטמוטיג פאָרוואַרפען. זי פלעגט איהם דאַן אַרומנעמען, קושען, זאָגען אַז זי איז אַ נאַר

און אַז ער האָט טאַקע רעכט. אין אַ מינוט אַרום פלעגט זי אָבער אויפ'ם ניי אָנהויבען; און זאָגען פלעגט זי דאָס וואָס מ'האָט גראָד באַדאַרפט פאַרשווייגען; דאַך ווען זי שווייגט וואָלט זי פּשוט געפּלאַצט. — זי איז ווי באַשאַפען געוואָרען צו זיין אַ חבר'טע מיט קריסטאָף'ן.

צווישען די פיעלע משונה'דיגע זאַכען וואָס זי האָט ניט געדאַרפט זאָגען און זי האָט דערפאַר דוקא יאָ געזאָגט, איז געווען דער שטענדיגער פאַרגלייך צווישען דעם לעבען און דער אויפפיהרונג אין דייטשלאַנד און אין פראַנקרייך. זי איז אַליין געווען אַ דייטשקע — (און אַ גאַנץ עכטע דערצו) — זי איז אָבער ערצויגען געוואָרען אין עלזאַס, און איז געווען אין פריינדליכע באַציהונגען מיט אַ סך עלזאַס'ער פראַנצויזען, און האָט הפנים געפיהלט ווי פיעלע אַנדערע דייטשען דעם אָנציה פון דער לאַטייניש'ער ציוויליזאַציע. — אַן אָנציה וואָס פיעלע דייטשע, אין די אָנעקסירטע לענדער, — אַפילו די וואָס זיינען עכט טייטאַניש — קאָנען ניט ווידערשטעהן. און דעם אמת געזאָגט, אפשר איז דער איינפלוס געוואָרען שטאַרקער פון דעם קאָנטראַסט צווישען איהר און איהר נאָרד־דייטשען מאַן מיט וועמען זי האָט איצט געלעבט אין אַ ריין דייטשער סביבה.

פון דעם ערשטען אָבענט אַז האָט זי מיט קריסטאָף'ן פאַרבונדען אַ געשפּרעך איבער איהר געוועהנליכען ענין. זי האָט געריהמט די פרייהייט און פריינדליכקייט מיט וועלכער די פראַנצויזען פיהרען אַן אַ געשפּרעך. קריסטאָף האָט מיט איהר איינגעשטימט. קאָרינע האָט פאַר איהם פאַרגעשטעלט פראַנקרייך: שעהנע לייכטענדע אויגען, יונגע שמייכלענדע ליפּען, אָפענע און פרייע מאַניערען, אַ פיינע מוזיקאַלישע שטים; עס האָט זיך איהם ווענען פראַנקרייך געוואָלט מעהר

וויסען.

לילי ריינהארט האָט געפּאַטשט בראַוואָ, זעהענדיג ווי גוט זי פאַרשטעהט זיך איין מיט קריסטאָף'ן.

— ס'איז אַ שאָד, וואָס מיין פראַנצויזישע פריינדין איז דאָ ניטאָ; זי האָט לאַנג דאָ ניט געקאָנט אויסהאַלטען און איז אוועק.

קאָרינעס געשטאַלט איז באַלד פאַרשוואונדען. פונקט ווי ווען דאָס פייער־ווערק געהט אויס און מ'זעהט פּלוצלונג אינ'ם טונקעלען הימעל דאָס צאַרטע און איינדרוקספולע ליכט פון די שטערן, אַזוי האָט אַן אַנדער בילד ארויסגעשוואומען. אַנדערע אויגען האָבען זיך באוויזען:

— ווער? — האָט קריסטאָף געפרעגט, אויפשפּרינגענ־דיג. — די יונגע לעהרערין?

— וואָס! — האָט מאַדאַם ריינהארט אויסגעשריען — איהר האָט זי אויך געקענט?

זיי האָבען זי ביידע אָפּגעשילדערט: און ביידע בילדער האָבען געשטימט.

— איהר האָט זי געקענט? האָט קריסטאָף איבערגע־חזר'ט. אָה! זאָגט מיר אַלץ וואָס איהר ווייסט וועגען איהר!...

צו ערשט האָט מאַדאַם ריינהארט באַהויפּטעט, אַז זיי זיינען געווען אינטימע פריינדינס און אַז די אַנדערע האָט איהר אַלצדינג פאַרטרויט. ווען ס'איז אָבער געקומען צו דערציילען איינצעלהייטען, האָט זיך ארויסגעוויזען אַז זי ווייסט ווייניג־וואָס. זיי האָבען זיך באַגעגענט אין אַ הויז, וואו זיי זיינען ביידע געווען אויף באַזוך. מאַדאַם ריינהארט האָט זיך צוערשט דערנעהענטערט צו דער מיידעל און מיט איהר געוויינליכער הארציגער פריינדליכקייט האָט זי איינ־געלאַדען די מיידעל צו זיך. די מיידעל איז צוויי־דריי מאָל

געקומען און זיי האָבען געשמועסט. דער נייגעריגער לילי איז אָבער שווער אָנגעקומען עפּעס זיך צו דערוויסען פון דער פראַנצויזין'ס לעבען: די מיידעל איז געווען זעהר א באַשיי־דענע און צוריקגעהאַלטענע; זי האָט פון איהר געמוזט ארויס־רייסען שטיקלאַכווייז איהר לעבענס־געשיכטע. מאַדאַם רייג־האַרט האָט געוואוסט אז זי הייסט אַנטואַנעט זשאַנען; אז זי האָט ניט קיין פאַרמעגען און כמעט ניט קיין פאַמיליע, א חוץ א ברודער וואס איז געבליבען אין פּאַריז און וועמען זי האָט מיט איהרע פאַרדינסטען געשטיצט. זי פלעגט שטענ־דיג ריידען פון איהם, און דאָס איז געווען דער איינציגער ענין איבער וועלכען זי האָט א סך און וואַרעם גערעדט. לילי ריינהאַרט האָט איהר צוטרויען געוואונען מיט דעם וואָס זי האָט זיך הארציג אינטערעסירט אין דעם בחור'ל, וואס האָט אליין געוואוינט אין פּאַריז, אָהן עלטערען און אָהן פריינד. און אפילו געגעסען קעסט אין דער שול. אַנטואַנעט האָט אָנגענומען א שטעל אין אויסלאַנד טיילווייז אום צו האָבען די מעגליכקייטען איהם צו געבען א גוטע ערציהונג. די צוויי אָרעמע קינדער האָבען אָבער ניט געקאָנט לעבען איינס אָהן דעם אַנדערן: זיי האָבען זיך געשריבען יעדען טאָג און אויב א בריעף האָט זיך נאָר אביסעל פאַרשפּעטיגט זיינען זיי קראַנק געוואָרען פון צער. אַנטואַנעט האָט שטענדיג גע־דאַגה'ט וועגען איהר ברודער; ער איז ניט אַלעמאָל געווען גענוג שטאַרק אום פון איהר צו פאַרבאָרגען דעם טרויער פון זיין איינזאַמקייט און זיין באַקלאָגען זיך האָט שטאַרק און שמערצליך אָפּגעקלונגען אין אַנטואַנעט'ס האַרץ. דער געדאַנק אז ער ליידעט האָט זי געמאַטערט; זי פלעגט זיך אָפּט פאַרשטעלען אז ער איז קראַנק און וויל עס איהר ניט זאָגען. די גוטע פרוי ריינהאַרט האָט מעהרער מאָל געמוזט

אויף איהר פריינדליך אַנשרייען פאר איהר אומזיסטיגער מורא, און עס פלעגט זיך איהר, אויף א ווײַלע ווייניגסטענס, איינגעבען זי צו בארוהיגען. — איבער אַנטואַנעט'ס משפחה, איבער איהר צושטאַנד, און איהר אינערליכען לעבען האָט זי גאָרניט געקאָנט אויסגעפינען. ווי זי האָט נאָר ווענען דעם געפרעגט עפּעס, פלעגט די מיידעל מיט אַ משונה'דיגער פאַר־שעהמטקייט און באַשיידענקייט אַנטשוויגען ווערען. דאָס ביסעל וואָס זי האָט יאָ געזאָגט האָט געוויזען, אַז זי איז געבילדעט און אינטעליגענט; ס'האָט אויסגעזעהן אַז זי האָט אַ פריהצייטיגע לעבענס־ערפאַהרונג, אַז זי איז נאַיוו און דאָך אַנטוישט, פרום און אָהן אילוזיעס. זי האָט זיך דאָ ניט גע־פיהלט גליקליך, ווייל די פאַמיליע איז געווען אַ טאַקטלאָזע און ענגהערציגע. זי האָט זיך ניט באַקלאָגט, אָבער מ'האָט געקענט זעהן אַז זי ליידעט. — פאַרוואָס זי איז אַוועקגע־פאָהרען האָט פרוי ריינהאַרט געגוי ניט געוואוסט. אַ קלאַנג האָט זיך געהאָט פאַרשפּרייט, אַז זי פיהרט זיך אויף ניט אַנשטענדיג. אַנזשעליקאַ האָט דאָס אָבער ניט געגלויבט: זי וואָלט געקאָנט שווערען אַז דאָס איז רכילות — מיאוסע רכילות ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ נאַרישע און פּאַסקודנע שטאָט. עפּעס אַ געשיכטע איז פאַרט געווען: וואָס מאַכט עס אויס, וואָס פאַר אַ געשיכטע, האַ?

— יאָ, האָט קריסטאָף אַ זאָג געטאָן, אַראָפּלאָזענדיג דעם קאָפּ.

— און זי איז אַוועקגעפאָהרען.

— אָה! — האָט לילי געענטפערט, — כ'האָב קיין רעון?

— און וואָס האָט זי אייך געזאָגט, ביים אַוועקפאָה־

גליק ניט געהאַט. גראַד דעמאָלט בין איך געווען אין קעלן אויף צוויי טעג! ביים צוריקקומען... צו שפּעט! האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעשריען אויף דער דינסט וואָס האָט צושפּעט געבראַכט דעם צוטרין צו דער טיי.

מיט אַן ערנסט־טיעפער באַטאַנונג, מיט דער פייער־ליכקייט וואָס דער אמת'ער דייטש לעגט אַריין אין דעם ריידען פון גאַנץ טאָג־טעגליכע זאַכען — האָט זי צוגעלעגט:

— צו שפּעט, ווי גאַנץ אָפט אין לעבען!

(מ'האָט ניט געוואוסט, צי זי רעדט פון דעם צוטרין, אָדער פון דער אונטערבראָכענער געשיכטע.)

זי האָט פאָרטגעזעצט:

— ביים אהיים קומען האָב איך געפונען אַ בריוועל פון איהר, וואו זי דאַנקט מיר פאַר אַלץ וואָס איך האָב פאַר איהר געטאָן, און זאָגט מיר אַז זי פאָהרט אָפּ: אַז זי פאָהרט צוריק קיין פּאַריז. זי האָט ניט געלאָזט קיין אַדרעס.

— און מעהר האָט זי ניט געשריבען?

— ניין.

דער מיידעל'ס טרויעריג געשטאַלט האָט ווידער פאַר־ביי געשוועבט פאַר קריסטאָף'ן. ער האָט ווידער געזעהן איהר בליק פּונקט ווי דאָס לעצטע מאָל ווען זי האָט אויף איהם געקוקט דורך די שויבען פון'ם באַהן־וואַגאָן... דאַן איז זי פאַרשוואונדען...

דער רעטעניש וואָס איז פּראַנקרייך אַזוינס האָט זיך ווידער פאַר איהם געשטעלט, און מיט מעהר עקשנות ווי פריהער. קריסטאָף'ן איז גאַר ניט מאוס געוואָרען אויספּרע־גענדיג פרוי ריינהאַרט וועגען דער מדינה, וואָס איז איהר ווי זי האָט געטענה'ט, אַזוי גוט באַקאַנט געווען. און פרוי ריינהאַרט, כאָטש זי איז דאָרט קיינמאָל ניט געווען, האָט איהם וועגען דעם געגעבען אַלערליי ידיעות. ריינהאַרט, זייענ־דיג אַ גוטער פּאַטריאָט און פול מיט פאָראורטיילען געגען פראַנקרייך — וואָס ער האָט ניט בעסער געקענט ווי זיין פרוי — פלעגט פון צייט צו צייט, בעת זיין פרוי'ס ענטוזי־אַזם איז אריבער די גרענעצען, אריינוואַרפען אַן איראָנישע באַמערקונג; דאַן פלעגט זי אָבער פאַרשטאַרקען איהרע באַ־הויפּטונגען, ארויסטרעטען נאָך מיט מעהר ענערגיע, און קריסטאָף האָט, ניט וויסענדיג פאַרוואָס און פאַרטרויליך, מיט איהר איינגעשטימט.

מעהר ווי לילי ריינהאַרט'ס ערינערונגען זיינען איהם טייער געווען איהרע ביכער. זי האָט געהאַט אַ ביבליאָטעק'ל מיט פראַנצויזישע ביכער: שול־ביכער, עטליכע ראָמאַנען און אַנדערע ווערק וואָס זי האָט צופעליג געקויפט. פאַר קריס־טאָף'ן, וועלכער האָט מיט גרויס חשק געוואָלט לעזען און לערנען וואָס מעהר איבער פראַנקרייך, האָט דאָס אַלעם אויס־געזעהן ווי אַן אוצר, ווען ריינהאַרט איז זיי געגאַנגען אויפ־זוכען און איהם געזאָגט אַז ער קאָן נעהמען אַבי וועלכע און ווי פיעל ער וויל נאָר.

צוערשט האָט ער גענומען די שול־ביכער מיט אויסער־

וועהלטע שטיקער ליטעראַטור וואָס האָבען פריהער געדיענט פאַר לילי ריינהאַרט'ן און איהר מאַן, בעת זיי זיינען אמאָל געגאַנגען אין שול. ריינהאַרט האָט איהם פאַרזיכערט, אַז ער מוז מיט דעם אָנפאַנגען, אויב ער וויל דערגעהן אַ טאָלס אין דער נייער, איהם אומבאַקאַנטער ליטעראַטור. קריסטאָף האָט געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר די וואָס וויסען מעהר פון איהם, און האָט פינקטליך געפאָלגט. דעם זעלבען אבענט האָט ער זיך גענומען לעזען. צו ערשט האָט ער געוואָלט איז קורצען וויסען וואָס פאַר אַן אוצר ער פאַרמאָגט.

ער האָט זיך באַקענט מיט געוויסע פראַנצויזישע שרייבער. זיי האָבען געהייסען: טעאָדאָר־הענרי באַרא, פראַנסואַ פעטי דע לאַ קרואַ, פרעדעריק באַדרי, עמיל דעלערא, שאַרל־אוגוסט־דעזירע פילאָן, סאַמועל דעקאַמבאַז, און פראָספער באַר. ער האָט געלעזען אַ טייל פּאָעמען פון דעם גלח זשאַ־זעף רייד, פון פּיער לאַשאַמבאַדי, פונ'ם פירשט דע ניווערנואַ, פון אַנדרע וואַן העסעלט, פון ד'אַנדיע, פון מאַדאַם קאָלע. פון דער פרינצעסין קאָנסטאַנס־מאַרי־דע־סאַלם־דיק, פון האַנ־ריעט האַלאַר, פון גאַבריל־זשאַן־באַפּטיסט, ערנעסט־ווילפריד־לעגואווע, פון היפּאָליט וויאַלאַ, פון זשאַן ריבול, פון זשאַן ראַסין, פון זשאַן דע בעראַנזשע, פון פרעדעריק בעשאַר, פון גוסטאַוו נאַדאַ, פון עדואַרד פּלואוויע, פון איזשען מאַנועל פון וויקטאָר הוגאָ, פון מילוואָ, פון שענעדאָלע, פון זשיימס לאַקור דעלאַטר, פון פעליקס שאַוואַן, פון פראַנסי־עדואַרד־יאַכים, באַקאַנט אונטער'ן נאָמען פראַנסואַ קאָפּפּע, און פון לואי בעלמאָנטע. קריסטאָף איז, פון דער פּאָעזיע אַ דער־טרונקענער, אַ פאַרבלאָנדזשעטער, איבערגעגאַנגען צו דער פּראָזע. דאָרט האָט ער געפונען: גוסטאַוו דע מאַלינאַרי, פלעשיע, פערדינאַנד־עדואַרד ביוסאָן, מערימע, מאַלט־בראָון,

וואלטער, לאמע־פריירי, דיומא דער פאטער, רוסא, מעזיער, מיראבא, דע מאזאד, קלארעטי, קאטאמבער, פרידריך דעם צווייטען, און דע וואגיו דער היסטאריקער ווען מ'האט לריב ציטירט איז געווען סאמסאן־פרעדריק שעל. קריסטאף האט אין דער דאזיגער פראנצויזישער אנטאלאגיע געפונען, דעם קאוזערם דאקומענט וואס האט צוערשט פראקלאמירט די נייע דייטשע אימפעריע, און ער האט געלעזען פרעדריך־קאנסטאן דע רוזשמאן'ס שילדערונג פון די דייטשען. געלערנט דערפון האט ער אז „דער דייטש ווערט געבארען צו פיהרען א גייסטיגען נשמה־לעבען. ער איז ניט אזוי לייכטזיניג און רוישיג־לוסטיג ווי דער פראנצויז. ער האט א גרויסע נשמה; זיינע געפיהלען זיינען צארטע און טיעפע. ער ארבייט אהן א שיעור און האלט זיך פעסט אן יעדער אונטערנעהמונג. ס'איז ניט פאראן קיין אנדערער פאלק וואס זאל זיין אזוי מאראליש, און זאל אזוי לעבען. דייטשלאנד האט אן אויסערגעוועהנליך גרויסע צאהל שרייבער. די שעהנע קונסטען בליהען דארט אויף א געניאלען אופן. די אנדערע פעלקער שטאלצירען מיט דעם וואס זיי זיינען פראנצויזען, ענגלענדער אדער שפאניער; דער דייטש נעהמט אבער ארום די גאנצע מענשהייט מיט אן אומפארטייאישער ליעבע. און לויט איהר געאגראפישער שטעלע,

ז י י ע נ ד י ג א י ן ס א מ ע צ ע נ ט ע ר פ ו ן א י י ר אָ פּ ע, ש י י נ ט ד אָ ס ד י י ט ש ע פ אָ ל ק צ ו ז י י ן ד אָ ס ה א ר ץ א ו ן ד ע ר ה ע כ ע ר ע ר פ אַ ר ש ט אַ נ ד פ ו ן ד ע ר מ ע נ ש ה י י ט."

קריסטאָף האָט, מיעד און ערשטוינט, פאַרמאַכט דאָס בוך און געטראַכט:

— די פראַנצויזען זיינען טאַקע וואוילע מענשען; זיי זיינען אָבער ניט קיין גרויסע מענשען־קענער.

ער האָט גענומען אַן אַנדער באַנד. דאָס בוך איז שוין געשטאַנען אויף אַ העכערער שטופע. עס איז געווען פאַר די גימנאַזיעס און הויך־שולען. מיוסע איז געווען פאַרטראַטען מיט דריי זייטען און וויקטאָר דיור, מיט דרייסיג; לאַמאַר־טין מיט זיבען זייטען און טיער מיט כמעט פערציג. ל ע ס י ד איז איינגאַנצען געווען איבערגעגעבען — כמעט אינ־גאַנצען: (מ'האָט בלויז אויסגעלאָזען די מאָנאָלאָגען פון דאָן דיעג, און פון ראָדריג, ווייל זיי זיינען געווען צו לאַנג.) — לאַנפרע האָט געריהמט פרייסען און געוויזען ווי פיעל הע־כער זי שטעהט איידער נאַפּאָלעאָן דער ערשטער, און דער־פאַר האָט מען איהם ניט געקאַרגט קיין פּלאַץ אין בוך; ער אַליין האָט פאַרנומען מעהר זייטען ווי אַלע קלאַסיקער פון אַכצעהנטען יאָהרהונדערט. לאַנגע ערצעהלונגען פון דער פראַנצויזישער נידערלאַגע אין 1870 זיינען ארויסגענומען געוואָרען פון זאָלאַ'ס „ל אַ ד ע ב אַ ק ע ל." מ'האָט אין דעם באַנד ניט געפונען קיין סמן פון מאָנטיין, פון לאַ ראָש־פוקאָ, פון לאַ בריער, פון דידעראָ, פון סטענדהאַל, פון באַל־זאַק, אָדער פון פלאָבער. דערפאַר איז אָבער פּאַסקאַל, וועמען מ'האָט אפילו ניט דערמאָנט אין דעם אַנדער בוך, דאָ יאָ גע־ווען פאַרטראַטען, ווי אַ מין קוריאָז; און קריסטאָף האָט אַגב

זיך דערוואוסט אַז דער דאָזיגער מיט קרעמפּ־ליידענדער „איז געוועזן אַ גלח אין פּאַרט־ראַיאַל — און אַנטשטאַל פאַר מיידלאַך נעבען פּאַריז.“*)

קריסטאָף האָט שוין שיעור דאָס אין גאַנצען געוואָלט אוועקוואַרפען: דער קאָפּ האָט זיך איהם געדרעהט; ער האָט דערין גאָרניט פאַרשטאַנען. ער האָט ביי זיך געטראַכט: „כ'וועל דערפון קיינמאָל ניט אַרויסקריכען.“ ער האָט זיך קיין מיינונג ניט געקאָנט שאַפען, ער האָט סתם געבלעטערט דאָס בוך שטונדען־לאַנג און האָט ניט געוואוסט וואוהין עס פיהרט איהם. ער האָט ניט געקאָנט גוט לייענען קיין פראַנ־צויזיש און ווען ער האָט זיך שוין שטאַרק אָנגעמוטשעט צו פאַרשטעהן אַ שטיק, אַ קאַפּיטעל, האָט ער ערשט דערנאָך אויסגעפונען אַז ס'איז אַן אומבאַדייטענדע און אָנגעבלאָזע־נע זאַך.

*) די פראַנצויזישע אַנטאָלאָגיעס וואָס קריסטאָף האָט אַנט־ליהען פון זיינע פריינד, די רייגהאַרטס, זיינען:

1 — אַן אויסוואַהל פון פראַנצויזישע לעזע־שטיקער פאַר די העכערע שולען: פון הובערט, ה. ווינגעראַט, דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע, דירעקטאָר פון דער סט. יאָהאַנעס רעאַל־שול אין שטראַסבורג. — צווייטער טייל: מיטעלע קלאַסען. — 7טע אויפלאַגע — 1902. דיומאָנט־שאַובערג.

2 — ל. העריג און ג. פ. בורגי: דאָס ליטעראַ־רישע פראַנקרייך, באַארבייט פון פ. סענדערינג, דירעקטאָר פון רעאַל־גימנאַזיום פון די יאָהאַנעומס, האַמבורג. — 1904. בראַונשווייג.

דאָך האָבן זיך פון דעם כאַאָס, צייטנווייז, אַרויס־געכאַפּט, באַלעבענדע, באַלייכטענדע שטריכן — געדאַנקען וואָס האָבן געשניטן, וואָס זיינען געווען שאַרף ווי שווער־דען, — ווערטער וואו עס האָט זיך געהערט אַ העראָיש געלעכטער. ביסלעכווייז — אפשר דורך דעם טענדענציעזען כאַראַקטער פון דער זאַמלונג, — האָט דאָס ערשטע לעזען איבערגעלאָזן אויף איהם אַן איינדרוק. די דייטשע פאַר־לעגער האָבן, אומיסנע אדער ניט, אויסגעקליבן אַזעלכע שטיקער פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, וואָס זאָלען דער־ווייזען, דורך די פראַנצויזען אַליין, די חסרונות פון די פראַנ־צויזען און די מעלות פון די דייטשען. ס'האָט זיי אָבער ניט געקאָנט איינפאַלען אַז אין אָט דעם ליכט וועט אַזאַ זעלבסט־שטענדיגער גייסט ווי קריסטאָף'ס גראָד דערזעהן די מערק־ווירדיגע פרייהייט פון די פראַנצויזען וועלכע קריטיקירען אַלץ אייגענעס און לויבען די געגנער. מישלע האָט געלויבט, געריהמט פרידריך דעם צווייטען, לאַנפרע די ענגלענדער מיט זייער טראַנפאַלגער, שאַראַס — די פרייסען פון 1813. נאַ־פּאָלעאָן'ס גרעסטער שונא האָט איהם ניט געוואָגט אַזוי שטרענג צו משפּט'ען ווי זיי. די פאַרעהרטעסטע זאַכען האָט זייער רעוואָלוציאָנערער גייסט ניט געשאָנעוועט. אפילו אין די צייטען פון לואי דעם פערצעהנטען האָבן די פּאָע־טען געזאָגט וואָס זיי האָבן געוואָלט. מאָליער האָט קיי־נעם ניט געשאָנעוועט. לאַ פאָנטען האָט פון אַלץ אָפּגעלאַכט. בואַלאָ אפילו האָט אָפּגעשפּאָט פון דעם אַדעל. וואָלטער האָט אָפּגעשפּאָט פון דער מלחמה, געשמיסען די רעליגיאָן, און חוזק געמאַכט פונ'ם פאָטערלאַנד. די מאָראַליסטען, די סאַטיריקער, די פּאַמפלעטיסטען, די קאָמעדיע־פאַרפאַסער האָבן צווישען זיך קאָנקורירט און איינער האָט אַרויסגע־

וויזען מעהר לוסטיגע אדער טראגישע געוואגטקייט פונ'ם צווייטען. דאס געפיהל פון דרך־ארץ האט אומעטום און ביי אלע געפעהלט. די „עהרליכע" דייטשע פארלעגער זיינען טיילמאל דערפון דערשראקען געווארען: זיי האבען געוואלט בארוהיגען זייערע געוויסענס און געזוכט צו אנטשולדיגען פאסקאל'ן, וועלכער האט געלאכט פון די קירכעס, פאד־טרע־גער, סאלדאטען און סתם שארלאטאנעס איין געזינדעל; אין זייטיגע אנמערקונגען האבען זיי פראטעסטירענדיג גע'טענה'ט אז פאסקאל וואלט געוויס אזוי ניט גערעדט ווען ער זאל געווען קענען די נאבעלע מאדערנע ארמייען. זיי האבען אויך ניט פארגעסען צו דערמאנען ווי גוט ס'האט זיך לעסינג'ן איינגעגעבען צו קאריגירען די פאבלען פון לאפאנטען, און ווי ער האט, למשל, איבערגעביטען, לויט דער עצה פון דעם זשענעווער רוסא, דער קראה'ס קעז אויף א פאר'סם'ט שטיק פלייש, פון וועלכען דער כיטרער פוקס שטארבט: — „הלואי זאלט איהר שטענדיג קריגען סם, — איהר פארשאלטענע חניפה'קעס!"

זייערע אויגען האבען ניט געקאנט פארטראגען דעם ריינעם, נאקעטען אמת; קריסטאף האט אבער דערפון הנאה געהאט: ער האט ליעב געהאט ליכט. דא און דארט האט ער זיך אויך מיט א פארלעצטער מינע אפגעשטעלט, ער איז ניט צוגעוואוינט געווען צו דער פאלשטענדיגער זעלבסט־שטענדיגקייט; אפילו אלס א זעהר פרייער מענש איז ער דאך געווען א דייטש צוגעוואוינט צו ארדנונג און דיסציפ־לין, און דאס פראנצויזישע פרייהייטס־געפיהל האט איהם אויסגעזעהן ווי צולאזענקייט. פון דער פראנצויזישער אי־ראניע איז ער גאר צוטומעלט געווארען: געוויסע זאכען האט ער גענומען צו ערנסט, און אנדערע, באשטימטע אפ־

לייקענונגען האָבען איהם, פאַרקעהרט, אויסגעזעהן ווי וויציגע פּאַראַדאָקסען. ווי עס זאָל ניט זיין צו סקאַנדאַליזירט, צו גלאַט פאַרוואונדערט, דאָס האָט איהם ביסלעכווייז צוגעצויגען. ער האָט שוין מעהר ניט געפּרואווט קלאַסיפיצירען זיינע איינדרוקען; ער איז איבערגעגאַנגען פון איין געפיהל צו א צווייטען: ער האָט געלעבט. די לוסטיגקייט פון די פראַנצויזישע ערצעהלונגען: — שאַמפּאַר, סעגיור, דומא, מערימע, אַלע צוזאַמענגעמישט — האָבען איהם באַלעבט און פאַרוואונדערט; און פון צייט צו צייט האָט זיך פון א זייטעל דערפיהלט דער שטאַרקער און פאַר'שכור'ענדער גערוך פון די פאַרשיידענע רעוואָלוציעס.

ס'איז שוין געווען באַלד פאַרטאָג, ווען לואיזע, וועלכע איז געשלאָפען אין א צווייטען צימער, האָט זיך אויפגעכאַפּענדיג, דערזעהן א שטראַהל ליכט דורך די שפּאַלטען פון קריסטאָף'ס טיר. זי האָט אָנגעקלאַפּט אין וואַנט און איהם געפרעגט צי ער איז קראַנק. א שטול האָט א סקריפּע געטאָן אויפ'ן דיל, די טיר האָט זיך געעפענט און קריסטאָף האָט זיך באַוויזען, א בלאַסער, אין העמד, מיט א ליכט און א בוך אין דער האַנט, און געמאַכט מאָדנע, קאָמישע און איינדרוקספולע זשעסטען. לואיזע האָט זיך א דערשראָקענע אויפגעזעצט אויפ'ן בעט, קלערענדיג אַז ער איז משוגע. ער האָט אָנגעהויבען צו לאַכען, און וואַרפענדיג מיט דער ליכט, גענומען דעקלאַמירען א סקיצע פון מאָליער. אין מיטען פון א פערז האָט ער אויסגעשאָסען נאָך אין א גרעסערען געלעכטער און זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן פאָדלאָגע ביים בעט אָפּצוכאַפּען דעם אָטעם; דאָס ליכט האָט געציטערט אין זיין האַנט. לואיזע, א באַרוהיגטע, האָט זיך מיט א ליעבליכען קול אויף איהם צושריען:

— וואָס איז? וואָס איז מיט דיר? גיה שוין שלאָ־פען!.. נאַריש קינד מיינס, דו פאַרלירסט שוין אין גאַנצען דעם שכל!

אָבער ער האָט ווייטער דעקלאַמירט:

— הער דיך נאָר צו אָט צו דעם!

און זיך אָוועקזעצענדיג ביי איהר צוקאָפּענס, האָט ער גענומען איהר פאָרלעזען די סצענע, אָנפאַנגענדיג פון׳ם אָנ־הויב. ס׳האָט זיך איהם געדאַכט אז ער זעהט קאָרינע; ער האָט געהערט איהר שטיפערישע, איראָנישע, הילכיגע שטים.

לואיזע האָט געשריען.

— גיה שוין! גיה שוין! לייג דיך שלאָפען. דו וועסט זיך פאַרקיהלען. נודע מיך ניט! לאָז מיך שלאָ־פען!

ער האָט ניט געפאָלגט און ווייטער געלעזען. ער האָט אָנגעבלאָזען די שטים, געוואָרפען מיט די הענט, זיך גע־שטיקט פון געלעכטער; און געפרעגט זיין מאַמע׳ן, צו ס׳איז ניט אויסגעצייכענט. לואיזע האָט צו איהם אויסגעדרעהט דעם רוקען און, איינגעוויקעלט אין דער קאָלדרע, זיך פאַר־שטאָפּט די אויערן, זאָגענדיג:

— לאָז מיך צורוה!..

זי האָט אָבער אויך גאָר שטיל געלאַכט הערענדיג ווי ער לאַכט. צום סוף האָט זי אויפגעהערט צו פּראָטעסטירען. ווען קריסטאָף האָט פאַרענדיגט דעם אַקט, האָט ער זי גע־פרעגט צי די זאַך געפעהלט איהר. ער האָט קיין ענטפער ניט געקראָגען, און זיך איינבויגענדיג איבער איהר, האָט ער געזעהן אז זי שלאָפט. ער האָט א שמייכעל געטאָן, איהר שטיל און צערטליך געקושט די האָר, און איז אויף די שפּיץ פינגער אריין צו זיך אין צימער.

ער האָט גענומען נאָך ביכער פון די ריינהאַרט׳ס ביבליאָטעק; — פאַרשיידענע ביכער, אָהן קיין שום סדר. און אַלץ האָט ער איינגעשלונגען. ער האָט אַזוי געוואָלט ליעב האָבען קאָרינע׳ס און דער אומבאַקאַנטער מיידעל׳ס פאָטערלאַנד; ער האָט אין דעם געפיהלט אַזוי פיעל ענטוזיאַזם, אַז נאָר דאָס לעזען האָט איהם דערוויילן געקאָנט באַפרידיגען. אפילו אין דעם ערגערען מין ביכער האָט ער דאָ און דאָרט געפונען אַ וואָרט, אַן אויסדרוק, וואָס האָט אויף איהם געווירקט, ווי פרישע, פרייע לופט. ער האָט דאָס איבערטריבען, באַזונדערס ווען ער האָט דאַריבער גערעדט מיט פרוי ריינהאַרט, און זי האָט איהם דערצו צוגעהאָלפען כאָטש זי איז אומוויסענד געווען ווי אַ קינד, פלעגט זי זיך אַמוזירען פאַרגלייכענדיג די פראַנצויזישע מיט דער דייטשער קולטור, און ערנידעריגען די דייטשע קולטור, פשוט כדי אי צורייצען איהר מאַן און זיך נוקם צו זיין אַן דעם קליינעם שטעדטעל, וואו דאָס לעבען איז איהר אַזוי לאַנגווייליג געוואָרען.

ריינהאַרט פלעגט אין כעס ווערען. אַ חוץ זיינע קענטניסען אַלס פראָפעסאָר, האָט ער געלעבט מיט די אַלגעמיינע באַגריפען וואָס מ׳האָט איהם געלערנט אין דער שול. פאַר איהם זיינען די פראַנצויזען געווען אַ געשיקט אינטעליגענט פאָלק אינ׳ם פראַקטישען לעבען, פריינדליכע, ריידעוודיגע מענשען; דערפאַר אָבער לייכטזיניגע, צו עמפפלינדליכע, באַריהמערישע, וואָס קאָנען קיין זאַך ניט נעהמען ערנסט, האָבען ניט קיין טיעפע געפיהלען, קיין אויפריכטיגקייט —

א פֿאָלק וואָס האָט ניט קיין מוזיק, קיין פֿילאָזאָפֿיע, קיין פּאָעזיע (א חוץ „ד י פּ אָ ע ט י ש ע ק ו נ ס ט“, בעראנזשע און פֿראַנסאַא) — א פֿאָלק וואָס רעדט מיט פּאַטאָס, מיט איבערטריבענע זשעסטען און ווערטער און האָט ליעב פּאָרנאָגראַפֿיע. ער האָט ניט געפֿונען קיין גענוג שארפֿע ווערטער צו פֿאַרדאַמען די לאַטיינישע אויסגעלאַסענהייט, און דערפֿאַר פֿלעגט ער זיך שטענדיג אָנכאַפּען און דאָס וואָרט „פּריוואַליטעט“, לייכטזין, וואָס האָט אין זיין מויל, פּונקט ווי ביי דאָס רוב דייטשען, געהאַט א באַזונדערס באַליידיגענדע באַדייטונג. און מיט דעם פֿלעגט זיך נאָך ניט ענדיגען דער געוועהנליכער לויב־געזאַנג לכבוד דעם נאָבעלען דייטשען פֿאָלק — דעם מאָראַלישען פֿאָלק („מ י ט ד ע ם, ז אָ ג ט ה ע ר ד ע ר, א ו נ ט ע ר־ ש י י ד ע ט ז י ך ע ס פֿ ו ן א ל ע פֿ ע ל ק ע ר“,) — דעם ט ר י י ע ן פֿאָלק... (ט ר י י דאָס מיינט אַלצדינג: אויפריכטיג, איבערגעבען, לאָיאַל, גערעכט)—דאָס א מ ת׳ ע פֿ אָ ל ק, ווי פֿיכטע האָט געזאָגט — די דייטשע קראַפֿט, דער סימבאָל פֿון יעדער גערעכטיגקייט און וואַרהייט, — דער דייטשער אינטעלעקט — דאָס דייטשע ג ע מ י ט, — די דייטשע שפּראַך, די איינציגע אָריגינעלע שפּראַך, וואָס האָט זיך, ווי די ראַסע, אויפגעהאַלטען ריין — די דייטשע פֿרויען, דער דייטשער וויין, דער דייטשער געזאַנג... „ד י י ט ש ל אַ נ ד, ד י י ט ש ל אַ נ ד א י ב ע ר א ל ע ס א י ן ד ע ר ו ו ע ל ט!“

קריסטאָף פֿלעגט פּראָטעסטירען; פֿרוי ריינהארט — טומלען; און אַלע האָבען זיי געשטורמט, געשריען, און דאָך זיינען זיי גוט אויסגעקומען: אין תוך האָבען זיי אַלע דריי געוואוסט אז זיי זיינען עכט־גוטע דייטשען.

קריסטאָף פלעגט קומען פאַרברייטגען, עסען, און שפּאַ־צירען מיט זיינע נייע פריינד. ליִלי רייגהאַרט פלעגט איהם קאַרמענען מיט גוטע, געשמאַקע מאכלים; זי איז זיך מחיה געווען מיט דעם אויסרייד, אַז זי וויל אויך איהר אייגענעם מאַגען צופרידען שטעלען. איהר צערטליכקייט צו איהם האַט זי אויף פאַרשידענע אופנים ארויסגעוויזען. צו זיין געבורטס־טאָג, למשל, האָט זי פאַר איהם געמאַכט א גע־בעקס, א מין טאָרט, ארום וועלכען זי האָט אריינגעשטעקט צוואַנציג ליכטלאך און אין מיטען האָט זי אוועקגעשטעלט א פיגור פון צוקער, געקליידט אויפ׳ן גריכישען שטייגער וואָס האָט געדאַרפט פאַרשטעלען איפיגעניע מיט א בוקעט בלו־מען אין דער האַנט. קריסטאָף, וואָס איז טראָץ זיינע אַנ־זיכטען, געווען עכט דייטש, איז פון דעם טעמפּען און ניט זעהר ראַפינירטען סימבאָל פון אמת׳ער פריינדשאַפט, זעהר גערירהרט געוואָרען.

דאָס הארציגע פּאָרעל האָט אויך געפונען אַנדערע איי־דעלערע מיטלען, ווי ארויסצואווייזען זייער אויפריכטיגע פריינדשאַפט. פרוי רייגהאַרט האָט צוגערעדט איהר מאַן, וואָס האָט קוים געקאָנט לעזען די מוזיק־נאָטען, ער זאָל קוי־פען א צוואַנציג עקזעמפּלאַרען פון קריסטאָף׳ס ל י ע ד ע ר, — (די ערשטע וואָס מ׳האָט ארויסגענומען פון דעם פאַר־לעגער׳ס בוך־האַנדלונג) — און הער רייגהאַרט האָט זיי צו־שיקט איבער דייטשלאַנד צו זיינע פאַרשיידענע באַקאַנטע אין די אוניווערסיטעטען. ער האָט אויך געשיקט א צאָהל עקזאמפּלאַרען צו געוויסע בוך־הענדלער אין לייפּציג און אין בערלין, מיט וועלכע ער איז געווען אין פאַרבינדונג צוליעב זיינע קלאַס־ביכער. דערווייל האָט אָבער די שעהנע און ריהרענדע אונטערנעהמונג ניט געבראַכט קיין רעזולטאַטען.

די צושיקטע ליעדער זיינען ווי אַנטרונען געוואָרען; קיי־
נער האָט פון זיי ניט געהערט; און די ריינהאַרט'ס, וועלכע
האָבען פון דעם געליטען, האָבען הנאה געהאַט וואָס זיי האָ־
בען קריסטאָף'ן דערפון גאַרניט דערצעהלט, ווייל ער וואָלט
דערפון געהאַט מעהר יסורים ווי טרייסט. — אין אמת'ן
אָבער ווערט, ווי מ'זעהט עס אָפט אין לעבען, — קיין זאַך
ניט פאַרלאָרען; יעדער אַנשטרענגונג ווערט באַלוינט.
יאָהרען געהן אוועק און מ'הערט גאַרניט; אָבער א צייט
קומט, ווען מ'דערזעהט, אז די אידעע, דער געדאַנק האָט א
פאָרשריט געמאַכט. ווער האָט געקאַנט וויסען צו קריסטאָף'ס
ל י ע ד ע ר האָבען ניט דערגרייכט די הערצער פון א פּאָר
ריכטיגע מענשען, פאַרוואָרפענע ערגעץ אין דער פּראָווינץ,
וואָס זיינען געווען צו שעמעוודיג אָדער צו אויסגעמאַטערט
זיך אָפּצורופען און עס איהם צו זאָגען?

איינער האָט יאָ געשריבען. צוויי־דריי חדשים נאָך
דעם ווי ריינהאַרט האָט די ל י ע ד ע ר צושיקט, איז
קריסטאָף'ן אָנגעקומען א געפיהלפולער, פּאַראַדנער, ענטוזי־
אַסטישער אַלט־מאָדיש־סטילירטער בריעף. ער איז געקומען
פון א קליינער שטאָדט אין טורינגיען און איז געווען גע'־
חתמ'עט: „א ו נ י ו ו ע ר ס י ט ע ט ס ־ מ ו ז י ק ־ ד י ־
ר ע ק ט אָ ר, פּ ר אָ פ ע ס אָ ר ד ר. פּ ע ט ע ר ש ו ל ץ."

קריסטאָף האָט זיך שטאַרק דערפרייט, און די ריינ־
האַרט'ס נאָך מעהר, ווען ער האָט דעם בריעף, וואָס ער האָט
זינט צוויי טעג פאַרגעסען אין קעשענע, געעפענט ביי זיי
אין הויז. זיי האָבען געלייענט צוזאַמען. ריינהאַרט האָט
צוגעוואונקען צו זיין ווייב און קריסטאָף האָט דאָס ניט באַ־
מערקט. ער, קריסטאָף, האָט געשטראַהלט פון פרייד, נאָך

פּלוצלונג האָט רײנהאַרט דערזעהן אַז זײן פּנים װערט פאַר־כמורעט און ער שטעלט זיך אָפּ אין מיטען לעזען.

— נו, װאָס בלײבסטו שטעהן? האָט ער איהם גע־פרעגט. (זײ האָבען זיך שױן געדוצט.)

קריסטאָף האָט מיט כעס א װאַרף געטאָן דעם בריעף אױפ׳ן טיש.

— נײן; צום טײװעל! ס׳איז א אונזין! האָט ער געענטפערט.

— װאָס איז?

— לײען!

ער האָט זיך אָפּגעדרעהט פון טיש און איז אװעק אַז אנגעבלאָזענער אין א װינקעל פון חדר.

רײנהאַרט און זײן פרוי האָבען געלעזען, און גאָרניט געזעהן א חוץ די גרעסטע באַװאונדערונג װאָס דר. שולץ האָט צו קריסטאָף׳ן אױסגעדריקט.

— איך זעה ניט! האָט ער ערשטױנט אױסגערופען.

— דו זעהסט ניט? דו זעהסט ניט?.. האָט קריסטאָף געשריען, צוריק נעהמענדיג דעם בריעף און איהם אַרײנרו־קענדיג איהם אין די אױגען, — קאָנסט ניט לעזען? דו זעהסט ניט אַז ער איז אױך א „בראַהמס׳יאַנער“?

ערשט דאַמאָלט האָט רײנהאַרט באַמערקט אַז דער או־ניװערסיטעט־דירעקטאָר האָט אין אײן שורה פאַרגליכען קריסטאָף׳ס ליעדער צו בראַהמס׳עס. — קריסטאָף האָט גע־קלאָגט:

— א פרײנד! איך געפין קױם א פרײנד!.. און װי איך האָב איהם נאָר געװאונען פאַרליר איך איהם שױן!..

דער פאַרגלײך האָט איהם שטאַרק אױפגערעגט. װען מען װאָלט איהם געלאָזען װאָלט ער באַלד אױף דער שטעל,

געענטפערט א מיאוס באַליידיגענד בריוועל. און אפשר וואָלט ער זיך באַטראַכט און ארויסגעוויזען מעהר שכל און גוטסקייט דערמיט וואָס ער וואָלט גאָרניט געענטפערט! צום גליק האָבען איהם די רייגהאַרט'ס, וואָס האָבען זיך נישט־ קשה'דיג אמוזירט פון זיין אַנגעבלאָזענער שטימונג, — אָפּ־ געהאַלטען פון באַגעהן נאָך א נאַרישקייט. ס'האָט זיך זיי איינגעגעבען איהם איינצורײידען ער זאָל שרייבען א דאַנק־ בריוועל. דאָס בריוועל איז אָבער געווען געשריבען ווי גע־ גען זיין ווילען, קאַלט און אַנגעצויגען. קריסטאָף איז ניט געווען קיין פלייסיגער בריעף־שרייבער, און כאָטש ער האָט געלעזען צווישען די שורות אמת'ע אויפריכטיגקייט און סימפּאַטי פון דעם אומבאַקאַנטען פריינד, האָט ער די קאָרעס־ פּאָנדענץ מיט איהם ניט אָנגעהאַלטען. שולץ איז סוף־כל־ סוף אויך אנטשוויגען געוואָרען; און קריסטאָף האָט איהם ווי פאַרגעסען.

ער פלעגט איצט זעהן די ריינהאַרט'ס יעדען טאָג, און אָפט אַ פּאָר מאָל דורכ'ן טאָג. זיי פלעגען פאַרברייננגען אַלע זייערע אָבענטען צוזאַמען. דעם גאַנצען טאָג איז ער געווען אַליין, פאַרטיפט אין זיך אַליין, דערפאַר האָט ער אין אָבענט פּשוט געפיהלט אַ פיזישע באַדירפניש צו ריי־דען, צו דערצעהלען אַלץ וואָס איז דורך געפלויגען אין קאָפּ, אפילו ווען מ'זאָל איהם ניט פאַרשטעהן, צו לאַכען אָהן אַ פאַרוואָס, דער מיט פאַראויס זיך צו צעשטרייטען, — צו לעבען.

ער פלעגט פאַר זיי שפּיעלען. ניט האָבענדיג קיין אַנ־דער מיטעל ווי אַרויסצואווייזען זיין דאַנקבאַרקייט, פלעגט ער זיך אַוועקזעצען ביי דער פּיאַנאָ און אָפּשפּיעלען שטונ־דען־לאַנג. פרוי ריינהאַרט איז ניט געווען קיין מוזיקערין און פלעגט זיך קוים איינהאַלטען ניט צו גענעצען; זי האָט אָבער צו קריסטאָף'ן געהאַט סימפּאַטיע און זיך כלומר'שט אינטערעסירט מיט זיין שפּיעלען. ריינהאַרט איז אויך ניט געווען קיין פיעל גרעסערער מוזיקער ווי זיין פרוי; געוויסע שטיקער מוזיק, געוויסע זייטען, געוויסע אַקאָרדען פלעגען איהם ריהרען אויף אַן איינפאַך־גשמות'דיגען אופן, און דאַך פלעגט עס איהם אַזוי שטאַרק דורכנעהמען אַז טרערען פלע־גען זיך איהם שטעלען אין די אויגען. — די זאַך האָט איהם אָבער אויסגעזעהן זעהר נאַריש. ווייטער האָט ער גאָרניט געפיהלט: ס'איז פאַר איהם געווען ווי אַ גערויש. אין אַלגעמיין איז ער בלויז געריהרט געוואָרען פון דעם שוואַכס־

טען אין ווערק, — פון די אומבאַדייטענדסטע שטעלען.—זיי האָבען זיך ביידע איינגערעדט אַז זיי פאַרשטעהן קריסטאָף'ן, און קריסטאָף האָט זיך דאָס אויך געוואָלט איינריידען. צייטענווייז פלעגט זיך דוקא אין איהם אריינכאַפּען אַ בייזער געפיהל וואָס האָט איהם געטריבען פון זיי אַפּצולאַכען: ער פלעגט זיי אונטערשטעלען אַ פאַסטקע; שפּיעלען פאַר זיי זינלאָזע זאַכען, נאַרישע „פּאַ־פּורים", און זיי לאָזען גלויבען אַז דאָס זיינען זיינע. ערשט נאָכדעם ווי זיי פלעגען דאָס שטאַרק באַוואונדערען, פלעגט ער זיי זאָגען דעם אמת. דאַן האָבען זיי זיך אָנגעהויבען היטען און ווען קריסטאָף פלעגט נעהמען שפּיעלען עפּעס מיט אַ געהיימניספּולער מינע פלעגען זיי זיך קלערען אַז ער זוכט זיי נאָכאַמאָל צו כאַפּען, — און זיי פלעגען איהם קריטיקירען. קריסטאָף פלעגט זיי לאָזען ריידען, זיי צוהעלפען, איינשטימען אַז די מוזיק איז ווערטלאָז — און פּלוצלונג אויסשרייען:

— אַה! איהר האָט טאַקע רעכט! ס'איז מיין אייגענס!

ער האָט זיך געפיהלט גליקליך ווי אַ פּרינץ דערמיט וואָס ער האָט זיי ווידער אָפּגענאַרט. פרוי ריינהאַרט, אַ ביסעל אַן אויפגערעגטע פון שפּיעל, האָט איהם נעגעבען אַ לייכטען קלאַפּ; ער האָט אָבער אַזוי האַרציג געלאַכט, אַז זיי האָבען מיט איהם מיטגעלאַכט. זיי האָבען ניט פּרעטענדירט צו זיין פאַלקאָם; און אַזוי ווי זיי האָבען שוין ניט געוואוסט אויף וועלכען פוס צו שטעהן, האָט לילי באַשלאָסען אַלצדינג צו קריטיקירען און איהר מאַן — אַלצדינג צו לויבען: אויף דעם שטייגער זיינען זיי געווען זיכער אַז איינער פון זיי וועט שטענדיג איינשטימיג זיין מיט קריסטאָף'ן.

חוץ דעם האָט זיי קריסטאָף מעהר צוגעצויגען מיט זיין זעהר ליעבליכער, לעבעדיגער און קאַפּריזנער נאַטור ווי מיט זיין מוזיק. דאָס שלעכטע וואָס זיי האָבען געהערט אַז מ'זאָגט אויף איהם האָט זיי דערנעהענטערט: פּונקט ווי איהם האָט זיי די קליין־שטעטעלדיגע אַטמאָספּערע געדריקט; פּונקט ווי ער, זיינען זיי געווען אָפּענהערציג און געהאַט אַן אייגענע מיינונג וועגען אַלץ, און זיי האָבען אויף איהם געקוקט ווי אויף אַ גרויס, דערוואַקסען קינד, וואָס טויג זיך ניט שטאַרק אין לעבען און ליידעט פון זיין אָפּענהערציגקייט.

קריסטאָף האָט גוט פאַרשטאַנען זיינע נייע פריינד, און דער געדאַנק אַז זיי פאַרשטעהן איהם ניט, אַז זיי וועלען קיינ־מאָל ניט פאַרשטעהן דאָס טיעפסטע אין זיין נשמה, פלעגט ביי איהם ארויסרופען אַ טרויער. ער איז אָבער אַזוי אָפּ־געריסען געווען פון יעדער פריינדשאַפט און ער האָט אַזוי געבענקט נאָך דעם, אַז ער האָט צו זיי געפיהלט אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט דערפאַר וואָס זיי האָבען איהם אביסעל ליעב. די ערפאַהרונגען פון דעם פריהערדיגען יאָהר האָבען איהם אַנגעלערנט און איהם דערוויזען אַז ער האָט קיין רעכט ניט זיך איבערצונעהמען. מיט צוויי יאָהר צוריק וואָלט ער ניט געווען אַזוי געדולדיג: שמייכלענדיג און מיט פאַרדרוס פלעגט ער זיך דערמאָנען ווי שטרענג ער האָט זיך געהאַלטען צו די גוטע און לאַנגווייליגע איילערס. אך! ווי פאַרשטענ־דיג און געזעצט ער איז געוואָרען! — ער פלעגט דערפון אַ זיפץ טאָן. אַ פאַרבאָרגענע שטים האָט אין איהם געמור־מעלט:

— יאָ, אָבער אויף ווי לאַנג?

דאָס פלעגט ביי איהם ארויסרופען אַ שמייכעל און איהם אַ ביסעל טרייסטען. וואָס וואָלט ער ניט געגעבען

פאַר אַ פריינד, פאַר אַן איין־איינציגען מענשען וואָס זאָל איהם באמת פאַרשטעהן! — דאָך כאָטש ער איז נאָך גאַר יונג געווען, האָט ער שוין געהאַט געגוג לעבענס־ערפאַהרונג צו וויסען אַז זיין וואונש איז איינער פון די זעלטענסטע, פון די שווערסטע וואָס מ'קאָן אין לעבען דערגרייכען; אַז ער דאַרף ניט פאָדערען מעהר גליק ווי די מייסטע אמת'ע קינסטלער וואָס האָבען פאַר איהם געלעבט. ער האָט גע־וואוסט די לעבענס־געשיכטע פון איינינע פון זיי. פון גע־וויסע ביכער וואָס די ריינהאַרט'ס האָבען איהם אַנטליהען האָט ער זיך דערוואוסט די שרעקליכע ליידען וואָס די דייטשע מוזיקער פון זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען דורכגעלעבט און די רוהיגע פעסטקייט וואָס די דאָזיגע גרויסע נשמות — די גרעסטע פון זיי אַלע: דער העראָישער שוץ, — האָבען ארויסגעוויזען, געהענדיג אומגעשטערט אויף זייער וועג, אין מיטען פון די מלחמות, פון די ברענענדיגע שטעט, פון די מגפות וואָס האָבען אומעטום געבושעוועט, בעת דאָס פאַטערלאַנד איז באַפאַלען און געטראָטען געוואָרען אונטער די פיס פון די מחנות פון גאַנץ אייראָפּאַ, און איז געלעגען — און דאָס איז נאָך ערגער געווען ווי אַלץ — אַ צובראָכענע, אַן אויסגעמאַטערטע, אַן ערנידעריגטע פונ'ם אומגליק, ניט פּרואווענדיג אפילו צו קעמפען, גלייכגילטיג צו אַלץ און בענקענדיג נאָר נאָך רוה. „ווער האָט אַ רעכט — פלעגט ער זיך טראַכטען — זיך צו באַקלאָגען ווען מ'האָט פאַר זיך אַ נאָבעלען ביישפּיעל?" זיי האָבען ניט געהאַט קיין צוהערער, קיין צוקונפט, — האָבען זיי געשריבען פאַר זיך אַליין און פאַר גאָט. וואָס זיי האָבען איין טאָג געשרי־בען האָט דער צווייטער טאָג געקאָנט פאַרניכטען. פון דעסט־וועגען האָבען זיי געשריבען אָהן אויפהער און זיינען נאָך

אפילו ניט געווען אומעטיג: קיין זאַך האָט ניט דערשטיקט זייער גוטמוטיגקייט, זייער דרייסטקייט, זייער לוסטיגקייט. זיי זיינען געווען צופרידען מיט זייער געזאַנג און פונ׳ם לע־בען האָבען זיי נאָר פאַרלאַנגט די מעגליכקייט צו לעבען, צו פאַרדינען בלויז אויפ׳ן טעגליכען שטיקעל ברויט, אויסצו־דריקען זייערע געדאַנקען און געפיהלען, און צו געפינען צוויי־דריי וואוילע איינפאַכע מענשען, ניט קיין קינסטלער — וואָס האָבען זיי אודאי ניט פאַרשטאַנען, וואָס האָבען אָבער צו זיי געהאַט צוטרויען ווי צו קינסטלער און צו וועמען זיי אליין האָבען אויך געהאַט צוטרויען. — ווי אזוי וואָגט ער צו פאָדערען מעהר פון זיי? יעדער האָט א רעכט צו פאַרלאַנגען דעם מינימום פון גליק. קיינער דאַרף אָבער ניט פאַרלאַנגען מעהר: אליין דאַרף מען זיך שאַפען די פולע מאָס גליק, און דאָס ניט ערוואַרטען פון אנדערע."

די דאָזיגע געדאַנקען האָבען איהם בארוהיגט, און ער האָט נאָך מעהר ליעב געקראָגען זיינע גוטע פריינד, די ריינהאַרט׳ס. ס׳איז איהם גאַרניט איינגעפאַלען, אז פון זיי וועט מען איהם אויך אָפּרייסען.

ער האָט פאַרגעסען אַז דער בייזוויליגקייט פון דער באַפעלקערונג אין די קליינע שטעטלאך. זייער שנאה איז אַז עקשנות׳דיגע, אַ שטאַרק עקשנות׳דיגע, פּשוט דערפאַר ווייל זי האָט קיין ציעל ניט. אַז אמת־געזונטע שנאה וואָס ווייסט וואָס זי וויל בארוהיגט זיך, שטילט זיך, ווען זי קריגט וואָס זי האָט פאַרלאַנגט. אָבער מענשען וואָס האַסען אויס לאַנגווייליע, לייגען קיינמאָל ניט אוועק דאָס געוועהר, ווייל זיי לאַנגווייליען זיך שטענדיג.

קריסטאָף איז געווען פאַר זיי אַ פאַרטיגער קרבן — אַ מיטעל זיך צו פאַרווייליען. אמת, ער איז געווען אַ באַזיגטער; ער האָט אָבער געהאַט די העזה דאָס ניט ארויסצואַווייזען. אמת, ער האָט קיינעם ניט אינטערעסירט; ער האָט זיך אָבער אליין אויך מיט קיינעם ניט אינטערעסירט; ער האָט גאָרניט פאַרלאַנגט; און זיי האָבען זיך געפיהלט אהנמעכטיג געגען איהם. ער האָט זיך געפיהלט גליקליך מיט זיינע נייע פריינד און זיך ניט געקימערט וואָס מ׳זאָגט אָדער מ׳טראַכט פון איהם. דאָס האָט מען ניט געקאָנט פאַרליידען — און פון פרוי ריינהאַרט׳ס באַנעהמונג איז מען נאָך מעהר אויפגערעגט געוואָרען. איהר פריינדשאַפט צו קריסטאָף׳ן וואָס זי האָט פאַר אַלעמען ארויסגעוויזען, האָט אויסגעזעהן, פּונקט ווי איהר אַלגעמיינע שטעלונג, צו זיין אַ פיינדליכער ארויסטריט געגען דער עפענטליכער מיינונג פון שטעטעל. די גוטע לילי ריינהאַרט האָט ניט גע־

מיינט אַרויסצוטרעטען נעגען קיינעם, אָדער אַנצורייצען ווע־
מען עס איז. זי האָט פשוט געטאָן וואָס ס'איז איהר גע־
פעלען און ניט געפרעגט ביי קיינעם קיין עצות. דאָס איז
געווען די ערגסטע האַנדלונג — דער פיינדליכסטער אַרויס־
טרעט.

מ'האָט גענומען היטען זייערע טריט. זיי האָבען זיך
אויף דעם ניט אומגעקוקט. זיי זיינען ביידע געווען קאָפּ־
ריזנע, פאַרשייטע בריאות, און ניט אַרויסגעוויזען קיין ברעקל
פאַרזיכטיגקייט בעת זיי פלעגען אַרויסגעהן צוזאַמען אָדער
בעת זיי פלעגען אין אָבענט לאַכען און שמועסען, זיצענדיג
אָנגעשפּאַרט אויפ'ן באַלקאָן. גאַנץ נאַיוו זיינען זיי אין
זייערע באַנעהמונג צווישען זיך און אין זייער ריידען גע־
ווארען פאַמיליאַר און היימיש, און דאָס האָט געשאַפען אַ
נעניגענדען גרונט פאַר רכילות.

איינמאָל אין אַ פריהמאָרגען האָט קריסטאָף ערהאַלטען
אַן אַנאָנימען בריעף. מ'האָט איהם באַשולדיגט אויף אַ
נידעריגען, באַליידיגענדען אופן, אַז ער איז פרוי ריינהאַרט'ס
ליעבהאָבער. ער איז געבליבען אָהן לשון. ער האָט קיינ־
מאָל ניט געהאַט דעם מינדסטען געדאַנק פון ליעבע, אָדער
אפילו פון קאָקעטסטוואָ צו איהר. ער איז פאַר דעם געווען
צו עהרליך. ער האָט צו טריילאָזיגקייט געהאַט אַ פּוריטאַ־
נישע שנאה. אפילו דער געדאַנק דערפון האָט אין איהם
אַרויסגערופען אַ פיזישען און מאָראַלישען עקעל. צונעהמען
ביי אַ פריינד זיין פרוי איז פאַר איהם געווען אַ פאַרברעכען.
חוץ דעם איז לילי ריינהאַרט באין אופן ניט געווען די פרוי
וואָס זאָל איהם שטעלען צו אַזאַ נסיון: זי איז נעבעך ניט
געווען שעהן און ער וואָלט קיין אויסרייד ניט געהאַט —
אפילו דעם תירוץ פון ליידענשאַפט.

ער איז ווייטער געגאַנגען באַזוכען זיינע פריינד, א פאַרשעהמטער, ווי איין א פאַרלעגענהייט. זיי זיינען אויך געווען איין א פאַרלעגענהייט. יעדער פון זיי האָט ערהאַל־טען אַן עהנליכען בריעף. זיי האָבען זיך אָבער געשעהמט דאָס אויסצוזאָגען. זיי האָבען זיך אַלע דריי אויסגעהיט איינער פונ׳ם אַנדערען און זיך נאָכגעקוקט. זיי האָבען מורא געהאַט זיך א ריהר צו טאָן, א רעכט וואָרט אויסצו־ריידען, און האָבען סתם געפּלוידערט נאַרישקייטען. ליזי האָט זיך צייטענווייז מיט איהר זאַרגלאָזער נאַטור פאַרגע־סען אָן דער געשעהעניש און גענומען ריידען און לאַכען ווי אמאָל. פּלוצלונג פלעגט זי אָבער באַגעגענען איהר מאַנ׳ס אָדער קריסטאָף׳ס בליק און בלייבען ווי א פּאַראַליזירטע. זי האָט זיך דערמאָנט אָן די בריעף, איז צוטומעלט געוואָרען און געבליבען מיט א פאַרגליווערטען שמייכעל אויפ׳ן פּנים. קריסטאָף און ריינהארט זיינען אויך געבליבען ווי פאַרטומ־מעלט, — און יעדער האָט ביי זיך געטראַכט:

— די אַנדערע ווייסען מסתמא ניט!

פונדעסטוועגען האָבען זיי זיך גאָר ניט געזאָרגט, און געפּרואווט ווייטער לעבען און זיך צוזאַמענקומען ווי אמאָל.

אָבער די אַנאָנימע בריעף האָבען זיך ניט אָבגעשטעלט: וואָס אמאָל זיינען זיי געוואָרען שמוציגער און מעהר באַ־ליידיגענד. זיי האָבען געווירקט: א מורא׳דיג שאַנד־גע־פיהל און נערוועזקייט האָט זיי ארומגענומען. זיי פלעגען זיך באַהאַלטען ביים דערהאַלטען די בריעף; זיי האָבען ניט געהאַט דעם מוט זיי צו פאַרברענען ניט־געעפענטערהייט: זיי פלעגען זיי עפענען מיט ציטעריגע הענט; די הערצער פלעגען שטאַרק קלאַפּען ביים נעהמען דאָס בויגעלע פּאַפּיר אין דער האַנט אריין, און ווען זיי פלעגען לעזען דאָס פּאַר

וואָס זיי האָבען מורא געהאַט, — שטענדיג די זעלבע זאַך, נאָר מיט אַ נייער וואַריאַציע — פלעגען זיי שטיל וויינען. זיי האָבען זיך אָהן אויפהער געבראָכען דעם קאָפּ אויסצוגע־פינען ווער ס'קאָן זיין דער לומפּ וואָס פאַרפאָלגט זיי אַזוי אומב'רחמנות'דיג.

איין מאָל האָט פרוי ריינהאַרט, ניט קאָנענדיג מעהר אויסהאַלטען, זיך מודה־געווען פאַר איהר מאַן, אַז זי איז דער קרבן פון אַ געמיינער פאַרפאָלגונג; און ער האָט איהר מיט טרערען אין די אויגען, דאָס זעלבע מודה־געווען. זאָלען זיי דעריבער ריידען מיט קריסטאָף'ן? זיי האָבען ניט געוואָגט. און דאָך האָט מען איהם געדאַרפט צוּאוויסען געבען, כדי ער זאָל זיין פאַרזיכטיג. — נאָך די ערשטע עטליכע ווערטער וואָס פרוי ריינהאַרט האָט מיט אַ פלאַם־רויט געזיכט אַרויס־גערעדט, האָט זי מיט שרעק דערזעהן, אַז קריסטאָף האָט אויך ערהאַלטען בריעף. די שטאַרקע, אויסגערעכענטע בייז־ווילינקייט האָט זיי דערשראָקען. פרוי ריינהאַרט האָט שוין ניט געצווייפעלט אַז די גאַנצע שטאָט וויסט פון דעם סוד. אַנשטאָט צו העלפען איינער דעם אַנדערען, האָבען זיי זיך נאָך אָפּגעשוואַכט. זיי האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. קריסטאָף האָט געזאָגט אַז ער וועט געהן אימעצען שפּאַלטען דעם קאָפּ. — אָבער וועמען? חוץ דעם וועט דאָס נאָך פאַר־שטאַרקען די רכילות! לאָזען וויסען דער פּאָליציי וועגען די בריעף? וועט מען דערמיט פאַרעפענטליכען די זאַך... זיך מאַכען ניט וויסענדיג? ס'איז שוין פּשוט אומעגליך גע־וואָרען. זייערע פריינדליכע באַציהונגען זיינען געשטערט געוואָרען. ריינהאַרט האָט אפילו געהאַט אַ פאָלשטענדיגען צוטרויען צו זיין פרוי און צו קריסטאָף'ן; ער האָט ניט געצווייפעלט אין זייער עהרליכקייט און דאָך האָט ער געגען

זיין אייגענעם ווילען זיי חושד געווען. ער האָט געפיהלט אַז זיין חשד איז נאַריש און שענדליך; ער האָט זיך אַנגע־שטרענגט צו פאַרגעסען אַז דעם און צו לאָזען קריסטאָף'ן און זיין פרוי אַליין. ער האָט אָבער געליטען און זיין פרוי האָט עס געזעהן.

און מיט איהר איז געווען נאָך ערגער. פריהער איז איהר נאָר קיינמאָל ניט איינגעפאַלען צו „פלירטען" מיט קריסטאָף'ן — פונקט ווי איהם איז ניט איינגעפאַלען צו „פלירטען" מיט איהר. די פערליימדערישע בריעף האָבען אָבער אין איהר דערוועקט דעם נאַרישען געדאַנק אַז קריס־טאָף איז אפשר, נאָך אַלעמען, טאַקע פאַרליעבט אין איהר, און כאָטש ער האָט איהר ווייט ניט ארויסגעוויזען די מינד־סטע אַנדייטונג אויף דעם, האָט זי גערעכענט אַז זי מוז זיך היטען פון איהם, און געטאָן האָט זי עס ניט אויף אַ פשוט'ן גלייכען שטייגער נאָר מיט אומגעלומפּערטע, פאַרזיכטיגע אַנצוהערנישען, וועלכע קריסטאָף האָט צוערשט ניט פאַר־שטאַנען, און ווען ער האָט זיי שפּעטער שוין יאָ פאַרשטאַנען איז ער געוואָרען אויסער זיך. די זאַך איז אַזוי נאַריש גע־ווען אַז ס'איז אויסגעקומען צו לאַכען און צו וויינען! ער, קריסטאָף, פאַרליעבט אין דער גוטער, קליינבירגערליכער, אָבער מיאוסער און פּראָסטער פרוי!.. און זי קאָן דאָס גלויבען!.. און ער קאָן ניט אָפּלייקענען, קאָן ניט זאָגען איהר און איהר מאַן:

— געהט שוין, געהט! זייט רוהיג!.. ניטאָ קיין גע־פאַהר!..

אָבער ניין. ער האָט ניט געקאָנט אַזוי פאַרלעצען די וואוילע מענשען. דערצו האָט ער פאַרשטאַנען אַז דאָס וואָס זי היט זיך אָפּ ער זאָל זי ניט ליעבען, ווייזט עס אַז אַ פאַר־

באַרגענער ליעבע־געפיהל צו איהם הויבט אַן אין איהר צו ערוואַכען. די אַנאָנימע בריעף האָבען געהאַט דעם שעהנעם רעזולטאַט, אַז איהם זאָל איינפאַלען דער נארישער און ראָ־מאַנטישער געדאַנק.

די לאַגע איז דערווייל געוואָרען אַזאַ פיינליכע און נאַ־רישע, אַז ווייטער האָט עס אַזוי ניט געקאָנט געהן. דערצו האָט לילי ריינהארט — ניט קוקענדיג אויף איהרע קנאַקענ־דיגע פראַזען, — ארויסגעוויזען אַז זי האָט ניט קיין שטאַר־קען כאַראַקטער, אַז זי קאָן זיך ניט אַנטקעגען שטעלען דער פיינדליכקייט פון דעם שטעטעל — אַז זי פאַרלירט זיך. זיי האָבען אויסגעזוכט די מיאוסטע תרוצים כדי זיך ניט צו באַגעגענען:

— „פרוי ריינהאַרט איז ניט געזונט... ריינהאַרט איז באַשעפטיגט... זיי פאָהרען אַוועק אויף עטליכע טעג...“

אומגעלומפּערטע ליגענס וועלכע דער צופאַל האָט ווי מיט א באַזונדערער הנאה אויפגעדעקט.

קריסטאָף איז געוועזען אָפענהאַרציגער און זיי איין טאָג געזאָגט:

— פריינדע, לאָמיר זיך פאַנאַנדערגעהן! מיר זיינען ניט גענוג שטאַרק!

די ריינהאַרט׳ס האָבען געוויינט. — נאָכ׳ן אָבשיעד האָ־בען זיי זיך אָבער געפיהלט דערלייכטערט.

דאָס שטעטעל האָט געמעגט פייערען א נצחון. דעם מאָל איז קריסטאָף געבליבען באמת איינזאַם. דאָס שטעטעל האָט פון איהם אוועקגערויבט דעם לעצטען אָטעם־צוג:

— די הארציגע פריינדשאַפט, וואָס, ווי איינפאַך זי זאָל ניט זיין, קאָן אָהן איהר א מענש ניט לעבען.